# י. פרידלאנד




ארויסגעגעבן פון י. פרידלאַנד בוך קאמיטעט
פאַרלאַג: „חשבון"
לאָס אַנגעלעס, קאַליפאָרניע
ה'תשכ"ב — 1962

I. FRIEDLAND

# IN TEG FUN GERANGEL

## *(In Days of Struggle)*


4375 Sunset Drive
LOS ANGELES 27, CALIF.



### ביכער פון זעלבן מחבר:



שער־בלאַט געצייכנט פון
בצלאל מלחי

פּארטרעט געצייכנט פון
יעקב סינדעלמאַן

ATLAS TYPESETTING CO.
406 So. Main St., L. A.



Printed by
A. & G. PRESS, INC.

## פאַרוואָרט צו מיינע לייענער:

דער תוכן פון דער נאָוועלע „אין טעג פון גערשאַנגל" איז אין אַ גרויסער מאָס אַ המשך פון דער נאָוועלע „אין יענע טעג", פון מיין דריטן בוך „וואַנדערונגען און נסיונות." דער הויפּט־העלד אין יענער נאָוועלע, יואל: אַ יידישער רעוואָלוציאָנער, נאָכדעם ווי ער ווערט שפּורלאָז פאַרשוואונדן פון זיין היים־שטאָט, אין צאַרישן רוסלאַנד, צוליב דעם געיעג אויף אים פון דער פּאָליטישער „אָכראַנע", לאָזט ער זיך אַוועק וואַנדערן אויף די וועגן פון דער פרייער אייראָפּע.

אין די איין־און־צוואַנציק קאַפּיטלען פון דער איצטיקער נאָוועלע, „אין טעג פון גערשאַנגל," וועט איר זיך ווידער באַגעגענען מיט דעם שוין פון פריער צו אייך באַקאַנטן הויפּט־העלד, יואל. איר וועט מיט־וואַנדערן מיט אים, און אויך אַריינלעבן זיך אין זיין נייער צו אים וועלט; אייך וועט ווערן אייגן און נאָענט זיינע מחשבות, אידייען ראַנגלענישן און נסיונות, ביז — ער שווימט צו צו די ברעגן פון אַמעריקע.

ס'איז אַ שילדערונג פון אַ יידישן יונגענמאַן, וועמען מ'קאָן מיט רעכט באַצייכענען ווי אַ רעפּרעזענטאַציע פון דעם יידיש־באַוואוסטזיניקן יידן, וועלכער האָט זיך באַוועגט אין אַ תקופה פון שטורעמדיקע איבערלעבונ־גען; אין אַן איבערברוך פון דאָס אַלטע שטייגער לעבן, און אויף דעם שיידוועג פון אַ ניי לעבן און אָריענטאַציע.

די צווייטע אָפּטיילונג פון דעם בוך, „אונטער אַמעריקאַנער הימלען", ענטהאַלט אַ צאָל גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, געשילדערט אויף דער קאַנווע פונעם יידיש־אַמעריקאַנער לעבן, אין וויטן מערב, בעיקר אין קאַליפאָרניע.

מ ח ב ר

# אינהאַלט



ערשטע אָפּטיילונג:



צווייטע אָפּטיילונג:

## אונטער אַמעריקאַנער הימלען

(דערציילונגען)

# אין טעג פון געראַנגל

## קאַפּיטל איינס

נאָך דער דורכגעפאַלענער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אין דעם יאָר 1905, ווען די פינצטערע רעאַקציע האָט אויפסניי, נאָך מיט מער אכזריות אָנגעהויבן צו בושעווען, האָט יואל, דער העלד פון דער סיפּור המעשה, אָנגעהייבן שטאַרק צו פילן אויף זיך די פאַרפאָלגונגען פון די צאַרישע „אָכראַנע״ אַגענטן. זיי זיינען וואָס אַפטער, כמעט ווי געווען אויף זיינע פוס־טריט. ער האָט דעריבער נישט געזען פאַר זיך קיין שום אַנדער אויסוועג, ווי נאָר אַרויסרייסן זיך פון אָט־דעם פינצטערן רוסלאַנד און זיך אָפּגעזעגענען מיט זיין היים־שטאָט...

אין איינער פון אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט, נאָך אַ שטילן געזעגענען זיך מיט זיין ליבער מוטער, די אַלמנה, איז ער, מיט אַ קלימעקל אויף צדה לדרך, און מיט די לעצטע עטלעכע קערבלעך, וואָס די עלנטע מוטער זיינע האָט אים מיטגעגעבן, שפּורלאָז פאַרשוואונדן פון זיין היים, אויפן וועג צו „שוואַרצן״ די גרענעץ, כדי זיך צו דערשלאָגן צו אַ מקום מיקלט ערגעץ־וואו אין דער פרייער אייראָפּע.

נאָך אַ שווערן וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד; וואו געטאָגט ניט גענעכטיקט, האָט ער ענדלעך, דורך כלערליי וועגן און אומוועגן, דאָך דערשלעפּט זיך פריער צו דער גרויסער, פריילעך, גע־מיטלעכער, צו יענער צייט, מעטראָפּאָליע — ווין.

זיין ציל און גרויסער באַגער אָבער, איז געווען — פּאַריז...

אין פּאַריז האָט אים דערוואַרט זיין גוטער יוגנט־חבר מאַרק, וועל־כער האָט געלעבט דאָרטן און זיך שוין איינגעבירגערט במשך די לעצטע עטלעכע יאָר.

מאַרק איז מיט דער הילף פון אַ יידישן מעצענאַט געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז אין אַ מאָל־קונסט אַקאַדעמיע, כדי צו פאַרפאָלקאָמענען זיך אין דער מאָל־קונסט. במשך די עטלעכע יאָר האָט מאַרק זיך דאָ גע־לערנט און דערנאָך זייער פיל געאַרבעט איבער זיך און פאַר זיך, אַ דאַנק זיין גרויס עקשנות און איינגעבוירענעם טאַלאַנט צו מאָלן, האָט ער פאַרהעלטנמעסיק גאַנץ פיין דערגרייכט. מאַרק האָט שוין אויך באַוויזן

אפילו צו באַטייליקן זיך מיט זיינע אַרבעטן אין אַ פּראָמינענטער קונסט־אויסשטעלונג, וואו זיינע בילדער האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער קריטיק... הגם גאָר שטאַרק איז ער נאָך ניט געווען באַוואוסט, אָבער צווישן די קינסטלערישע קרייזן און צווישן זיינע קאָלעגן מאָלער איז ער געווען גוט באַקאַנט און, מ'האָט זיך שוין מיט אים גערעכנט און באַטראַכט אים ווי אַ צוזאָגנדיקער טאַלאַנטפולער קינסטלער.

מאַרק'ס אַמביציע איז געווען צו ווערן באַרימט, ווי די מערסטע אַמביציעזע יונגע קינסטלער; און ווי ס'האָט אויסגעזען איז ער כמעט ווי געווען אויף דעם גלאַררייכן וועג פון זיין דערגרייכונג. זיין שטאַרקער קינסטלערישער דראַנג און באַרוף האָט אים כסדר געהאַלטן געשפּאַנט און איז באַהויכט געווען מיט דעם הייסן פאַרלאַנג און וויזיע, אַז אַט־דער יוגנט חלום זיינער צו ווערן אַ באַרימטער מאָלער זאָל ווערן אַ רעאַליטעט.

ווען יואל איז אָנגעקומען אין פּאַריז און די צוויי יוגנט־חברים האָבן זיך באַגעגענט, האָבן זיי נאַטירלעך זייער האַרציק געפריית זיך איינער מיטן אַנדערן, ווי אמת גוטע חברים, אין קאַמף און נסיונות דורכגעלעבטע.

מאַרק האָט יואלן אַרויפגענומען צו זיך אין זיין אַטעליע אויבער־שטיבל, וואו ער האָט געהאַט דאָרטן אויך זיין שלאָף־צימער.

— וועסט לעת־עתה שטיין מיט מיר, יואל, ביז וואַנען דו וועסט זיך צו עפּעס דערשלאָגן, אָנהייבן פאַרדינען און זיך איינאָרדענען.

נאָכדעם ווי מאַרק האָט אים באַשטאַטן, האָט ער אים אַריינגעפירט אין זיין סטודיאָ, אים באַוויזן די כלערליי לייוונטן אויף די ווענט, אַ צאָל פאַרענדיקטע, אייניקע אָנגעהויבענע, פאָרטראַכטע סוזשעטן, בלויז מיט קויל אָנגעוואָרפן. זיי זיינען דערנאָך אַרונטער אין אַ דערבייאיקער קליינער קאַפע, ביי אַ טעפל קאַווע געשמועסט צווישן זיך פון דער היים, פון די לעצטע געשעענישן און יוגנטלעכע רעמיניסענצן פון דעם נאָענטן עבר...

פון די שמועסן וואָס יואל האָט געהאַט מיט זיין אינטימען חבר במשך די ערשטע עטלעכע טעג, האָט ער תיכף איינגעזען, אַז מאַרק האָט זיך געביטן, גאָר אַ סך געביטן. ער האָט פאַרשטאַנען פון זיינע רייד, אַז ער איז מער שוין ניט פאַראינטערעסירט אַזוי אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג, אין די קאַמפן, מיט וועלכע זיי האָבן ביידע אין דער היים זיך אַזוי פייערלעך איבערגעגעבן און הייליק געשוואוירן דעם קאַמף אָנצוהאַלטן ביז אַן ענטגילטיקער באַפרייאונג. איצט האָט

ער איינגעזען, אַז דאָ, אין דער קינסטלערישער סביבה, צווישן זיינע קאָלעגן מאלער, אונטער זייער השפּעה איז ער גאָר אַנדערש געוואָרן. ער האָט דאָ אָנגעהויבן דענקען און פילן אַנדערש בנוגע די אַלע זאַכן וואָס עס האָט זיי אין דער היים אַזוי ענג, אינטים, אידעאַליסטיש פאַר־בונדן. דאָ איז ער געוואָרן אַ כופר בעיקר אין דעם אידעאַל מיט וועלכן זיי האָבן זייער יוגנט פאַרבונדן. דאָ, הפּנים, האָט ער זיך ערשט געפונען און גייסטיק קינסטלעריש אויסגעלעבט זיך...

אין דער עמיגראַנטן קאָלאָניע, אָדער אויפן „פּלעצל", וואו די אָרעמשאַפט פון די איינוואַנדערער האָבן זיך דאָן אויפגעהאַלטן, פּלעגט מאַרק, די ערשטע צייט, ווען ער איז אָנגעקומען אַהערצו צו באַגעגענען זיך דאָרטן מיט אַלטע און נייע באַקאַנטע פון דער אימיגראַציע. אָבער די רייבונגען און רייסערייען צווישן די פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונ־גען האָבן אים אָנגעהויבן וואָס אַמאָל ווייניקער אינטערעסירן; ער האָט ניט געזען אין דעם מער קיין זין און תכלית און האָט אָנגעהייבן אפילו צוביסלעך פון זיי זיך צו דערווייטערן.

אין אָנהייב איז עס פאַר יואלן געווען אַ גרויסע איבערראַשונג. ער האָט זיך ניט געקענט משער זיין עס זאָל געווען פאַרקומען אַזאַ שינוי אין דעם מהות דענקען פון זיין נאָענטן חבר. און ער האָט אים נאָכדעם כמעט ווי פאַרגעוואָרפן:

— היתכן, מאַרק! ווי קומט עס צו דיר? ווי ווערט מען עס אַזאַ אָפּנייגלער אין דעם אידעאַל פון דער רעוואָלוציע אין וועלכן דו האָסט אַזוי הייליק געגלויבט, און אָפּטמאָל אפילו אויף מסירת־נפש געגאַנגען? כ'וואָלט עס אויף דיר קיינמאָל ניט געגלויבט, מאַרק!...

— ס'איז איצט אַן אַנדער צייט, יואל! די רעאַקציע פון דאָרטן, פון דער היים, האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אַהערצוצו. ווען דו וועסט זיך אַביסל מער באַקענען מיט די מענטשן, מיטן רעאַלן לעבן, מיטן היגן מצב און מיט די שטימונגען וואָס הערשט איצט בכלל צווישן די רעוואָ־לוציאָנערן אין דער עמיגראַציע, וועסטו אויך אָנהייבן אַנדערש דענקען...

דאָס איז געווען פאַרשטענדלעך און נאָענט צום אמת: מיט דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין 1905, איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געוויסע אָפּהענטיקייט, אַ מידקייט און אַ צוריקגעצויגנקייט. ביי די מערסטע רעוואָלוציאָנערן פון די פאַרשיידענע ריכטונגען איז מיט אַמאָל געקומען אַן אָפּנויג און אַן איבערברוך פון די פריער־קעמפנדיקע פּאָזיציעס און גלויבונגען. אָט־די דאָזיקע געדאַנקען און שטימונגען,

וואָס האָט איצט באַהערשט דער עמיגראַנטן־קאָלאָניע בכלל, האָט גאָר באַזונדערס אַרומגענומען מאַרקן און, ווי אַ באַרעכטיקונג פאַר זיינע איצ־טיטע געדאַנקען און אָפּנייגונגען בנוגע זיין פריערדיקן אידעאַל און גלויבן, איז עס די גורלדיקע סיבה וואָס די אַלגעמיינע הערשנדיקע רעאַקציע אין דער היים, האָט מער פון אַלץ גורם געווען, אַז אויך די אימיגראַנטן גרופּע אין פּאַריז זאָל באַהערשט ווערן פון אַזעלכע רעזיגנאַציע שטימונ־גען, און גאָר גיך אין מען אויך אַריבער פון איין עקסטרעם צום צווייטן.

פריער איז מען הינגעריסן געוואָרן פון הויכע לאָזונגען און דער־הויבן זיך צו גרויסע העלדישע מעשים ביז מסירת־נפש׳דיקייט. דער שיינער אידעאַליזם, אין וועלכן זיי זיינען געווען איינגעגלויבט, האָט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט אַן אַשיעור העלדן; אפילו פּשוטע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן קוים געהאַט אַן עלעמענטאַרן וויסן, האָבן מיט דער הילף פון אַן אידעאַליסטישער אינטעליגענץ, דערהויבן זיך אפילו צו ווערן רעדנער און פירער פון דער רעוואָלוציע. ביי אַ סך פון זיי איז די אידייע פון אַ וועלט־רעוואָלוציע געוואָרן אַ גלויבן, אַ רעליגיע און אַ הייליקייט. קיין זאַך איז ניט שווער געווען פאַר איר זיך צו אָפּערן.

מיט דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אַלץ מיטאַמאָל פענאָמענאַל געביטן. אַ מין גייסטיקע מעטאַמאָרפאָזע, אַן איבערקערעניש אין זייער מהות דענקען אינגאַנצן. אומעטום האָט זיך עס געלאָזט פילן: סיי אין רוסלאַנד און סיי מחוץ. די גרויסע מגפה פון פּראָוואָקאַציע האָט אויך ניט ווייניק בייגעטראָגן צו דער ירידה פון שטימונגען, דיסאָרגאַ־ניזאַציע און צעטומלטקייט אין די אייגענע רייען; אַ ניט־צוטרויען פון איינעם צום צווייטן; דיין נאָענטן חבר האָסטו אויפגעהערט מער צו גלויבן. ווי אַ פועל־יוצא פון דעם אַלעם האָט עס דערפירט צו דעם, אַז פון דעם גרויסן אידעאַליזם; ביי אייניקע אפילו ביז אַסקעטיזם; פון די גרויסע עטישע און מאָראַלישע באַגריפן, פון גיין אויף מסירת־נפש פאַר אַ צווייטן, פאַרן גאַנצן כלל, איז מען מיטאַמאָל אַרונטער צום נידריקסטן, צום שפל־דיקסטן עגאָ־צענטריזם. דאָס פּערזענלעכע, די ליבע צום אייגענעם איך, וועלכן מען האָט פריער אַזוי סטאָאיש אין זיך דערשטיקט, איז מיטאַמאָל ווי אויפגעריסן געוואָרן, און ווי אַ צו שטאַרק אָנגעצויגענע סטרונע — געפּלאַצט. אַלע מענטשלעכע שוואַכקייטן און נאַטירלעכע טבע׳ס, זיינען מיטאַמאָל ווי דעמאָנסטראַטיוו אַרויפגעשוואומען אויבנאויף. דאָס יחידי־שע, פּערזענלעך עגאָאיסטישע, איז געוואָרן אַ סך נאָענטער און ליבער ווי דאָס געפיל צום אַלגעמיינעם, צום כלל. עגאָצענטריזם האָט פאַרנומען

דאָס אָרט ביי זיי פון דעם פריערדיקן באַזונגעענעם אַלטרואיזם. דאָס וואָס איז געווען פריער אַזוי הייליק און פאַרהערלעכט, האָט מען אָנגעהויבן פאַרוואַרפן און ציניש אָפּלאַכן...

אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויפן וועג פון „גאָט־זוכעניש", נייע גלויבונגען. די מערסטע אָבער האָבן זיך דערקייקלט צו דער פאַרגעטערונג פון דאָס מאַטעריעלע, דאָס גשמיותדיקע אין לעבן. דער ביז־איצטיקער אויסגעהונגערטער רעוואָלוציאָנערער טיפּ, דער ניהיליסט און אַסקעט, וואָס האָט פריער, ווי אַ נזיר, ממש אויסגעמיטן די „פ ר ו י" האָט, אונטערן דרוק פון דער ניי־געשאַפענער רעאַקציאָנערער סיטואַציע און פּסיכאָז, אַ לאָז געטאָן זיך צו אַ צווייטן עקסטרעם: — דער אַזוי־גערופענער „סאַניניזם" איז מיטאַמאָל אַרויף אויף דער אַרענע. די פאַרהערלעכונג און גלאָריציפירונג פון דעם שיין־קערפּער, פון פרוי און מאַן; דער סעקסועלער פאַרגעניגן און באַפרידיקונג, וואָס צוויי פיזיש צוגעפּאַסטע געשלעכטער, קענען ברענגען איינער דעם צווייטן, איז געוואָרן דער עיקר־מאָטיוו און איינציקער שטרעבן אין לעבן. אַלע אַנדערע זאַכן און באַנעמונגען זיינען בלויז סימולירונגען, פאַרבלענדענישן פאַר דעם עיקר; אַלע אונדזערע תנועות, שיין־ריידעריי — איז בלויז אַן הקדמה אָדער אַ פּרוזדור צו די תענוגי העולם הזה;; צו דער גרויסער הערלעכער און סופּיקער דערגרייכונג, פון דעם אייביק מענטשלעכן באַרוף און דראַנג, פון מאַן און פרוי: צו דאָס גרויסע ערדישע ג ל י ק — ל י ב ע . . .

לכן, לאָז איבער, אָדם איינער, דעם „וועלט־שמאַרץ" הינטער זיך... „נאָך דיר מעג אַ מבול קומען"! . . .

נעם דעריבער אויף די גליקלעכע מאָמענטן און רגעים פון דיין לעבן מיט הימלישער עקזאַלטירטער פרייד! דיין אייגן פערזענלעך גליק איז מער ווערט ווי דער תכלית פון דער וועלט, וואָס דו ווילסט פאַרזאָרגן...

דאָס איז געווען דאָס געזאַנג פון די נייע לידער, וואָס האָבן זיך דאַן געלאָזט הערן. ד ע ר ׳ ב ע ר : . . .

ניט זוך קיין תכלית אינעם לעבן.
לעב שוין היינט — ניט לייג אָפּ אויף מאָרגן!
ווייס דען וואָס דער מאָרגן וועט דיר ברענגען?
אפשר ליידן, צרות, נויט און זאָרגן?
נעם אויף די רגע׳ס פון דיין לעבן,
ווען זיי קומען פריידיק דיר אַנטקעגן;

ווי טרוקן־ערד, דעם מאָרגן־טוי,
ווי נאַטור־יצירה אין איר רוי...
זיסע רגע'ס אינעם לעבן
זיינען בלויז געציילטע,
ווי ליבע אמתע, וואָס איז נאָר
באַשערט פאַר אויסדערוויילטע.
נעם אויף די רגע'ס פון דיין לעבן,
ווי פרילינגס בלומען דעם פרימאָרגן —
בעסער איין זיסע רגע היינט,
איידער צען צוגעזאָגטע מאָרגן...

דאָס איז געווען דער קווינט־עסענץ פון די געפילן און שטימונגען פון יענער צייט. דאָס איז געווען דער קאָדעקס אָדער גאָר דער אני־מאמין זייערער. אַט־די געדאַנקען, געפילן און שטימונגען האָבן זיך איבער־געטראָגן אַהערצוצו, אין פּאַריז, אין דער אימיגראַציע־קאָלאָניע.

ניט אַלע, נאַטירלעך, פון די איינגעוואַנדערטע האָט דער עגאָ־צענטריזם אַזוי באַוועלטיקט און באַהערשט צו אַזאַ עקסטרעם. ס'זיינען אויך געווען אַזעלכע, הגם אינדיווידואַליסטיש געניגט, האָבן זיי אָבער קודם כל אינזינען געהאַט אַ תכלית פאַר זיך אין דער צוקונפט, און גענומען זיך צום לערנען, אַ קאַריערע דערגרייכן. אַנדערע האָבן זיך משדך געווען מיט אַרבעטער־מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט און געהאָלפן אויסצושטודירן אויף דאָקטאר אָדער אַדוואָקאַט, און גענומען זיך אַריינפּאַסן צום נייעם לעבן, צו דער שפּראַך און קולטור פון לאַנד; און אַזוי גראַדועל האָבן זיי, וואָס אַמאָל מערער, גענומען אויסטאָן זיך לחלוטין פון דעם פריערדיקן דענקען, רעוואָלוציאָנערן ברען און אידעאַליזם...

ווען יואל איז אָנגעקומען אין פּאַריז צו זיין פריינט מאַרקן, און נאָכדעם זיך אויך געטראָפן מיט חברים פון זיין היים־שטאָט און פון אַנדערשוואו, האָט זיך אַט־די דאָזיקע שטימונג צווישן זיי זיך שטאַרק געלאָזט פילן. אין אָנהייב האָט ער זייער מאָדנע געפילט פון אַט־דעם פלוצלונגדיקן אומבייט. ער האָט זיך לכתחילה ניט געקענט אָריענטירן וועגן דעם גאַנצן מהות דענקען זייערן. ניט דאָס איז אים געווען צום האַרצן, און ניט ער האָט עס תחילת געקענט פאַרשטיין. ער האָט געפילט אַז זיין וועג און זייערע וועגן צוגייען זיך גאָר אינגאַנצן. לעת־עתה האָט נאָך געברענט אין אים דער פונק פון אידעאַליזם און דער שטאַרקער גלויבן אין קאַמף פאַר אַ וועלט פון יושר און סאָציאַליזם.

יואל האָט אויך באַמערקט, אַז זיין חבר, מאַרק, האָט זיך אויך ניט וויייניק געביטן אין דער פאָרם און אידייען פון זיין קונסט־שאַפונג. ער האָט כמעט ווי אינגאַנצן זיך באַפרייט פון די פריערדיקע איינפלוסן, פון דער קלאַסן־אידעאָלאָגיע. אין זיינע איצטיקע שאַפונגען האָט מען עס שטאַרק געגומען מערקן. ער האָט מער ניט אַרויסגעבראַכט אין זיינע סוזשעטן, סאָציאַלע מאָטיוון אָדער טענדענצן, ווי ער האָט עס אַזוי גערן געטאָן אין דער היים. איצט איז ער אינגאַנצן געווען אונטער דער השפעה פון דעם מאָדערניזם און סורעאַליזם פון זיינע קאָלעגן מאָלער, וועלכע האָבן ס׳רוב געשאַפן סתם „קונסט לשם קונסט"...

הגם יואל האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו מאָלן: דער ווילן צו דעם האָט זיך נאָך ביי אים אָנגעהויבן אַנטוויקלען ווען ער איז געווען דער לערן־ייִנגל און געהילף צום אַלטן מאָלער־קינסטלער, טימאָפיי קאָנסטאַנ־טינאָוויטש, אין זיין היים־שטאָט; דאָך, האָט ער עס ניט געמאַכט פאַר זיין באַרוף. ער האָט געפילט, קודם כל, אַז ער האָט נישט דעם גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט ווי זיין חבר מאַרק, און אויך האָט ער די מיטלען נישט געהאַט זיך צו לערנען. מער פון אַלץ האָט ער פאַרערלעכט די פשוטע אַרבעט, דעם האַרעפּאַשניק, און בכלל, וויייניק געטראַכט פון וועלכע ס׳איז קאַריערע. אים האָט שטאַרק אינטערעסירט צו לערנען און לייענען צוליב וויסן, כדי נאָכדעם זיך נוצלעך מאַכן די אָרעמע פאָלקס־מאַסן...

דאָ, אין דעם פרייען לאַנד, אין פראַנקרייך, אין אָט־דער גרויסער וועלט־מעטראָפּאָליע, פּאַריז, האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו געפינען דעם קוואַל פון וויסן, פון גרויסע קולטור־ווערטן, נאָך וועלכע ער האָט מיט בענקשאַפט געדורשט. פראַנקרייך, דער בראשית פון דער רעוואָלוציע; פּ אַ ר י ז, וואו די גרויסע גלאָררייכע קאָמונע איז אויפגעשטעלט גע־וואָרן און פאַר וועלכער בראַווע מוטיקע קעמפער האָבן זייער לעבן אַוועקגעגעבן; אָט דאָס לאַנד פון וואָלטעיר, רוסאָ, זשאָרעס און אַנאַטאָל פראַנס, האָט צו אים זייער שטאַרק אימפּאָנירט. פראַנקרייך האָט דאָך די ערשטע פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פונעם מענטשן אויף זיין פרייהייט, און האָט אויך צום ערשטן מאָל אין דער וועלט געוואָרפן דעם לאָזונג: „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט." אָט־דעם לאָזונג האָט זי, פראַנק־רייך, אַפילו פאַראייביקט מיט דעם, וואָס זי האָט געלאָזט אים אויסקריצן אויף אַלע אירע אינסטיטוציעס און לאַנד בנינים.

צו יואלן האָט עס אפילו אויסגעזען אַביסל פּאַראַדאָקסאַל, וואָס

דער זעלביקער לאָזונג: „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט" איז אויך בולט אויפגעקריצט אויף די קאַזעמאַטן און תפיסות... אַט־דער פּאַראַ־דאָקס האָט ביי אים אפילו אַרויסגערופן אַ שמייכל . . . ת פ י ס ו ת און פ ר יי ה יי ט ? ! דאָס איז אָבער געווען אין דער שטורעם און דראַנג עפּאָכע פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג.

אַט־די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, האָט ער געלייענט, האָט דאַן מיט איר פייער און ליידנשאַפט פאַרכאַפּט אַלע פעלקער אין אייראָפּע. די רעוואָלוציאָנערן, מיט זייערע פייערדיקע לאָזונגען, האָבן זיך דאַן געווענדעט צו דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן געוואָלט אַז אַלע אונטער־דריקטע פעלקער זאָלן זיי נאָכטאָן; האָבן זיי אַרויסגעשיקט אַ גרויסע מחנה טייבעלעך, צו וועלכע עס זיינען געווען צוגעבונדן בריוועלעך מיט אַן אויפרוף צו די פעלקער:

„ברידער! מיר זיינען פריי, ווערט אויך איר פריי, ווי מיר!"

אַט־די פרייהייט לאָזונגען און די פּראָקלאַמירונג פון מענטשן־רעכט און פרייהייט, האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף אַ צאָל יידן צו יענער צייט, אַז זיי האָבן אָפּן דערקלערט פאַר דער וועלט:

„פראַנקרייך האָט די ערשטע אַראָפּגענומען די שאַנדע פון י ה ו ד ה און איז געוואָרן א ו נ ד ז ע ר י ש ר א ל."..

יואל האָט געלייענט אָט די געשיכטלעכע עפּיזאָדן מיט גרויס פאַרכאַפּונג און באַוואונדערונג.

ער האָט אויך געזען אַז די פראַנצויזן האָבן ליב זייער לאַנד און האָבן אַ גוואַלדיקע ליבע פאַר זייער פרייהייט. פאַר זיי, פאַר די פראַנ־צויזן, האָט העגריך היינע ערגעץ געזאָגט: „איז די פרייהייט ניט קיין ווייב, ווי ביי די ענגלענדער, נאָר אַ ראָמאַנטישע געליבטע, פאַר וועלכער זיי האָבן ריטערלעך געקעמפט און אַ סך בלוט פאַרגאָסן"...

יאָ, אָט־דאָס נייע לאַנד האָט אים זייער שטאַרק פאַרכאַפּט. ער האָט אָנגעהויבן פילן ממש, אַז ער אָטעמט דאָ פרייער, קיינער פאַרפאָלגט אים ניט און שפּיאָנירט ניט נאָך אים; ער גייט וואו ער וויל, לייענט וואָס ער וויל. דאָס איז פרייהייט ממש אין אַקציע!... ער האָט זיך אַריינ־געוואָרפן מיט זיין גאַנצן ווילן און חשק צו לייענען די ביכער פון סאָצי־אַלן און ליטעראַרישן ווערט, צו וועלכע ער האָט אין זיין היים־שטאָט קיין צוטריט ניט געהאַט. אַזוי האָט ער געלייענט פּרודאָן און קראָפּאָט־קין, מאַרקס און ענגעלס, זשאַן זשאָרעס און אַנאַטאָל פראַנס, וויקטאָר אוגאָ און זאָלאָ, מאַקס נאָרדאַו און שטירנער. ער האָט זיך צוגעכאַפּט

צו די ווערק, ווי אַ דורשטיק וואַנדערער אין מדבר צו אַ פליסנדיקן קוואַל וואַסער. זיין אַלטע רגילות צום לייענען האָט זיך דאָ נאָך מער ביי אים אויסגעברייטערט. ער איז געוואָרן, ווי מען רופט אַזעלכן דאָ: „אַ בוך־וואָרעם". און ווייל ער איז בטבע, אין זיין מהות דענקען, ניט געווען איינזייטיק אָדער דאָגמאַטיש, האָט ער געלייענט מיט אַן אָפענעם מוח, אַלץ פון פאַרשיידנעע קוואַלן און מקורות. ער האָט אַבסאָרבירט אין זיך די אידייען און געדאַנקען פון די גרויסע גייסטער און וואָרט־מייסטער, און זיך נאָכדעם פרייער אָריענטירט אין אַ סך פראַגן און פּראָבלעמען וואָס זיינען אים אַנטקעגן געקומען. גאַנץ אַנדערש ווי אַ סך פון זיינע חברים אָדער סתם פּאַרטיי אַנגעהעריקע, וואָס האָבן געלייענט בלויז פון איין סידור און געגלויבט אין איין באַשטימטן און איינאיינציקן שולחן־ערוך...

אָפט מאָל פלעגט אים זיין חבר מאַרק מיטנעמען צווישן דער קינסט־לער באַהעמיע. ער האָט געוואָלט באַקענען אים אַביסל מיט דעם לעבן און אויפפירונג פון זיינע קאָלעגן מאָלער. מערסטנס פלעגן זיי זיך טרעפן אין דער קליינער קאַפע־הויז „קלאָזערי". דאָרטן פלעגן זיי שמועסן צווישן זיך וועגן די פאַרגאַנגענע טעג פון דער אַלטער היים. רעמיניסענצן פון זייערע שטורעמדיקע איבערלעבונגען, סיי אויף דער פריי און סיי וועגן יענער צייט ווען זיי זיינען צוזאַמען איינגעשפּאַרט געווען אין תפיסה. מאַרק, זייענדיק דאָ אַ לענגערע צייט אין לאַנד, האָט זייער פיל אָפּגעשאַצט די פרייהייט וואָס דער מענטש, דער יחיד האָט זיך דאָ דערוואָרבן. דער חילוק פון פרייהייט און קנעכטשאַפט — האָט מאַרק יואלן איינמאָל דערקלערט — דערפילט מען ערשט דאַן, ווען מען געניסט פון דער פרייהייט בפועל ממש. ווען איינער אָטעמט מיט איר, און ער ווייסט אַז ער האָט ניט מער איבער זיך קיין דרויסנדיקע ווילקירלעכע מאַכט, וואָס דריקט און דערשטיקט יעדן פונק פון פרייהייט. מיר, עמיג־ראַנטן, וואָס קומען פון אַן אונטערדריקט שקלאַפן־לאַנד, קענען די פרייהייט מער אָפּשאַצן ווי די הי־געבוירענע. זיי, די היגע, נעמען אויף זייער פרייהייט ווי אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך, ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג . . .

— אין אַנהייב האָט עס געמאַכט אויף מיר אַ מערקווירדיקן איינ־דרוק — האָט מאַרק ממשיך געווען — דער אָרעמאַן ווי דער רייכער, דער אינטעלעקטואַל ווי דער פּשוטער אַרבעטער, איז שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, און אַלע לייענען! ווען

איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען ווי אַ פשוטער בעל־עגלה זיצט גע־מיטלעך אויף דער קעלניע פון זיין וואָגן און לייענט אַ בלאַט־צייטונג. איז עס פאַר מיר געווען אין אַנהייב אַ וואונדערלעכע פריידיקע דער־שיינונג! איך האָב דעם סוביעקט תיכף אַראָפּגעכאַפּט מיט קויל אויף פאַפּיר, און נאָכדעם אָפּגעמאָלן אים אויף אַ לייוונט. כ׳האָב דאָס בילד באַטיטלט: „וואָרט און פרייהייט״. דאָס בילד האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די קאָלעגן מאַלער פון דער עמיגראַנטישער גרופּע. זיי האָבן אויך אין דעם בילד דערפילט, ווי איך, דעם אָטעם פון „פרייהייט פון וואָרט.״ אָבער כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס ניט אַזוי האָבן עס געפילט מיינע פראַנצויזישע קאָלעגן. זיי האָבן ניט געזעהן וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם עצם מאָלן, פאַרב אָדער פּערספּעקטיוו: — אַ גאַנץ נאַטוראַליסטיש בילד — האָבן זיי, ווי געוויינלעך, צוגעגעבן; אָבער די אידייע וואָס איך האָבן געזען אין דעם בילד, אָדער געוואָלט זען, האָבן זיי אפשר ניט געקענט זען. און ווייסטו וואָרום, יואל? מחמת „פרייהייט פון וואָרט״ און בכלל פרייהייטלעך לעבן, איז פאַר זיי, ווי שוין געזאָגט, געוואָרן גאַנץ נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך...

וואָרום ווי אַנדערש ? ! . . .

מאַרק האָט יואלן אויך דערציילט וועגן דעם לעבן פון די אָרעמע קינסטלער; די גרויסע אָרעמקייט זייערע, די קאַמפּן וואָס זיי דאַרפן פירן פאַר זייער מאָגערער עקזיסטענץ; די שטאַרקע ליבעס און אַוואַנטו־רעס, וואָס אייניקע פון זיי זיינען פאַרוויקלט. אָפּגעזען פון דעם וואָס אַ צאָל פון זיי זיינען גרויסע טאַלאַנטן, לעבן זיי אונטער די שווערסטע באַדינגונגען. ניט זעלטן הונגערן זיי אפילו אונטער. דאַקעגן, זיינען אָבער אויך פאַראַן אַזעלכע מיט אַ מינימום טאַלאַנט, און זיי זיינען דווקא מאַטעריעל אין גאַרניט קיין שלעכטן מצב. און ווייסטו וואָרום, יואל? מחמת וואָס וויניקער קינסטלער איינער איז, אַלץ מער אַגרעסיווער איז ער. און דאָס וואָס די איצטיקע אָרדענונג, הפּנים, פאָדערט. דער אַזוי־גערופענער מאַלער שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך: ניט פאַר עטיק, ניט פאַר מאָראַל. ס׳רוב „פּעדלט״ אַזעלכער אַליין מיט זיינע קונסט־ווערק. יאָ, קענסט דאָ אין פּאַריז טרעפן אַזעלכן אויף די ראָגן און בולוואַרן, נעבן די קיאָסקן פון צייטונגען, אָדער אין אַ נישע פון אַן עפנטלעכער געביידע, אויסגעשפּרייט מיט זיינע בילדער; קענסט אים זען דאָרטן אַנגעטאָן אין זיין גאַנצער אַרטיסטישער רעגאַליע, ביי זיך איזל, מיט פּינזל און פּאַליטרע אין האַנט. און די בילדער זיינע זעען טאַקע אויס

שרייענדיק, פריש, ווי נאָר וואָס אָפּגעבאַקן... דער דורכשניט פאַרבייגייער אין גאַס ווייסט זייער ווייניק דעם חילוק פון אַן אמת קונסט ווערק. איז אויב דעם אַזוי־גערופענעם מאלער פעלט די סענסיוויטעט און עניוועתדיקייט פון דעם עכטן קינסטלער, און ער כאַפּט אויף די קונץ פונעם געמאַרק, און האָט נאָך אַ פּאָר געזונטע, שאַרפע עלענבויגנס דערצו, איז אַזעלכער דערשלאָגט זיך שוין ערגעץ! ער איז שוין מיט חיונה פאַרזאָרגט...

* * *

אַ יונגערמאַן, שיק און עלעגאַנט אָנגעטאָן, איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס טישל אין קאַפע, וואו מאַרק און יואל זיינען געזעסן און האָבן געמיטלעך געשמועסט צווישן זיך. דער עלעגאַנטער יונגערמאַן האָט זיך פריינטלעך באַגריסט מיט מאַרקן.

— זעסט אָט־דעם פראַנטישן קאַוואַליער, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געגריסט צו מיר? — האָט מאַרק שטיל באַמערקט צו יואלן — אין פּאַריז איז ער בלויז עטלעכע יאָר, און אין דער מערסטער צייט פון זיין זיין דאָ איז ער געווען זייער אָפּגעלאָזן און אָרעם, ווי די מערסטע אָרעמע קינסטלער פון דעם „קוואַרטאַל". זייער אָפט פלעגט ער כאַפּן אַ פּאָר פראַנק דאָ און דאָרטן און זעלטן געהאַט מיט וואָס אַדורכצוקומען. אָבער פּלוצלינג, צו אונדזער אַלעמענס איבערראַשונג, האָבן מיר דערזען אַן אים, און אָרום אים, אַ גרויסן שינוי: ער איז שענער און לייטישער באַקליידעט, און איז אויך געוואָרן לויז און פריי מיטן פראַנק; העלפט אַרויס מיט אַ מאָלצייט אַ נויטבאַדערפטיקן קאָלעגע און, וואָס נאָך מער, ער האָט מיטאַמאָל אויך דערעפנט אַ גאַר שיינע, רייך אויסגעשטאַטעטע סטודיאָ און קונסט גאַלעריע, צווישן די שענסטע, אַריסטאָקראַטישע און פעשיאָנאַבעלסטע קוואַרטאַלן.

ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען ער האָט זיך צו דעם דערשלאָגן, איז צו די מערסטע פון אונדז תחילת געווען אַ רעטעניש. עס פאַרשטייט זיך, אַז די רעדער פון רכילות האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק דרייען; כלערליי ווילדע השערות און היפּאָטעזעס האָט מען דאַן אַרויסגעזאָגט. ער איז געוואָרן דער געשפּרעך פון די קאָלעגן־מאלער. אין קאַפע, אין „פערטל", אין גאַס, וואו נאָר מ'האָט זיך באַגעגנט, האָט מען וועגן אים גערעדט. מחמת מ'האָט ממש געזען אַז די שפע האָט זיך ביי אים גאַנץ סאָליד איינגעפעסטיקט. האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, ניט ווייניק מקנא געווען. די מערסטע האָבן גערעדט וועגן אים מיט קנאה, ניט פאַר־

גינעריש. מיר האָבן פּאַר אַ צייט לאַנג ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי ס'איז צו אים געקומען אָט־די מעטאַמאָרפאָזע! אַלע האָבן געוואוסט אַז ווי אַגרעסיוו ער איז געווען, האָט ער דאָך פון זיינע מאַלערייען, וועלכע זיינען שוואַך און שאַבלאָן געמאָלן, ניט געקענט מיטאַמאָל נתעשר ווערן. קיין רייכע ירושה האָט ער ניט געקראָגן און קיין אוצר האָט ער אויך ניט געפונען. אַזעלכע נסים טרעפן מער ניט... האָט מען זיך ענדלעך דער־שלאָגן צו דער איינציקער און טרעפלעכער אַנטדעקונג... „שערשע לאַ פאַם״— ווי דער פראַנצויז זאָגט: אַ פ ר ו י ! אַ פרוי אין דעם עסק...

— איינע אַ רייכע דאַמע, מאַדאַם ט י אַ , האָט מען איר גערופן. זי פלעגט פון צייט צו צייט אַריינפאַלן אין אָט־דער קאַפע „קלאָזערי״ און כסדר מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ קונסט מבינטע און פּאַטראָנעסע. מען פלעגט איר אויך אָפט זען ביי די כלערליי בילדער אויסשטעלונגען, וואָס פאַריז האָט פון זיי גאָר אָן אַ שיעור. ניט נאָר פלעגט זי אַרויסווייזן איר אָפענע מבינות אויף קונסט, נייערט האָט אויך איינמאָל אפילו געגעבן אַ פריז פאַר אַ וואַן גאָג'ס אַ שלעכטע נאָכהאַמונג. אַ צאָל יונגע קינסטלער פלעגן אַרום איר אַרומהענגען; אפשר וועלן זיי אויך אַמאָל עולה־יפה זיין ביי איר מיט זייער אַרבעט און וועלן אפשר, דורך איר איינפלוס, אויפ־געריכט ווערן...

איז אָט־די מאַדאַם ט י אַ , די פּרעטעדאַנטין אויף מאָל־קונסט, האָט אַפּנים געוואָרפן אַ ליבלעך אויג אויף אָט־דעם דאָן אָרעמען, אָבער יונגן שיינעם מאָלער ז ש אַ ק , אַזוי רופן מיר אים און, זי האָט אים אָנגעהייבן צוביסלעך מקרב זיין, דערנעענטערן צו זיך. צוערשט האָט זי געשפּילט די ראָלע פאַר אים ווי אַ מעצענאַטקע. זי האָט אים צוביסלעך אָנגעהייבן אַרויסהעלפן מאַטעריעל. איינמאָל האָט זי אַליין ביי אים אָפּגעקויפט אַ פּאָר בילדלעך, נאָכדעם האָט זי אונטערגעשיקט אירע אַ פריינדין צו קויפן ביי אים אַ פּאָר בילדער. זי האָט גוט געוואוסט זיין כאַראַקטער־שוואַכקייט, אַז מיט דער פאַרזיכערונג פאַר אים פון אַ זאַט לעבן וועט זי אים אָפּקויפן פאַר זיך אינגאַנצן. און ס'איז איר געלונגען מיט ניט צופיל אָנשטרענגונג . . .

זשאַק האָט אָנגעהויבן שטייגן מאַטעריעל זייער גרויס. דורך גוט־באַצאָלטע רעקלאַמעס, מיט אַ סך פּאָמפּ און אָנשטעל, האָט ער אָנגעהייבן ציען צו זיך דעם אויפמערק פון קונסט קונים, און מיט אַ סך באַזוכער אין זיין שיין קינסטלעריש אויסגעשטאַטעטע סטודיאָ און גאַלעריע.

איז ווי דו זעסט, יואל, האָט אים דאָס „גליק״ געטראָפן, ניט פאַר

זיין גרויסן טאַלאַנט און ניט פאַר זיין קונסט, נאָר אַ דאַנק גאָר אַ מאַדאַם ט י אַ, וועלכע האָט אים באַגליקט מערער פאַר זיין שייך פנים, פאַר זיין עלעגאַנץ און רייץ, וואָס האָט צו איר אַ סך מער אימפּאָנירט ווי די קונסט זיינע . . .

אַ צאָל פון די אַזוי־גערופענע קינסטלער האָבן דער מאַדאַם טיאַ ניט ווייניק געלויבט און איר באַוואונדערט פאַר איר „גרויסע" מעצענאַטן דינסט, וואָס זי ווייזט אַרויס אַזויפיל פאַר די אָרעמע יונגע קינסטלער. אַנדערע האָבן אפילו אַרויסגעוויזן איר אָפענע חניפה, אַז זי איז אַ גרויסע מבינטע, אַ קונסט קענעריך, וואָס זי אַנטדעקט און געפינט אויס די יונגע טאַלאַנטן... נאָר דווקא זשאַק, דער יונגער, שיינער, שוואַרץ־אויגיקער זשאַק — צו זיין שבח זאָל געזאָגט ווערן — איז אין זיך ניט געניאַרט. ער האָט ניט געקראַגן קיין געשוואָלענעם קאָפּ פון דעם גרויסן דערפאָלג זיינעם. ער האָט געוואוסט אַז ס'איז פוסטע חניפה און צביעות פון זייער זייט. זי האָט גראַדע אויסגעקליבן אים אַלס אירן אַ קרבן; ס'האָט געקענט צומאָל זיין אויך אַן אַנדערער, ניט ער, מיט מער אָדער ווייניקער טאַלאַנט.

— איינמאָל האָט ער פאַר זיינע אינטימע קאָלעגן, אונטער אַ גלעזל „בורגונדי", זיך ניט געשעמט אפילו צו דערציילן וועגן זיין מצב, און ווי ער פילט בנוגע דעם גאַנצן ענין. ס'איז געווען זייער פּאַטעטיש ווי ער האָט געעפנט פאַר אונדז זיין שווער ביטער האַרץ. ווייסט דאָך: „וואָס ביי אַ ניכטערן אויפן לונג איז ביי אַ שיכורן אויפן צונג" און ער האָט מיט עצבות און פּיין פאַר אונדז דערציילט:

— יאָ, קאָלעגן האַרציקע — האָט ער כמעט וויינענדיק אָנגעהויבן — כ'זע אַז איר זיינט מיר מקנא: כ'האָב זיך דערקלעטערט צו דעם שפּיץ לייטער פון דערפאָלג! דאָס וואָס יעדער פון אונדז האָט געוואָלט און וויל אַזוי שטאַרק. „באַנסענס", ליבע קאָלעגן! בישטאָ וואָס מיך מקנא צו זיין! ווייסט איר כאָטש וואָס פאַר אַ פּרייז איך האָב באַצאָלט פאַר דעם?... יאָ, יאָ, די מאַדאַם ט י אַ, וועמען איר באַוואונדערט, מיט ניט ווייניק צביעות, האָט מיך אָפּגעקויפט אינגאַנצן! זי האָט מיך צו זיך פאַראייגנט פאַר דעם פּרייז פון אַ זאַט און באַקוועם לעבן... וואָלט ווער פון אייך אַזאַ קרבן געוואָלט געבן?...

— אַזוי האָט זשאַק, מיט אַ טרויעריקע לאַמענטאַציע, אונטערן רויש פון אַן איבעריקן טרונק, מיט פאַרדרוס און כמעט חרטה, פאַר אונדז אויפגעקלערט דעם סוד פון זיין איצטיקער עליה און שפע, און צו דער זעלביקער צייט — זיין גייסטיקע ירידה...

אויף יואלן האָט דער דערציילער עפּיזאָד פון דעם קינסטלער־לעבן אין פּאַריז, געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. זייענדיק אַ נאַאיווער פּראָווינצ־לער און האָבנדיק אין זיך דעם אויפריכטיקן און ערלעכן אידעאַליזם, האָט ער ניט געקענט משיג זיין אַזאַ זאַך!

— ניין, מאַרק, ס'איז ניט צום פאַרשטיין! אַ יונגער קינסטלער זאָל זיך פאַרקויפן צו אַן עלטערער פרוי, צוליב אַ זאַטן מאַלצייט, פוסטן גלאַנץ און וואַרעמע באַקוועמלעכקייטן? דאָס איז דאָך, ווי מ'רופט עס דאָ, ניט אַנדערש ווי אַ „זשיגעלאָ״!...

ס'איז דאָך ממש אַ דערנידערונג, אַ באַליידיקונג, און אַ גרויסע ירידה פון מענטשלעכע חשיבות!...

ניין, מאַרק! אַט־דער זשאַק, ווי דו רופסט אים דאָרט, איז ניט קיין אמתער קינסטלער; ער איז מער קנעכט ווי עפּעס אַנדערש: אַ קליין מענטשעלע מיט אַ שוואַך כאַראַקטערל — האָט יואל מיט ניט ווייניק אַנטוישונג אַרויסגערעדט זיין אַנטריסטונג. — כאָטש ווי דו זאָגסט, ער האָט עס איז אַ מאָמענט פון פּאַרדרוס, זיך אַליין באַדויערט, איז ער אָבער דאָך געבליבן ווייטער אַנצוגיין מיט זיין זינדיקן און חשיבות'לאָזן לעבנס־שטייגער!...

יואל האָט פאַר דער צייט, צווישן אַט־דעם קינסטלער קרייז, וואָס מאַרק האָט אים אַריינגעפירט, געהאַט זיינע איינדרוקן און באַאָבאַכטונגען און ניט ווייניק פון דעם געלערנט. ער האָט איינגעזען, אַז אַ סך פון די יונגע קינסטלער — אמת, צוליב זייער נויט און אָרעמקייט — זיינען גרייט צו טאָן דאָס אייגענע וואָס זייער קאָלעגע זשאַק האָט געטאָן, ווען ס'וואָלט זיך נאָר זיי געמאַכט אַזאַ געלעגנהייט. יאָ, די אָרעמקייט, דער ניט זיכערער מאָרגן, און אפשר מער פון אַלץ, דער חשק אַרויפצוקלעטערן אויפן לייטער פון דערפאָלג און באַרימטקייט, וואָס העכער און העכער, איז אָפּנים פאַר אַ סך פון זיי קיין צו שווערער פּרייז גאָרנישט געווען... אפילו אַראָפּלאָזן זיך צו אַ מצב פון אַ זשאַק; צו אַ שפלות און ירידה, און פאַרלירן ביי דעם דאָס העכסטע ביי דעם מענטשן — די פּערזענלעכע חשיבות...



# קאַפּיטל צוויי

יואל האָט צוביסלעך אָנגעהויבן אַרבעטן ביי זיין פאַך: הויז־מאַלעריי. די שפּראַך פון לאַנד האָט ער נאָך ווייניק געקענט, איז אים אין אָנהייב זייער שווער געווען צוזאַמענריידן זיך. האָט ער מערסטנס גע־פינען אַביסל אַרבעט צווישן דער יידישער עמיגראַנטן קאָלאָניע, אָדער אויפן „פּלעצל״, אין דער אַזוי־גערופענער יידישער געטאָ. קיין צו זאַטן לעבן האָט ער לעת־עתה ניט געהאַט, דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ סך צייט פאַר זיך אַליין. מען זאָגט אפילו: „אם אין קמח אין תורה״, אָבער אין זיין פאַל איז עס אים צומאָל געווען לטובה. ער האָט זיך באַ־נוגנט מיט דאָס מינימאַלסטע און איז געווען צופרידן וואָס ער האָט די צייט און איז אַ פרייער מענטש. פלעגט ער טאַקע איבערליגן גאַנצע טעג אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק און זיך פאַרטיפן אינעם לייענען די סאָציאַלע ווערק פון די גרויסע דענקער און שרייבער פון סוף אַכצנטן און אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. ס׳האָט געעפנט זיך פאַר אים מיטאַמאָל נייע ברייטע האָריזאָנטן און פּערספּעקטיוון. ער האָט אָנגעהייבן אַריינ־בליקן אין אַ נייער, ביז איצט צו אים פאַרשלאָסענע וועלט... פון דעם וואָס ער האָט געליינענט האָט ער אָנגעהויבן אויספורעמען פאַר זיך אַ נייע אָריענטאַציע אויף זאַכן און פּאַסירונגען; זיין מהות דענקען איז אויס־געברייטערט און פאַרטיפטער געוואָרן...

איינער פון זיינע באַליבסטע דענקער און שרייבער, וועלכער האָט אומ׳רחמנות׳דיק אָרונטערגעריסן אַ סך איבלען, מנהגים, און פון יאָר־הונדערטער איינגעזעסענע טראַדיציעס, אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, איז געווען דער באַרימטער דר. מאַקס נאָרדאַו. ניט צוליב זיין ציוניזם האָט ער אים פאַרערט; יואל, ווי אַ סך אַנדערע צו יענער צייט, האָבן אפילו ניט געוווּסט אַז דר. נאָרדאַו איז גאָר אַ ייד! דאָס האָט ער זיך ערשט דערוואוסט שפּעטער. באַליבט און באַגייסטערט פאַר אים איז ער געוואָרן פאַר זיינע באַרימטע ווערק: „די קאָנווענציאָנעלע ליגנס.״ די ווערק זיינע געוואָרן ביי אים זיין ביבל — זיין תורה שבכתב. דער ליגן פון די אַזוי־גערופענע באַגריפן פון געוויסע געזעצן און מאָראַלן ווי: „דער ליגן פון רעליגיע״, פון „הייראַט״, דער ליגן פון קיניגטום, און אַנדערע איינגעפונדעוועטע רעגלאַמענטן; דאָס זיינען דאָך, האָט ער פון אים געלערנט, פוסטע איינרעדענישן, ליגנס — „קאָנווענ־ציאָנעלע ליגנס.״ אין אָט־די אַלע זאַכן האָט ער געזען אַ פּאַראַדאָקסיזם

און האָט אויסגעדריקט זייער אָפּליקענונג און פאַרנייגונג, מחמת אָט־די אַלע איינגעפּעסטיקטע באַגריפן זיינען באַזירט אויף אַ סך צביעות און היפּאָקריטישקייט...

נאָרדאַו'ס „פּאַראַדאָקסן" האָבן אַ סך באַאיינפלוסט יואל'ס ווייטערן דענקען און אין אַ סך פאַלן אויך זיין האַנדלונג און אויפפירונג... ער האָט אָנגעהייבן באַציען זיך צו אַ סך זאַכן און פראַגן מיט אַ געוויסער מאָס ספקות; כאָטש אין דער זעלביקער צייט האָט ער געזוכט אויך צו דער־גרונטעווען זיך צום מקור פון יעדער זאַך און ניט סתם גלויבן. ער האָט געזוכט זיך צו איבערצייגן: צי שטימען טאַקע אָט די טעאָריעס און מאמרים מיט די געזעצן פון לעבן, צי זיי זיינען בלויז פילאָזאָפישע השערות?...

אַ צווייטער סאָציאַלער דענקער, וואָס האָט אים ניט ווייניק באַאיינ־פלוסט און באַווירקט, איז געווען: מ אַ ק ס ש ט י ר נ ע ר, דער אינדיווידואַליסט אַנאַרכיסט. אויך זיינע געוואַגטע און מעטאַפאָרישע געדאַנקען האָבן אים זייער שטאַרק אימפּאָנירט. און פונקט ווי ער האָט געזען אַ סך אמתן אין מאַקס נאָרדאַו'ס נעגירונג פון די אָנגענומענע קאָנווענציאָנעלע באַגריפן און מנהגים, אַזוי האָט ער אויך געפינען אין מאַקס שטירנערן, דעם אָפּנויגלער פון אַ סך איינגעפּעסטיקטע גלויבונגען, כללים און געזעצן.

„דער עגאָ פון דעם מענטשן איז דער עיקר. אַלץ אַנדערעס איז ליגן, זעלבסט־נאַרעריי אָדער גאָר צביעות" — האָט ער געלייענט ביי שטירנערן.

„איך בין ניט גוט און ניט שלעכט. ביידע האָבן ניט פאַר מיר קיין זין, אויב עס ברענגט מיר ניט קיין פּערזענלעך גליק און פאַרגעניגן"...

„איך קען טאַקע אַמאָל פאַר דעם אַנדערן איינשטעלן מיין לעבן, מיין פרייהייט; אָבער דאָס איז נאָר מחמת דעם וואָס איך געפין, קודם כל, אין דעם מ י י ן גליק, מיין פאַרגעניגן, מיין באַפרידיקונג."..

„יעדער מענטש טוט וואָס ער קאָן און קאָן ניט זיין אַנדערש ווי ער איז."

„וואָס קימערט מיר דער וואוילזיין פון כלל, איך בין דער עיקר!"...

באַהויכט און באַוואָפנט מיט די אידייען און געדאַנקען פון די ביידע „מאַקסעס": מאַקס נאָרדאַו און מאַקס שטירנער, האָט ער אַנאַלאַגיש געזוכט, אין אַלע לעבנס־דערשיינונגען, וואָס אים איז אויסגעקומען צו באַגעגענען, סיי צו דעם כלל און סיי צום פּרט, און צי אָט־די טעאָריעס פון אָט־די צוויי פון זיינע באַליבטע דענקער, שטימען מיט דער וואָר, מיט דער ווירקלעכקייט, אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פונעם יחיד...

# קא̈פּיטל דריי

אין פּא̈ריז הא̈ט דא̈ן געהערשט א̈ גרויסע א̈רבעטסלא̈זיקייט. באַזונדערס הא̈ט זיך דער קריזיס שטא̈רק געלא̈זט פילן צווישן די ביי־א̈ריינגעווא̈נדערטע, ביי די יידישע א̈רבעטער. יואל איז ניט געווען קיין אויסנא̈ם: ער הא̈ט זייער ווייניק געא̈רבעט, איז ער די מערסטע פרייע טעג זיינע כמעט איבערגעלעגן אין דער „ביבליא̈טעק נא̈סיא̈נא̈ל" און געלייענט א̈ן א̈ שיעור. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך א̈רא̈פּכא̈פּן אויף דעם „פּ ל ע צ ל" צווישן דער יידישער א̈רעמשא̈פט, וואו א̈ „קא̈מונע" פון א̈ קליינער גרופּע יונגע מענער און פרויען הא̈בן געהויזט צוזא̈מען. די גרופּע איז דא̈ס רוב בא̈שטא̈נען פון א̈נטלא̈פענע רעוואָלוציא̈נערן פון צא̈רישן רוסלא̈נד, תיכף נא̈ך דער דורכגעפא̈לענער רעוואָלוציע פון 1905.

די „קא̈מונע" איז געווען א̈ זא̈מלפּונקט פון די עמיגרא̈נטן־חברים. קיין ספּעציפישע פּא̈ליטישע אויפגא̈בע הא̈ט די קא̈מונע פא̈ר זיך ניט געהא̈ט; און דער נא̈מען „ק א̈ מ ו נ ע" הא̈ט זיי אויך ניט פא̈רפליכטעט צו עפּעס... איין גורל הא̈ט זיי א̈בער יא̈ א̈לעמען פא̈רבונדן, און דא̈ס איז, וואָס זיי זיינען א̈לע געווען פרעמד דא̈ אין לא̈נד, ניט געוואוסט נא̈ך די שפּרא̈ך; מערסטע א̈ן א̈רבעט, איז מען געווען צוזא̈מען, געטיילט זיך מיטן דלות, מיט מיינונגען און שטימונגען, און נא̈סטא̈לגיש געבענקט נא̈ך יענע יוגנטלעכע רעוואָלוציא̈נערע טעג, וועלכע זיינען געווען מיט א̈זויפיל רא̈מא̈נטיש הא̈פענונגען אויף א̈ ליכטיקערן און פרייערן מא̈רגן...

קיין א̈רגא̈ניזירט יידיש־סא̈ציא̈ליסטיש לעבן איז אין פּא̈ריז דא̈ן ניט געווען, כדי צו קענען סא̈ציא̈ליסטיש און קולטורעל בא̈ווירקט ווערן פא̈ר א̈ן א̈קטיוויטעט. זיינען די מערסטע פון זיי געווא̈רן א̈פּא̈טיש און פלעגמא̈טיש. א̈מא̈ל פלעגט א̈ן א̈נפירנדיקער רעוואָלוציא̈נער א̈ריינפא̈לן צו זיי; פּרובירן א̈ביסל אויפמונטערן די א̈נטוישטע און רעזיגנירטע, זיי זא̈לן ניט פא̈רלירן דעם מוט און דעם גלויבן אין דער רעוואָלוציע גא̈ר אינגא̈נצן.

פריער א̈דער שפּעטער, פלעגט א̈זעלכער צו זיי ריידן, וועט די רעוואָלוציע דא̈ך זיגן און וועט אונדז א̈ניא̈גן. און דא̈ן, קא̈מערא̈דן, וועלן פא̈ר אונדז ליכטיקע פרייהייטס־טעג ווידער העל א̈ שיין־טא̈ן...

די צוהערער פלעגן דעם רעדנער אויסהערן, פּשוט אויס דרך ארץ און העפלעכקייט; א̈בער אינערלעך הא̈בן זיי מער ניט געגלויבט אין די רייד זיינע. מחמת, גרויס איז געווען זייער א̈נטוישונג אין א̈לץ. זיי זיינען געווא̈רן א̈ן אינטעגרא̈לער טייל פון דעם א̈לגעמיינעם פּסיכא̈ז,

וואָס האָט באַהערשט דעם דאָרטן, אין זייער אַלטער היים, און במילא האָט עס אויך באַוועלטיקט דאָ די אימיגראַציע. האָבן זיי דעריבער צו אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדיסטישע רייד ווייניק וואָס זיך צוגעהערט. דערפאַר אָבער פלעגן זיי זייער שווערן געמיט־צושטאַנד פאַרגרינגערן זיך ביי די אָפטע הוליאַנקעס און היימישע „ליאַמעס"...

קיין זאַך האָט זיי איצט מער ניט געהאַלטן געבונדן; ניט די רעוואָ־לוציאָנערע טראַדיציעס פון פריער, און אויך ניט קיין מאָראַלישע אָדער עטישע קאָדעקסן. זייענדיק אַנטי־רעליגיעז, און בכלל קעגנער פון די בורזשואַזע מנהגים און געזעצן, האָבן זיי ס'רוב געלעבט און געהאַנדלט לויט זייערע ניט געצוימטע אימפּולסן און פאַרלאַנגען...

סאַשאַ מירקין, איינער פון דער „קאָמונע", איז געקומען אין פּאַריז מיט עטלעכע יאָר פריער ווי די אַנדערע פון דעם קרייז. ער האָט שוין אויפגעכאַפּט די שפּראַך פון לאַנד און איז אויך געווען דער הויפּט פון דער קאָמונע, דער ראש־המדברים און דער ספּעץ אין אַלע אנגעלעגנ־הייטן אין שייכות מיט דעם איינשטעל אין זייער קאָמונאַלן צוזאַמענלעבן. מירקין איז אויך געווען דער גרעסערער פאַרדינער פון די אַנדערע, און הגם ניט אַלע האָבן כסדר געאַרבעט און ווייניק אַריינגעבראַכט, האָט שוין אָבער אָט־דער סאַשא מירקין געזען, אַז קיין עסן זאָל ניט אויספעלן. ווי אַזוי און וועלכע מיטלען ער פלעגט אַריינברענגען דאָס נויטיקסטע אין דער קאָמונע, האָבן ניט אַלע געוואוסט און ניט ס'האָט זיי איבעריק שטאַרק אינטערעסירט. ס'איז געווען וואָס צו „פּיקן" האָט מען זיך ווייניק וואָס געזאָרגט. קיין תכלית האָט קיין איינער פון זיי, אין יענעם מאָמענט, ניט אין זינען געהאַט. מ'איז געווען יונג און זאָרגלאָז, און סיי ווי האָבן זיי באַטראַכט דעם זיין דאָ זייערן, ווי אויף אַ ניט פּערמאַנענטע סטאַנציע. איז צו וואָס בכלל זיך זאָרגן ? ! . . .

די הויז פון דער קאָמונע איז געווען אַ גאַנץ גרויסע אָבער אַן אַלטע, אַן אָפּגעלאָזענע, און האָט זיך געפונען אין אַ זייטיקער גאַס פון „פּלעצל". אָפט פלעגן זיך צוזאַמענקומען דאָרטן אַ צאָל פון די אַנטלאָפענע רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער פון רוסלאַנד; הערן אַמאָל אַ גרוס פון דער היים און אויך פאַרוויילן צוזאַמען. די צאָל אנטיילנעמער אין דער „קאָמונע" איז דווקא געווען אַ קליינע, איז באַשטאַנען פון אַכט פּערזאָן בלויז: פינף בחורים און דריי מיידלעך. ווי ס'איז פאַרשטאַנען געוואָרן צווישן זיך, האָט יעדער פון זיי געדאַרפט אַריינברענגען זיינע פאַרדינסטן אין דער קאָמונע און געניסן פון אַלץ. זיינען אָבער די מערסטע פון זיי געווען

ניט באַשעפטיקט און זייער ווייניק פאַרדינט. איז עס געווען, ווי געזאָגט, מירקין, דער איינציקער פאַרדינער, און האָט מיט אַלץ און פאַר אַלעמען פאַרזאָרגט. די אַנדערע, וואָס האָבן ווייניק אָדער גאָרנישט אַריינגעטראָגן, האָבן צוליב דעם געפילט זיך אַביסל שפּלדיק, און האָבן כמעט כסדר אונטערוואָרפן זיך צו מירקינען, אין אַ סך זאַכן אים נאָכגעגעבן...

יאָ קאָמונע, ניט קאָמונע, „ווער ס׳האָט די מאה — גייט דאָס ווערטל — האָט די דעה" און מירקין האָט עס זיי געלאָזט שטאַרק פילן...

חוץ דאָס עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ, וואָס זיי האָבן דאָ געהאַט, האָט זיי דאָ אויך צוגעהאַלטן און צוגעבונדן נאָך אַ פאַקטאָר, וואָס זיי האָבן עס אפשר אָפן ניט אַרויסגעוויזן און, דאָס איז געווען די דריי מיידלעך, וואָס האָבן געהויזט מיט זיי צוזאַמען: זינאַ, דינא און שאַראַ. דער עיקר טאַקע ש אַ ר אַ, וועלכע האָט פאַרנומען אַ באַזונדער וואַרעם אָרט אין די הערצער פון די פינף יונגען. אָבער מער פון אַלעמען האָט מירקין זי שטאַרק ליב געהאַט. און אפשר צוליב איר אַליין האָט ער טאַקע די הויז, די קאָמונע אויפגעהאַלטן?...

שאַראַ איז טאַקע באמת געווען אַ גרויסע שיינהייט: זי האָט פאַרמאָגט אַן אַ שיעור ווייבלעכקייט און חן; אַ ברונעטע, מיט טיפע וואַרעמע, לאַס־טשענדיקע אויגן, אַ שלאַנקן, קרעפטיקן, שיין־געפורעמטן קערפּער, מיט אַזויפיל בויגעוודיקייט, רייץ און תאווה, וואָס האָט חברה ניט ווייניק באַאומרואיקט, אינטריגירט און האָבן כסדר געקלאָמערט אַרום איר, ווי בינען אַרום האָניק.

אַרעמע קינסטלער פון „פערטל" פלעגן צו איר ניט איינמאָל צו־שטייך, זי זאָל פאַר זיי פאָזירן, ניט איינער האָט איר איינגערעדט און צוגעזאָגט אפילו אַז ער וועט זי גרויס מאַכן; זי וועט נאָך מיט איר שיין געשטאַלט באַצירן די פאָדער־בלעטער פון די פאַריזער קונסט־זשורנאַלן. אין אָנהייב האָט זי דעם אָנבאָט פאַרוואָרפן, ניט געוואָלט אפילו זיך צוהערן צו דעם; זי האָט זיך גאָר געשעמט מיט זיי וועגן דעם צו ריידן. וואָס הייסט: זי וועט פאָזירן פאַר אַ ווילד־פרעמדן?!... אָבער וואָס מער זי האָט וועגן דעם נאָכגעטראַכט, אַלץ מער האָט עס איר גערייצט און ס׳האָט ניט ווייניק צו איר אָנגעהויבן אימפּאָנירן... אין איר פאַנטאַזיע האָט זי זיך שוין געזען אַז זי וועט נאָך אַמאָל פאָזירן פאַר אַ גוט־אָנערקענטן מאָלער און זי וועט נאָך אויף אַן אמת ווערן אַ מאָדל־מיידל; און איר בילד וועט טאַקע אויף אַן אמת באַצירן די פאָדערזייטן פון די גרויסע פאַריזער זשורנאַלן. דאָס איז הערנאָך געוואָרן איר חלום, איר וואונטש און זי האָט

ערנסט אָנגעהויבן טראַכטן און שטרעבן אַט־דעם חלום צו רעאַליזירן...

די צווייטע מיידל אין דער „קאָמונע" איז געווען דינה. מען קען ניט זאָגן אַז זי איז געווען פון די גאָר גרויסע שיינהייטן, אָבער אנגענעם און דערטרעגלעך. אמת, זי האָט געהאַט אַנדערע גוטע מעלות: אַ גוטע, ציכטיקע באַלעבאָסטע, וואָס וואָלט אַ באַלעבאַטישן יונגענמאַן גאַנץ צופרידנגעשטעלט. חברה אין דער קאָמונע האָבן גאַנץ גוט הנאה געהאַט פון אירן אַ געשמאַקן אָפּגעקאָכטן מאַלצייט און אַנדערע גוטע פּאַטראַוועס.

די דריטע מיידל, זינא, עלטער פון די ערשטע צוויי, איז אויך ניט געווען קיין איבעריקע יפת־תואר, מיט וואָס זי זאָל זיך קענען פּיזיש איבערנעמען, דערפאַר אָבער איז זי גייסטיק אַ סך העכער געשטאַנען פון זינאָן און שאַראַן: זי איז געווען אויסערגעוויינלעך גוט אָנגעלייענט און באַהאַוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור, ווי אַ פרומער ייד אין אשרי. פון צייט צו צייט פלעגט זי אפילו געבן פאַרטראַגן איבער דער רוסישער ליטעראַטור און אירע קריטיקער. אָבער אין יענער געגעבענער קאָניוקטור און סביבה, אין אַזעלכע מאָמענטן פון רעזיגנאַציע שטימונגען, האָבן די שמועסן ניט געהאַט פאַר זיי קיין באַזונדערן אינטערעס.

„אויף געשמאַק און קאָליר — זאָגט דער רוס — איז ניט פאַראַן קיין חברים." אין דעם פאַל און באַציאונג צו שאַראַן פון די בחורים אין דער קאָמונע, זיינען זיי אָבער פולשטענדיק געווען געאייניקט. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט צו איר אַן אומגעהוירן חשק, האָט געזוכט איר נאָענטשאַפט און איר צו געפעלן. זיי האָבן כסדר געזוכט אויסצופיינען זיך פאַר איר, נושא חן זיין מיט עפּעס אין אירע אויגן. אויב אין דער „קאָמונע" איז ווי עס איז געווען אַביסל אחדות, אין דער פאַרטיילונג פון דער אַרבעט אַרום דער ווירטשאַפט אין הויז, איז אָבער אין דער פראַגע פון „בחור און מיידל" קיין צו גרויסער שלום־בית ניט געווען. און, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים... הגם מען האָט אַ סך דיסקוטירט דאָס אייביקע פּראָבלעם פון: ליבע, הייראַט, פאַמיליען פליכטן, „פרייע ליבע" און בכלל מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. ווען ס'איז אָבער געקומען צום פּערזענלעכן ביסעלע גליק, די אייגן־ליבע, דאָס פּערזענלעכע איז צו זיך אַמנאָענטסטן געווען...

צווישן די בחורים, ווי געזאָגט, איז געווען אַ כסדרדיקער געיעג, כדי צו געווינען פאַר זיך די שיינע שאַראַ. האָט מען געזוכט איבערצויאָגן איינער דעם אַנדערן מיט צערטלעכער אויפמערקזאַמקייט צו איר; פאַר־

לויפן איינער דעם אַנדערן דעם וועג, צו טאָן עפּעס פאַר איר אָן אַרבעט און באַדינונג. מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר כלערליי שפּיצלעך אָפּצוטאָן, רכילות צו טרייבן איינער אויף דעם אַנדערן און דאָס האָט אַרויסגערופן, באַטירלעך, ניט ווייניק שנאה פון איינעם צו צווייטן...

מירקין, דער כמעט אייציקער און אַזוי־גערופענער פאַרזאָרגער פון דער קאָמונעס ווירטשאַפט, האָט זיך אויפגעפירט דאָרטן, אין דער קאָמונע, מעשה יוסטער באַלעבאָס. אָפט מאָל האָט ער עס שטאַרק געגעבן צו פילן זיינע חברים. ניט זעלטן פלעגט ער אפילו זיי פאַרוואַרפן מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי: „בראַדיאַגעס", שלעפּער, פוילענצער וכדומה.

— וואָס וואָלט פון אייך דאָ געוואָרן, איר אַזעלכע און אַזעלכע! ווען ניט איך, מירקין, וואָלט מיט אַלץ אייך ניט באַזאָרגט? מ י ך צו פאַרדאַנקען האָט איר צו פרעסן לרוב און אַ דאַך איבערן קאָפּ. איז דעריבער, ד ר ך ־ א ר ץ פאַר סאַשאַ מירקין! האָט עס אין זינען! דער בעסטער און געשמאַקסטער ביסן קומט מיר צוערשט... פאַרשטאַנען?

אָט־די דאָזיקע האַרבע ווערטער האָט זיך אים אין געוויסע מאָמענטן זייער שטאַרק געוואָלט אויסשרייען... אויב ער האָט עס זיי ניט געזאָגט פּנים אל פּנים, האָט ער אָבער אויף איין אָדער אַנדער אופן תמיד געלאָזט זיי עס שטאַרק פילן, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, סיי אין דעם ענגן קרייז פון דער „קאָמונע" און סיי ביי די גרעסערע צוזאַמענקונפטן, האָט זיך כסדר געלאָזט פילן זיין אויטאָריטעט...

יואל האָט מיט פּרעציזער אויפמערקזאַמקייט באַאָבאַכטעט און שטודירט אָט דעם קאָמונע־עקספּערימענט. ער האָט איינמאָל וועגן דעם באַמערקט צו זיין חבר מאַרק:

— ווייסטו, מאַרק, אַז אָט־דעם אַזוי־גערופענעם קאָמונע עקספּערי־מענט זייערן האָט מען אויך געמעגט צושרייבן צו די באַרימטע „פּאַראַ־דאָקסן" און קאָנווענציאָנעלע ליגנס, וואָס דר. מאַקס נאָרדאַו האָט אַזוי גלענצענדיק און פאַרטרעפלעך כאַראַקטעריזירט אין זיין באַרימט ווערק, די „ענטאַרטונג."

ווען יואל איז צוערשט געקומען צו גאַסט אין דער „קאָמונע" אויף אַ באַזוך, האָט צו אים לכתחילה דער געדאַנק פון אַ קאָמונאַלן צוזאַמענ־לעבן דווקא זייער שטאַרק אימפּאָנירט. די חברים האָבן אים אפילו פאָרגעשלאָגן צו ווערן דאָרטן אַ מיטגליד, און ער איז שוין כמעט ווי מרוצה געווען. ווען ער האָט אָבער זיך אַביסל נאָענטער באַקענט מיט דעם סדר און מצב פון זייער צוזאַמענלעבן; ווען ער האָט דערשנאַפּט די

אויפפירונג זייערע, די אַנגעצויגענע שטימונג און די ניט האַרמאָניש־קייט צווישן די „קאָמונאַרן", און באַזונדערס די אויטאָקראַטישע האַלטונג פון דעם הויפטלינג זייערן, סאַשאַ מירקין, האָט ער תיכף פאַרלאָרן דעם חשק און אָפּגעוואָרפן פון זיך לגמרי דעם געדאַנק פון אַנצושליסן זיך אין דער „קאָמונע". אים איז שווער געווען אפילו צו פאַרשטיין אָט־די ירידה און שפלקייט פון דער חברה; זייער אונטערוואַרפן זיך צו אָט־דעם מירקינען מיט אַלץ איז אים געווען ממש דערווידער און אפשטויסנדיק. ער איז בכן געבליבן אַ דרויסנדיקער, אַ זייטיקער באַאָבאַכטער. פאַר אים איז אָט דער מיניאַטור קאָמונע עקספּערימענט געווען אַ מין פּרוביר־שטיין אָדער גאָר אַ לאַבאָראַטאָריע פון דער קאָמונע אידייע. די אויס־געהאַלטנקייט פון דער טעאָריע, וואָס אַ צאָל פריידיקער־אידעאַליסטן האָבן געטענהט, אַז די מענטשן זיינען יאָ ראוי צו בויען אַ קאָמונאַלן צוזאַמענלעבן צווישן זיך, האָט זיך דאָרט אַרויסגעוויזן צו זיין אינגאַנצן באַנקראָט... ער האָט לכך געצויגן פון דעם זיינע קאָנזעקווענטע מסקנות: טעאָריע און פּראַקטיק זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן און זעלטן ווען זיי גייען האַרמאָניש האַנט־און־האַנט . . .

דאָך פלעגט ער פונדעסטוועגן פון צייט צו צייט אַריינקומען אין דער קאָמונע הויז, וואָס איז געוואָרן כמעט דאָס איינציקע זאַמל־פּונקט פון אַ געוויסן טייל פון די רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן. דאָ פלעגט מען דאָך באַגעגענען אַ בייעם פנים, אָפּנעמען אַ לעבעדיקן גרוס פון דער היים און טאַקע אויך זייער אָפט היימיש געזעלשאַפטלעך פאַרווײלן.

אויך די מיידל שׂאַראַ האָט אויף אים לכתחילה געמאַכט אַ גאָר שטאַרקן איינדרוק. ער איז מיטאַמאָל הינגעריסן געוואָרן פון איר שיין באַחנט פנים, פון איר שלאַנקן פיין אויסגעפּורעמטן געשטאַלט... ער איז דעריבער מערסטנס, טאַקע צוליב איר געוואָרן דאָרטן אַן אָפטער אַריינגייער. . .

סאַשאַ מירקין איז ניט נאָר געווען דער הויפּט־פאַרזאָרגער פון דער קאָמונע מיט דעם נויטיקן אינווענטאַר פון הויז באַלעבאַטישקייט; נייערט ער פלעגט אויך ביי גרעסערע צוזאַמענקונפטן פאַרווײלן די געסט מיט געזאַנג, שפּיל און רעציטאַציעס. געווען איז ער אַ מאַדים אויף די זאַכן... לצים פלעגן אויף אים זאָגן, אַז ער האָט ספּעציעל אויס אָט־די קאָמונע הויז, כדי ער זאָל קענען האָבן די געלעגנהייט אויפצוטרעטן פאַר אַן עולם. הגם ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער זינגער אָדער מוזיקער, האָט ער אָבער געהאַט אַ גאַנץ פיינעם לירישן טענאָר און אַ

גוטן אויער פאַר מוזיק. ער פלעגט זינגען אַ סך רוסישע ראָמאַנסן און אַמאָל אויך אייגענע פּאַרפּאַסטע, און זיך אַליין באַגלייטן אויף זיין גיטאַרע. אַ גאַנץ געשיקטער דילעטאַנט, וואָס מיט זיין קונסט אויפטריט איז ער אָפּטמאָל באַוואונדערט געוואָרן פון די איינגעלאַדענע געסט צו אַזעלכע היימישע אָוונטן. דאַן איז מירקין געווען אין „זיבעטן הימל"! ס'האָט ביי אים די ווערט געהאַט אַלע אָנשטרענגונגען און הוצאות וואָס ער פלעגט אויסגעבן פאַר אַזעלכע אָוונטן. דאָ איז ער ביכולת געווען אויפצוטרעטן און אַרויסווייזן זיינע פעאיקייטן, קענטענישן און טאַלאַנטן. דאָ האָט ער באמת אויסגעלעבט זיך און געקענט שיינען. דאָס ביסל דילעטאַנטישע קינסטלערישקייט, וואָס איז אין אים יאָ געווען, האָט ער אויף זיין אייגענעם אופן אימפּראָוויזאַריש אַרויסגעבראַכט...

צו די געסט און נאָענטע האָבן פון זיין קונסט יאָ אָדער ניט געהאַלטן, יעדנפאַלס האָבן זיי עס אויפריכטיק און אמתדיק ניט אַרויסגעוויזן; אויב זיי האָבן אים אַפּלאָדירט און באַוואונדערט כלומרשט, איז עס געווען מער אויס מאַנירלעכקייט און העפלעכקייט...

אין איינעם פון אַזעלכע אָוונטן, וואו די „כאַליאַסטרע" פון דעם עמיגראַנטן „פּערטל" איז זיך צוזאַמענגעקומען, און מ'האָט גאַנץ היימיש און פריילעך פאַרבראַכט צווישן זיך, געזונגען היימישע רעוואָלוציאָנערע לידער, איז מירקין, ווי כסדר, אויך דאָס מאָל געווען דער ראש, דער אָנפירער מיטן געזאַנג. ער האָט אויך אויסגעזונגען זיינעם אַן אייגענעם פאַרפאַסטן ראָמאַנס, באַגלייטנדיק זיך אויף זיין גיטאַרע. דאָס ליד אָדער ראָמאַנס האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַ רמז, אַ מיין. און די אָנוועזנדיקע צוהערער האָבן אַלע דערנאָך פאַרשטאַנען, אַז אָט דעם ראָמאַנס האָט ער געווידמעט שאַראַן, וועלכע די מערסטע האָבן געוואוסט אַז ער איז צו איר גאָרניט גלייכגילטיק... און אָט ווי ער האָט דעם ראָמאַנס אויסגעזונגען:

„כ'האָב ליב די פרוי, וואָס ווערט אַנטציקט
פון אַלץ, וואָס ס'איז שיין אין לעבן:
פון זינגען, פון שפּילן, פון טאַנצן און ליבן;
קען נעמען די ליבע און אויך צוריקגעבן...
כ'האָב ליב די פרוי, וואָס איז ניט געבונדן;
איז פריי אין איר דענקען, געוואַגט אין איר ווילן;
דערשטיקט ניט די ליבע, וואָס ברויזט אין איר האַרצן,
נעמט אויף דיך מיט אַ שמייכל און אַ צאַפּל אַשטילן...

כ׳האָב אין מײַן לעבן פּיל פרויען באַגעגנט:
סײַ בלאָנדע, ברונעטע, סײַ שלאַנקע און שיינע.
זיי האָבן אַלע פּאָר עפּעס מיט מורא געפּלאָטערט;
אָבער... פון אַזאַ וואָס איז אַנדערש,
ווייס איך נאָר איינע...״

ווען מירקין האָט פאַרענדיקט זינגען זײַן נײַעם ראָמאַנס, האָבן דעם מאָל נאָר אַ קליינע צאָל פון די אַנוועזנדיקע אים אַפּלאָדירט. די נאָענטע אַרום דער „קאָמונע״, און אפילו אַ סך פון די איינגעלאַדענע, האָבן גע־וואוסט און אַנדערע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז אָט־דעם ראָמאַנס האָט ער דורכאויס געמיינט און געווידמעט שאַראַן. מיט דעם האָט ער כמעט ווי עפנטלעך באַרימט זיך פאַר אַלעמען, וואָס שאַראַ איז, און וואָס זי מיינט צו אים. הגם אין אַ געוויסן זין האָט ער זי כמעט ווי קאָמפּרע־מענטירט... די מערסטע האָבן זיך איבערגעקוקט, און נאָך דעם הויפּט־זעכלעך געווענדעט זייערע בליקן צו שאַראַן, ווער מיט האַלב אַראָפּ־געלאָזטע בליקן...

זינאַ און דינאַ, די אַנדערע צוויי מיידלעך אין דער „קאָמונע״, האָבן ווי ניט פאַרגינעריש שפּיזלדיק זי אַדורכגענומען מיט זייערע אויגן. איניקע פון די מאַנסבילן האָבן איר מאָדנע אָפּגעמאָסטן מיט דעם גוט־באַקאַנטן מאַנסביל־בליק, פון וואָס זי האָט זיך אַביסל אומבאַקוועם דער־פילט... פונדעסטוועגן האָט זי זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, דעם קאָפּ שטאָלץ אויפגעהויבן, דאָס פּנים אַביסל פאַררויטלט — וואָס האָט נאָך אַ סך שענער געמאַכט איר אָנבליק, און האָט האַלב־שמייכלענדיק, גראַ־ציעז אויפגעהויבן זיך פון איר אָרט. זי איז תיכף אַריין אין צווייטן צימער, וואו דער כּיבוד פון כלערליי משקאות און צובייסן איז געשטאַנען. זי האָט אויף אַ טאַץ אַרויפגעשטעלט גלעזלעך ווײַן און צובײַסן און האָט דערנאָך באַוויזן זיך נאָכאַמאָל צווישן די געסט. גראַציעז און חנעוודיק האָט זי אונטערגעטראָגן צו יעדן אַ גלעזל ווײַן. דער עולם האָט גענומען מיט דאַנקבאַרקייט פון איר די געטראַנקען און פאַרבײַסן און מען איז נאָכדעם געוואָרן אַביסל בגילופנדיק און זינגענדיק היימישע לידער אויף אַ פריילעכן אופן און שטייגער...

דער אָוונט האָט זיך שוין מער ניט געהאַלטן אין די ראַמען פון דער פריערדיקער, כמעט אָנגעצויגענער פון מירקינס אימפּראָוויזירטער פּראָגראַם. מ׳האָט זיך איצט געפּילט אַביסל פרייער, אויפגעלייגטער און

אפילו פריוואַלער. די מאַנסבילן האָבן אַרויסגעוויזן אָפענעם פלירט צו די פרויען. אָבער מער פון אַלע אַנדערע האָט שאַראַ געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערק... די מערסטע האָבן געטרונקען מיט איר אַ „לחיים" און ניט ווייניק געקלאַמערט אַרום איר ווי בינען אַרום האָניק. די מערסטע פרויען דאָרטן האָבן שנאהדיק, ניט פאַרגינעריש, צוגעוואָרפן איר האַרטע בליקן און אויך אַ היבש ביסל צווישן זיך אויך באַרעדט. שאַראַ האָט עס געפילט און זיי איגנאָרירט און אויף צו להכעיס איז זי דווקא געשטאַנען צווישן דער מענער־גרופּע און מיט זיי פאַרבראַכט. די מערסטע פון די מאַנסבילן אַרום איר זיינען געשטאַנען מיט פאַרחלומטע און פאַרשיכורנ־דיקע אויגן; די שיכּרות זייערע איז אָבער געווען אַ סך מער פון שאַראַ'ס קערפּערלעכן רייץ און תאווה צו איר, ווי פון דאָס ביסל משקה וואָס זיי האָבן געטרונקען...

שאַראַ האָט אויך יואלן שטאַרק פאַראינטריגירט. הגם ער האָט ווייניק געטרונקען יענעם אָוונט, און ווי באַשיידן און שטיל ער איז געווען, איז ער אָבער שטאַרק דורכגענומען געוואָרן פון איר פרעכטיקן אויסזען און זייער פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר לויכטנדיק שיין געשטאַלט. אויך ער האָט דעם מאָל אַרויסגעוויזן צו איר אַ סך נאָענטשאַפט און גרויס אינטערעס. ווי שוין געזאָגט, צוליב איר טאַקע פלעגט ער דאָך אָפטער אַריינקומען אין הויז פון דער „קאָמונע". ער פלעגט זיך אַרומטראָגן מיט אַ באַגנדיקע בענקשאַפט צו איר. זי האָט אים אַזויפיל דערמאָנט אין דער ברונעטער, שוואַרץ־אויגיקער מ י ק י, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי סימען דער רויטער, און מיט וועלכער ער איז געוואָרן אינטים נאָענט, פאַר זיין אַנטלויפן פון דער היים. אַ שטילע בענקשאַפט האָט נאָכאַנאַנד געטליעט אין זיין האַרץ נאָך יענער מיסטעריעזער מ י ק י. פון זיינע פלענער און האָפענונגען אין דער היים, אַז ער וועט זי קענען באַקערן צו זיין אידעאַל, איר אַרויסנעמען פון יענעם תהום, און אפילו מיט איר זיך פאַראייניקן, חתונה האָבן ווען נויטיק, האָט זיך אויסגעלאָזן אַ טייך. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין היים, כדי ניט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער מאַכט. אָבער די בענקשאַפט נאָך איר האָט אים אַ צייט לאַנג ניט אָפּגעלאָזט...

ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט שאַראַן, האָט זי געמאַכט אויף אים אַ מערקווירדיקן שטאַרקן איינדרוק: ער איז תיכף צו איר צוגעזאָדן געוואָרן. שאַראַ האָט עס אויך דערפילט און געגלויבט אין זיין ערנסטקייט. הגם שאַראַ איז געווען דאָ אַ פרייער מענטש, האָט ער אָבער געפילט און

אויך געזען, אַז דער מירקין איז כמעט ווי דער באַלעבאָס איבער איר. אפשר דערפאַר וואָס זי, ווי די איבריקע אין הויז, זיינען אָפּהענגיק אַן אים. האָלט ער דאָך אויס די הויז כמעט מיט אַלץ! און ווייל ער טיילט איר צו, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, מיט זאַכן מער ווי די איבריקע, האָט זי הפנים מער פאַרפליכטונגען צו אים... יואל פילט אָבער, אַז פאַרליבט אין אָט־דעם מירקינען איז זי ניט; פאַרקערט, ער פילט אַז שאַראַ האָט גאָר פאַר א י ם א וואָרעם ווינקעלע אין איר האַרצן... נו, וואָלט ער געוועזן אַ גרעסערער פאַרדינער ווי ער איז איצט, וואָלט ער געהאַט כאָטש גענוג אויף זיין אייגענעם אויסקומעניש; שוין אָפּגערעדט פון פליכטן צו אַן אייגענער פרוי און אַ היים; וואָלט ער דאַן אַביסל מוטיקער געווען און אויך געוואָגטער. ער וואָלט פּרובירט פונדעסטוועגן צו ריידן מיט שאַראַן, איר מער פאַראינטערעסירן אין אים. אפשר וואָלט טאַקע עפּעס פון דעם געוואָרן צווישן זיי — אַן אויסזיכט אויף אַ פאַראייניקונג... מיט אַזאַ האַנדלונג וואָלט ער שוין אויך געקענט באַפרידיקן זיין בענ־קענדיקער מוטערס באַגער און וואונטש — ער זאָל קומען צו עפּעס אַ תכלית. דאָס איז דאָך די איינציקע האָפענונג אירע, ווי זי שרייבט אים כסדר, צו דערלעבן נחת אַן אים; חתונה האָבן, דערלעבן נאָך אַן אייניקל...

אַזעלכע געדאַנקען האָבן אַנגעהויבן באַשעפטיקן זיין מוח, טראַכטנ־דיק נאָכאַנאַנד וועגן שאַראַן בשייכות מיט אים. נאָכמער, האָט אים דער געדאַנק ניט אָפּגעלאָזן, אין אַ געוויסן טאָג, ווען ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון דער מאַמע זיינער, אין וועלכן זי שרייבט אים וועגן דער דאָרטיקער לאַגע אין דער היים, אָבער דער עיקר דערמאָנט זי אים שטאַרק וועגן זיין אייגענעם מצב, וועגן זיין אייגענעם תכלית דאָ...



# קאַפּיטל פיר

## די מאַמע זיינע שרייבט אים:

„מיין ליבער זון יואל!

זינט דו ביסט אַוועק פון דער היים האָב איך זייער ווייניק בריוו פון דיר און ווייס ווייניק פון דיין געביין. האָלסט ניט וואָרט, זון מיינער. האָסט צוגעזאָגט שרייבן צו מיר אָפטער און לסוף טוסט עס נישט. דו ווייסט זייער גוט, אַז איך בין דאָ געבליבן אַליין, עלנט ווי אַ שטיין; אָן אייגענע, אָן משפחה. זינט דער טאַטע ע״ה איז געשטאָרבן, ער זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, האָט זיך משפחה, דער פעטער ר׳ זרחל שוואַרצבאַרד, זיינע שוועסטער, די מומעס דיינע, האָבן זיך אָפּגעקערט אינגאַנצן פון מיר. ביי זיין לעבן, זכרונו לברכה, האָט מען נאָך געהערט אַמאָל פון זיי. פון יוצא וועגן פלעגן זיי אַמאָל צוואָרפן אַ פּאָר קערבלעך; איצט, אַזוי ווי פרעמדע, רחמנא לצלן; טאַקע גאָר אינגאַנצן פרעמד געוואָרן. מילא, אַ שיינע, ריינע כפּרה! כ׳האָב ביים לעבן פון דיין גאָט־זעליקן טאַטן מיין שטעטל אַליין באַשטאַנען, און וועל אי״ה „מיט זיין הילף״ אויך אויף ווייטער זיך באַגיין אָן זיי. וואָרעם, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס דאַרף איך, אַן עלנדע אַלמנה אַליין?! השם יתברך שפּייזט דאָס ווערימל אונטערן שטיין, וועט ער מיך אויך ניט פאַרזען.

אָבער ניט אין מיר אַליין גייט עס, מיין ליבער זון. כ׳טראַכט רק פון דיר, וואָס וועט דאָך זיין דער תכלית? פון דיין בריוו נאָך, פאַרשטיי איך, אַז דו האָסט זיך נאָך אַלץ ניט דערשלאָגן צו עפּעס רעכטס. צו־גוט, פאַרשטיי איך, איז דיר דאָרטן אויך ניט. אַ מאַמעס האַרץ דערפילט עס און מ׳קען עס ניט נאַרן. שוין אַריבער באַלד אַ פּאָר יאָר, יואל, אַז דו ביזט אַוועק פון דער היים, און דו ווייסט נאָך אַלץ ניט צי דו בלייבסט דאָרטן אין דיין פאַריז און איינאָרדענען זיך?... אפשר וואָלסטו דאָך געפאָרן נאָך אַמעריקע, צו דיין ברודער צבי פּינחס׳ן? ער איז דאָך דער עלטערער ברודער דיינער. כאָטש קיין גליקן פון דאָרטן שרייבט ער אויך ניט; נו, וועט איר כאָטש זיין צוזאַמען. אַוודאי וואָלט איך שוין פון אייך ביידן געוואָלט הערן, כאָטש פון דערווייטנס, אַביסעלע נחת... בין איך אָבער, ווי ס׳זעט אויס, אַ געשטראָפטע ביים רבונו־של־עולם. כ׳זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד, אַז מיר דאַרפן זיין אַזוי ווייט אָפּגעריסן און אָפּגעשיידט איינס פון ס׳אַנדערע. כ׳וואָלט שוין טאַקע געוואָלט, ווי

אַנדערע מוטערס, דערלעבן מיט מזל חתונה מאַכן מיינע קינדער און טאַקע דערלעבן איניקלעך, ווי ביי לייטן..

דיין מוטער, צו זען דיך גליקלעך— רבקה

* * *

יואל האָט איבערגעלייענט דעם בריוו פון דער מאַמען זיינער, וועלכע טראַכט רק וועגן אים אין זין פון אַ תכלית, און אַ גרויס געפיל פון רחמנות אויף איר עלנטקייט און בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען. לויט אירע רייד, ווייל זי זייער ער זאָל זען חתונה האָבן, גיבן איר אַן איניקל, אַביסל נחת איר צוטליקן אויף דער עלטער. איז זי ניט אומ־גערעכט, נאַטירלעך—אַ מאַמעס האַרץ און געפילן! אָבער יעדן מאָל ווען אים קומט אויס צו טראַכטן מכוח דעם ענין, שווימט כסדר ביי אים אַרויף דער געדאַנק וועגן דער אַזוי־גערופענער אינסטיטוציע פון הייראַט, וועגן וועלכער ס'האָט זיך געשאַפן ביי אים אַ סקעפּטישער קאָמפּלעקס.

זיין נעגאַטיווער און סקעפּטישער צוגאַנג צום ענין חתונה, הייראַט, איז געקומען צו אים ווי אַן אַרויסוואוקס פון זיין לייענען איבער דעם ענין און פון זיינע פּערזענלעכע דערפאַרונגען און באַאָבאַכטונגען אין שייכות מיט דעם אַספּעקט.

— אפשר איז העגריך היינע גאָרניט געווען מחוץ הדרך, וואו ער זאָגט ערגעץ אַז: „זייער וויניק פרויען זיינען באמת געטריי זייערע מענער", כאָטש דאָס אייגענע, אויב ניט מערער, האָט ער געטראַכט, קען מען אויך זאָגן וועגן די מענער!... און דאָס איז ניט סתם אַ מאמר אָדער אַ קאַפּריז פון אַ גרויסן דיכטער, נאָר בדרך כלל שטימט עס מיט דער רעאַליטעט פון זיין אייגענער דערפאַרונג...

אין דעם מאָמענט איז ביי אים אַרויפגעשוואומען רעמיניסענצן פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען. אָט דערמאָנט ער זיך אין אַננאַן, זיין יונגע שיינע באַלעבאָסטע, אין דער היים: זי איז געווען פאַרהייראַט, כדת משה וישראל; געהאַט אַ שיינע היים, שיינע קליידער, אַ זאַט לעבן, אַ סך וואוילטאָג; פון אַלץ אין דער וועלט דאַכט זיך! פונדעסטוועגן האָט עס איר ניט אָפּגעהאַלטן צו פלירטעווען און באַענט זיין מיט דעם שיינעם עלעגאַנטן שכן אירן, גרישאַ, פאַר אַ לענגערע צייט. און, זיין אייגענע דערפאַרונג מיט איר! — ווי ווייט איז ער עס געווען צו זיין מיט איר טאַקע גאָר באַענט, ווי מאַן און פרוי?... איינמאָל ביי איר, אין איר אייגענער שטוב, אין געזאַלבטן געצעלט פון דער „הייליקער הייראַט",

און אַן אַנדערעס מאָל, אין אַנאַנדער שטאָט, ביי אַן אויסערגעווייגלעכער באַגעגעניש מיט איר; און אויב ער איז עס ניט געווען מיט איר צוזאַמען, איז עס ניט געווען די מניעה פון א י ר זייט . . . פאַרקערט, ביידע מאָל האָט זי אים דערמוטיקט און קוראַזש געגעבן... אין ביידע פאַלן איז עס געווען פאַר אים אַ גרויסער נסיון בייצוקומען; אָבער, ענדלעך האָט ער דאָך מנצח געווען... אמת, געווען איז ער דאַן יונג, נאַאיוו־אידעאַליסטיש; שטאַרק געגלויבט אין אַ העכערער מאָראַל, אין דער עטיק און חשיבות פון דער פערזענלעכקייט, בשייכות מיט מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. דאַן האָט ער באַטראַכט פאַר אַ זינד אפילו עובר צו זיין אויף דעם „לא תחמוד". איצט, גלויבט ער קוים צי ער וואָלט בכוח געווען בייצו־קומען אַזאַ נסיון. . .

וויסנשאַפטלעך און וואָרהאַפטיק גערעדט — האָט ער טראַכטנדיק אין דער הויך, מיט זיך אַרגומענטירט — איז נאָך ניט באַוויזן געוואָרן, אַז דער מאַן אָדער די פרוי זיינען „ספּעסימענטן" פון אַ דורכאויס מאָנאָ־גאַמישן צוזאַמענלעבן. די דערפאַרונג און רעאַליטעט האָט גראַדע באַ־וויזן דעם היפּוך פון דעם איינגעפירטן סדר אין דער אַזוי־גערופענער ציוויליזירטער וועלט. די אופפירונג פון מאַן און פרוי, אין דעם סעק־סועלן לעבן, באַווייזט גאָר עפּעס אַנדערש... אַרום אַט־דעם אַספּעקט הערשט אַ געוואַלדיקע צביעות און היפּאָקריטישקייט. צווישן אַלע מאָנאָ־גאַמישע פעלקער, אין אַלע קלאַסן און געזעלשאַפטן, זיינען פאַראַן צענדליקער טויזנטער פאַלן פון אומטרייהייט, פון מאַן צו פרוי און פון פרוי צו מאַן, וועלכע פּראַקטיצירן פאַרבאָרגענע פּאָליגאַמיע. דאָס איז אַזוי רעאַל און פּאַקטיש, ווי דאָס לעבן אַליין.. און, ס'איז אַזוי אומפאַר־מיידלעך, באַזונדערס פאַר די מער סענסיטיווע, עמפינדלעכע, עסטעטיש־ראַפינירטע און ראָמאַנטישע נאַטורן, וואָס רייצט זייער אויג פאַר פאַר־שיידנקייט און שיינקייט, און זיי ווערן ניט וויניק באַהויכט פון זייער היפּער־פאַנטאַזיע . . .

לויט זיין געשמאַק און סענסיטיוון חוש, האָט יואל אַריינגעפּאַסט זיך אין דער לעצטער קאַטעגאָריע. איז צו וואָס איילן זיך חתונה צו האָבן? פאַרבינדן זיך גאָר אינגאַנצן? אַז קיין גאָר גרויסער מאמין אין דעם ענין איז ער לעת־עתה ניט... סיידן, עס זאָל באמת זיך מאַכן אַזאַ אידעאַלע, עכט־אינטערעסאַנטע, צום האַרצן טרעפנדיקע, נשמה באַגערנדיקע חבר־טע, וואָס זיין געפיל צו איר וועט לחלוטין איבערוועלטיקן אַלע זיינע חקירות און אויסזעצונגען בנוגע דעם ענין. . .

אמת, די מאַמע זיינע וויל שוין טאַקע האָבן אַן אים אַביסעלע נחת, אים חתונה מאַכן; אָבער... גיי דערציייל אַ מאַמען אַזעלכע געדאַנקען, שטי־מונגען, חקירות און ספיקות מיט וועלכע ער טראָגט זיך אַרום? זי וועט נאָך מיינען, אַז דער זון אירער איז, רחמנא לצלן, פון זינען אַרונטער!...

## קאַפּיטל פינף

**פּריש** איז נאָך געווען די וואונד אין דער יידישער וועלט, און באַזונדערס ביי די יידן אין פראַנקרייך, פון דעם אויפרודערנדיקן און פיינלעכן דרייפוס פּראָצעס. נאָך איז ניט פאַרגעסן געוואָרן די גרויסע נאָבעלע הומאַניטאַרע ווערטער פון עמיל זאָלאַ: „א י ך ב אַ ש ו ל ד י ק" און פון דעם סאָציאַליסט זשאַן זשאָרעס אין זיין פאַרטיידיקונג פון דעם אומשולדיקן יידישן אָפיצער. פּריש איז נאָך געווען די בלוטיקע וויי־געשרייען פון די יידישע קרבנות פון די צאַרישע פּאָגראָמען אין קישי־ניעוו, זשיטאָמיר און אַנדערע יידישע ישובים; נאָך האָט געקלונגען די שאַלדנדיקע ווערטער פון דעם גרויסן ליעוו טאָלסטאָי: „איך קען ניט שווייגן" און ... אַ כוואַליע פון נייע ווידערהאַלטע פּאָגראָמען און יידישע בלוט פאַרגיסונגען.

אויף יואלן האָט די ווידערהאַלטע בלוטיקע פּאָגראָמען איצט גע־מאַכט אַ מער שווידערלעכן איינדרוק, ווי ווען ער איז געווען אַ לעבעדיקער עדות פון די פריערדיקע פּאָגראָמען אין דער היים. ס'איז פאַר אים ניט קיין נייעס צו הערן בלוט־בילבולים אויף יידן. ער געדענקט זייער גוט די מורא און דער קאָשמאַרנער שרעק פון די יידן אין דער היים, אין דער נאַכט פון „ניטל" אָדער פּסח צייט. די דאָזיקע בלוט־בילבולים און שרעקנס־נעכט געדענקט ער זייער גוט. דער שווידערלעכער פּאָגראָם אין זיין היים־שטאָט, וואו ער האָט אנטייל גענומען אין דער זעלבסט־שוץ, פאַרטיידיקנדיק יידיש לעבן און האָב און גוטס. און ווי איינגעקריצט עס האָט זיך אין זיין געדעכעניש דער טויט פון דעם ערלעכן בראַוון רוסישן סטודענט, ניקאָלאַי בלינאָוו, פאַלנדיק אַ קרבן פון די אומוויסנ־דיקע בלוטיקע רוצחים, איינשטעלנדיק זיך פאַר יידיש לעבן. ביי די אַלע געשעענישן איז ער טאַקע געווען אַ לעבעדיקער עדות; אָבער געטראַכט האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע, אַז דאָס איז נאָר אַן איבערגאַנגס

צייט אזא, דאס איז געווען די חבלי־לידה פון דער רעוואלוציע. סוף כל סוף וועט דאס בעסערע אינעם מענטשן, דאס הומאניטארע דאך איבערוועל־טיקן דאס רשעות אין דער וועלט. זייענדיק אן עקסטרעמער אינטער־נאציאנאליסט, האט ער דאן נאך אלץ געגלויבט באמונה שלמה, אז די סאציאלע רעוואלוציע, וועלכע וועט זיכער נאך קומען אין אונדזערע טעג, וועט שוין אפשאפן אלע אומגלייכקייטן, אבערגלויבנס, פאראורטיילן און אומוויסנדיקייט. ס׳וועט ענדלעך קומען א צייט פון פולשטענדיקער פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע מענטשן־קינדער...

פארטיפנדיק זיך אין דעם ענין, האט ער מיט דער צייט געלערנט און איינגעזען, אז דאס אלץ איז זייער שיינע צוקונפטס־מוזיק, אז ס׳איז א שיינער און פרומער וואונטש און א חלום פאר דער ווייטער, ווייטער צוקונפט . . .

דער ניט־יידישער מענטש בכלל, איז ער געקומען צו דער מסקנא, אין זיין באציאונג צום יידן, איז גאר א מאדנע בריאה: איינער קען זיך זיין א גרויסער געלערנטער, א דענקער און פילאזאף, און דאך טראגן אין זיך די זוימען פון איינגעבארענער שנאה און האס, וואס פארבלענדט און פארטעמפט אים דעם מוח, ווען ס׳קומט ביי אים צום איינציקן שוואך־פונקט — י י ד...

ס׳איז איין גרויסע און לאנגע אנקלאגע פון דער ניט־יידישער וועלט, קעגן יידישן פאלק, וואס איז פארוואנדלט געווארן ביי די מערסטע פעלקער אין א פאטאלאגיש גייסטיקער קראנקהייט, וואס גייט איבער ביי זיי בירושה, פון דור צו דור, און, ווי א ירושהדיקע חולאת, איז ניטא פאר דעם אפילו קיין רפואה.

יידן־שנאה קען געבן מיליאנען, זאגן איניקע פון זיי, דארף מען עס עקספלואטירן! ביי די מערסטע איז עס גאר אריין אין די בלוטן: שנאה צו יידן, לשם שנאה, מיט אדער אן מאטעריעלע געווינסן. דער אינסטינקט פון דער חיה־רעה איז ביי זיי טיף איינגעווארצלט, און ניט מיט לאזונגען בלויז, פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט“ וועלן זיי זיך ווען עס איז פון דער צרעת אויסהיילן...

יואלן האט אט־דער געדאנק אויף א מאמענט ניט אפגעלאזן. ער האט געזוכט אין די כלערליי שריפטן פון די אזוי־גערופענע אנטי־סעמיטישע דענקער און פילאזאפן, פון די פארגאנגענע יארהונדערטער ביז די לעצטע פון אונדזער צייט. געזוכט האט ער אן ענטפער ביי זיי אויף דעם גרויסן, אייביקן — ו א ר ו ם ? . . . ווארום האבן זיי אונדז

פיינט? געזוכט ביי זיי לאָגישע, אפשר באַרעכטיקטע אַרגומענטן, גרינד־לעכע באַווייזן; געוואָלט האָט ער, ווי נאָר מעגלעך, אָביעקטיוו זיי אַנאַליזירן; אָבער מער ווי אומבאַגרינדעטע, פאַלשע באַשולדיקונגען האָט ער ביי זיי ניט געפונען.

אין דעם ניט גאָר ווייטן עבר, אין דער צייט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", האָט מען געהערט פון אירע רעוואָלוציאָנערע פאָרשטייער, ניט ווייניק פאַרסמטע, העסלעכע דייד קעגן יידן. הגם יידן זיינען געווען אין זייערע קעמפנדיקע רייען אין אַ ניט קליינער צאָל.

„דער יידישער פּאָגראָם — האָבן אייניקע פון זיי געטענהט — וועט זיין אַ מין פּרעליודע צו אַ מער ערנסטער און מער צוועקמעסיקער פאָלקס באַוועגונג." און אין נאָמען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אַ פּראָקלאַמאַציע זיך געלייענט מיט דעם פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן נוסח:

„ווער האָט צוגענומען אין זייערע הענט דאָס לאַנד, די וועלדער, די שענקען? — די יידן! וואוהין מ'זאָל ניט וואַרפן אַן אויג, אומעטום — י י ד ן. דער ייד שעלט, זידלט דעם פּויער, נאַרט אים אָפּ, טרינקט זיין בלוט און דעריבער איז אונדזער לאָזונג: צוזאַמען מיטן קייסער, מיטן טשינאָווניק און דעם פּ אַ ן, מוז מען מאַכן אַ תל אויך פון יידן."

און קאַרל מאַרקס, דער אַפּאָסטאָל פון סאָציאַליסטישן קדשי־קדשים אַליין, האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אַרויסצוברענגען פון זיין מויל אָט־דעם אַנטיסעמיטישן מאמר: „יידנטום איז פאַר מיר נישט קיין רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע — געלט איז דער אמתער גאָט פון יידנטום."

און צווישן די פּוריעריסטן, דער שרייבער אַלפאָנס טוסענעל, אין זיין ווערק: „יידן, די מושלים פון דער עפּאָכע" (1845), רעדט ער דאָכט זיך ווי אַ סאָציאַליסט און פאַרענדיקט ווי אַ פּשוטער אַנטיסעמיט:

„די גאַנצע און איינציקע צרה פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם ליגט אינעם יידישן גייסט, וואָס באַהערשט פראַנקרייך. קאַפּיטאַליזם איז אַ סינאָנים פון יידנטום." געלט־אַריסטאָקראַטיע — אַ סינאָנים פון יידישער אַריסטאָקראַטיע. „איך נעם דאָס וואָרט — שרייבט טוסענעל — אין דעם זינען ווי דאָס פאָלק באַנוצט עס: „אַ ייד, אַ באַנקיר, אַ געלט־הענדלער; יידן רעגירן און באַהערשן פראַנקרייך."

און לייענענדיק וועגן דעם באַרימטן דרייפוס פּראָצעס און דער פאַרביטערטער קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן אַרום אים ; אויך דאָרטן האָט ער ניט ווייניק באַוואוסטע סאָציאַליסטן געפונען, צווישן די אַנטי־

דרייפוסאַרן, און האָבן זיך באַנוצט מיט דער זעלביקער טערמינאָלאָגיע ווי די אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן.

אָנלייענענדיק זיך מיט אַט־די אַלע מאמרים וועגן דעם ענין, האָט אים ממש אַרומגעכאַפּט אַ שווידער. די געדאַנקען האָבן אים אַ שטויס געטאָן ער זאָל זיך אָנהייבן אַנדערש אָריענטירן. ער האָט איינגעזען, אַז וואָס שייך דער גויאישער וועלט איז עס ביי זיי כמעט ווי אַן אַקסיאָמאַ: אָדער אַלע יידן זיינען קאַפּיטאַליסטן, אָדער אַלע זיינען סאָציאַליסטן. עס געוועגדט זיך נאָר צו וועלכער מכּה מען דאַרף צולייגן דעם פּלאַסטער.

יואל'ס גלויבן אין דעם אַזוי־גערופענעם „אינטערנאַציאָנאַליזם" האָט זיך שטאַרק אָנגעהייבן צו וואַקלען. עפּעס האָט ניט געשטימט ביי אים דער חשבון, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעהויבן זיך צו גריבלען אין די אַלע היסטאָרישע מקורות בנוגע דעם יידן און זיין אָרט צווישן די פעלקער אין דער וועלט.

די טעאָריע, אַז „געפיל איז מעכטיקער פון שכל" גלאָריפיצירט זיך אַמבולטסטן, וואָס שייך דעם ייד, סיי ביי דעם פּשוטן המון, און סיי ביי די אַזוי־גערופענע אינטעלעקטואַלן, דענקער און פילאָזאָפן. אַלע האָבן כמעט אין מאָס און איין קאָמפּלעקס אין זייער באַצי צום יידן. די אַסימילאַציע טעאָריע, אין וועלכער ער האָט פריער זייער שטאַרק געגלויבט, האָט אָנגעהייבן ביי אים צעשוואומען ווערן און צעגיין, ווי שניי אונטער די שטראַלן פון אַ ברענענדיקער זון.

דער כסדר נאָכלויפן נאָך די פרעמדע פעלקער; דער ווילן צו פאַר־מישן זיך, אויסגלייכן זיך מיט די אַרומיקע, זיינען ווי הילפלאָזע פלאַס־טערלעך אויף אַן אייטערדיקער וואונד, וואָס פוילט און ווערט טיפער און טיפער. אויף דעם געשריי: „מיר זיינען דייטשן אָדער פראַנצויזן פון מאָזאַאישן גלויבן", האָבן די שכנים אונדזערע פּשוט אויסגעלאַכט זיך פון אונדז.

יואל האָט געזוכט אַן ענטפער צו אַט־דער דילעמע; אַ לייזונג צו אַט־די פראַגן און אומקלאַרקייטן, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק באַאומרו־איקט. און, ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס דווקא ביי מאַקס נאָרדאָו, דעם מחבר פון די „קאָנווענציאָנעלע ליגנס פון אונדזער צייט פון דער קולטור־מענטשהייט" און אין די „פּאַראַדאָקסן" זיינע, די קראַנקהייט פון יאָרהונדערט — האָט ער דעם ענטפער טיילווייז געפונען. נאָרדאָו — אַזוי האָט ער ארויסגעטייטשט פון זיינע ווערק — וועלכער איז געקומען צום אויספיר פון כמעט אַן אַלגעמיינער נעגירונג פון אַ צאָל אָנגענומענע

מנהגים און טראַדיציעס אין דער געזעלשאַפט און האָט זיי דעריבער באַצייכנט ווי „קאָנווענציאָנעלע ליגנס", איז דווקא ביי אים האָט יואל געפונען דעם שליסל צו די האַרבע שאלות און תשובות. פאַר אים איז טיילווייז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס וואָס מאַקס נאָרדאַו איז דווקא געקומען צום ציוניזם ווי אַ לייזונג צו דער יידן־פראַגע, איז עס נאָר אַ דאַנק זיין אויסטערלישע אויפפאַסונג און נעגאַציע פון די קאָנוונציאָנעלע באַגריפן אין דער אַרומיקער וועלט. דער מחבר פון די „פּאַראַדאָקסן" האָט ניט געזען אין זיין דיאַלעקטיק קיין שום פּאַראַדאָקס; און יואל האָט זיך נאָכדעם איבערצייגט, אַז אָט־דער גרויסער פענאָמענאַלער אַפּלייקענער און צווייפלער, איז גאָרניט אַזאַ ספק'ער, ווען ער האָט זיך אָנגעהייבן פאַרטיפן אין דעם רעאַלן פאַקטאָר פון ייד, יידישן קיום און יידיש־היימלאַנד...

יואל האָט אָנגעהויבן מער אינטערעסירן זיך מיט דעם ענין; ער האָט מיט טיפן ערנסט צוגעלייגט זיין אויער און האַרץ צו די שטימונגען און געבורט־ווייען פון דער נייער צייט...

ס'איז דאַן געווען די צייט ווען דער „מאָדערנער" דייטשישער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן האַפּטיקער פאַרשפּרייטן דעם יידן־האַס צווישן דער אינטעליגענץ און דייטשישן המון. אַ סך פון דער יידישער אינטעליגענציע האָט עס שטאַרק אָנגעהייבן באַאומרואיקן און, זיי האָבן גענומען ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דער ביי־געשאַפענער סיטואַציע. אַ צאָל פון זיי זיינען געקומען צום אויסדרוק, בנוגע דעם ענין, דורך וואָרט און האַנדלונג. דורך זייער מוטיקער שטעלונג צו ספּעציפישע יידישע פראַגן און פּראָבלעמען, איז מיטאַמאָל עפנטלעך באַקאַנט געוואָרן, אַז זיי זיינען וואַרעמע יידן און אפילו קעמפער פאַר דער יידישער רענעסאַנס, פאַר דער אויפלעבונג פון דער היסטאָרישער יידישער היימלאַנד. און, איינער פון זיי, וועלכער איז אפילו געוואָרן דער שטאַרקסטער עקספּאָנענט פון דער אידייע פון אַ יידישער אויפלעבונג, איז געווען דער גרויסער לערער זיינער, זייך באַליבסטער שרייבער און דענקער, מאַקס נאָרדאַו. ערשט דאַן האָט ער זיך אויך דערוואוסט, אַז נאָרדאַו איז אַ ייד, וועלכער האָט זיך באַקערט צום ציוניזם, און אַז דר. הערצל און דר. נאָרדאַו זיינען די פירער און קעמפער פאַר דער אידייע פון אַ יידנשטאַט.

גאָר אינגאַנצן פרעמד איז יואלן ניט געווען די יידישע נאַציאָנאַלע אויפלעבונגס באַוועגונגען: דער ציוניזם און „בונדיזם", וועלכע זיינען אויפגעקומען כמעט אין דער זעלביקער צייט, האָבן זיך אויך באַוויזן

אין זיין היים־שטאָט אויף דער „בירזשע״, וואו די צוויי ריכטונגען האָבן צווישן זיך אָרומגעריסן און ניט זעלטן איז עס אפילו געקומען צו גע־שלעגן. יואל האָט אָבער דאָן זייער ווייניק אינטערעס זיי אָרויסגעוויזן.ביידע שטרעמונגען, האָט ער געהאַלטן דאָן, האָבן שאָוויניסטישע טענ־דעדנצן און זיינען בלויז אַ שטער צו דער גרויסער אַלוועלטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס גייט האַנט־אין־האַנט מיט דעם אומפאַרמיידלעכן אַסימילאַציע פּראָצעס פון די יידן, וואָס וועט זיי אַריינברענגען אין דער משפחה פון פעלקער, ווי גלייכע צווישן גלייכע. דאָס וועט זיין — האָט ער דאָן געטראַכט — דער ענד־גילטיקער ציל פון אַ פּאַראייניקטער מענטשהייט און די גענצלעכע באַפרייאונג פון דעם אינדיווידיאום — דעם האָמאָ־סאַפּיענס...

אַוודאי איז אָט־דער אוניווערסאַלער געדאַנק אין איינקלאַנג מיט די אידייען און זעאונגען פון דעם נביא ישעיה, מיט זיין „והיה באחרית הימים״! איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט זייערע פּאַרטיי־שטרייטיקייטן, מיט זייער אויפגעשרויפטן נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם? אַ באַפרייטע מענטש־הייט, אָן קלאַסן, אָן ראַסן, איז געווען זיין קאָנצעפּציע און נאָענטער ענד־ציל...

לעצטנס אָבער איז פאָרגעקומען ביי אים אַ גרויסער שינוי אין זיין גאַנצן מהות דענקען, בנוגע דער יידן־פראַגע און די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען. זיין גרויסער לערער, מאַקס נאָרדאַו, וועלכן ער האָט לכתחילה פאַרהערלעכט פאַר זיינע „פּאַראַדאָקסן״, האָט ניט ווייניק משפּיע געווען ער זאָל מיט דעם ענין וואָס מער אָנהייבן זיך אינטערעסירן.

— אפשר זיינען דאָך מאַקס נאָרדאַו און דר. הערצל גערעכט מיט דער אידייע פון אַ יידן־שטאָט — אַ יידיש היימלאַנד? א פ ש ר....

הגם דער געדאַנק האָט זיך גאַנץ גוט געלייגט אים אויפן שכל; מחמת, וואָלטן די יידן טאַקע געהאַט די געלעגנהייט צו לעבן צוזאַמען אין איין קאָמפּאַקטע מאַסע, טעריטאָריעל; מיט אַן אייגענער עקאָנאָמי־שער ווירטשאַפט און אַגריקולטור, און במילא שוין אויך מיט אַן אייגענער אַנטוויקלטער יידישער קולטור, וואָלט דאָך דאָס פּראָבלעם י י ד טאַקע אויך פאַרענטפערט געוואָרן!... אָבער, ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן, צו רעאַליזירן, האָט עס אויסגעזען צו אים ווי אַ ווייטער, ווייטער חלום. אַ סך ווייטער אפשר, ווי די גרויסע סאָציאַלע רעוואָלוציע, אין וועלכער ער האָט נאָך געגלויבט דאָן באמונה שלמה. מחמת פּאָליטישע רעוואָ־לוציעס, האָט ער מיט זיך אַרגומענטירט, זיינען שוין פאָרגעקומען און

האָבן אויך געבראַכט פּאָליטישע פרייהייטן צו פעלקער, און יידן בתוכם האָבן אויך זייער פרייהייט און בירגער־רעכט באַקומען; אָבער, אַז די לאַנדלאָזע יידן זאָלן מאַכן אַ רעוואָלוציע צו דעראָבערן זייער לאַנד, וואָס איז לעת־עתה פאַרנומען און באַזעצט פון אַנדערע — דאָס האָט זיך אים עפּעס ניט אַזוי געלייגט אויפן שכל...

אמת, ער האָט שטאַרק באַוואונדערט די קליינע צאָל, מיט האַרץ און נשמה איבערגעגעבענע אידעאַליסטן, מיט זייער אומבאַגרעניצטע ליבע צום לאַנד פון די אָבות; באַהויכט מיט היסטאָריש יידישן נאַציאָנאַליזם, און זיינען אַוועק פּיאָנערעווען מיט מסירות־נפש אויף אָט־דעם פאַרוואורלאָזטן וויסטן לאַנד. אָט־די אידעאַליסטישע קעמפער, האָט ער געלייענט וועגן זיי, האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זייער פריערדיקן שיין־באַלעבאַטישן יחוס; זיי זיינען געוואָרן אמתע האָרעפּאַשנע שווערע ערד־אַרבעטער, און דער עיקר, וואָס זיי האָבן פאַרהערלעכט אַרבעט בכלל. דאָס איז אים, יואלן, שטאַרק געווען צום האַרצן, מחמת אויך ער האָט אַרבעט פאַראידעאַליזירט... הגם ער האָט די קליינע צאָל מסירות־נפש־דיקע פּיאָנערן באַוואונדערט פאַר זייער אידעאַליזם, איז ער אָבער אידעאָלאָגיש דאָך ניט גרייט געווען זיך צו אידענטיפיצירן מיט אָט־דער באַוועגונג.

## קאַפּיטל זעקס

**ס'איז געווען** אַ באַזונדער שיינער פרילינג־אָוונט. די לופט איז געווען אַ מאַיאָווע, אַ מליד אנגענעמע. אַלץ האָט איצט אָנגעהויבן צו בליען און וואַקסן, און ס'האָט זיך געטראָגן אַן אַראָמאַט פון בעז און דזשאַסמין. די פאַריזער בולוואַרן און פאַרקן זיינען געדיכט געווען מיט שפּאַצירנדיקע. פאַרלעך זיינען געזעסן אונטער די געדיכטע אַקאַציע־ביימער איך דעם טונקל, ווי סילועטן, און האָבן געפליסטערט ליבעס ווערטער צווישן זיך; שפּאַצירנדיקע פאַרלעך און גרופּן האָבן געשטיפט, געשמועסט און געפּלוידערט, און געטראָגן זיך ווי אַ שטראָם אין די אַלייען, אין די גאַסן, און מיט אַ פריידיקער לוסטיקייט הנאה געהאַט פון גאַטס לעבע־דיק וועלטל. ס'האָט זיך געפילט, ווי מיט דער דערוואַכונג פון דער נאַטור, האָט אויך דערוואַכט אין דעם מענטשן דער אייביקער דראַנג און לוסט, צו גליק, צו ליבע און צו פרייהייט...

די דראָזשקעס, מיט זייערע גרינע און רויטע פייערלעך, האָבן דורכגערוישט די בולוואַרן מיט די איילנדיקע פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן זיך געטראָגן, געיאָגט זיך ערגעץ־וואו, נאָך נאַכטיקע פאַרוויילונגען און פאַרגעניגנס.

די העלע פייערן אין די אָפענע גאַס־קאַפעען האָבן פריילעך באַלויכטן די זיצנדיקע געסט ביי די טישלעך מיט דעם שימערירנדיקן וויין און ביר אין די גלעזער, פון וועלכע זיי האָבן הנאהדיק געטרונקען און זאָרגלאָז פאַרוויילט.

ביי אַנדערע טישלעך, אין ווייניקער באַלויכטענע ווינקלען, זיינען געזעסן פאַרליבטע פּאָרלעך און שטימונגספול, געמיטלעך „געהאַלטן זיך הענט" מיט ליבלעך פאַרחלומטע אויגן געשמייכלט איינס צום אַנדערן און שטיל צווישן זיך געסודעט...

יואל און שאַראַ האָבן פּאַמעלעך שפּאַצירט צוזאַמען אין אָט־די העל־באַלויכטענע גאַסן און געשמועסט וועגן פאַרשיידענעס. מער פון אַלץ אָבער האָט יואל איצט געוואָלט איבערגיין צו אַן אינטימערן גע־שפּרעך מיט שאַראַן, טאַקע וועגן זיך, וועגן זיינע געפילן צו איר, וואָס ער טראָגט אַרום פאַרבאָרגן אין זיין האַרצן שוין אַ לענגערע צייט... אים האָט אויך שטאַרק באַאומרואיקט אַ געדאַנק וועגן שאַראַן: צי האָט זי ניט וועלכע עס איז אָבליגאַציעס צו אָט־דעם מירקינען, דער ראש פון דער „קאָמונע"; צי האָט זי פאַר אים וועלכן עס איז נאָענטן געפיל, ווי אָט־דער מירקין וויל אויף אַלעמען אַזאַ איינדרוק מאַכן. ער האָט געוואָלט איצט דירעקט פון איר מויל הערן וועגן דעם; ביי איר אַליין אויסגעפינען אירע אמתע באַציאונגען צו אים. אירער אַן אויפריכטיקער ענטפער וואָלט אים איצט באַרואיקט און ער וואָלט מער ניט צוגעהערט זיך צו די רייד פון באַקאַנטע וועגן איר; און אַז די באַרימעריי פון דעם מירקינען, אַז שאַראַ איז זיינע, איז נאָר אַ פּוסטער אָנשטעל אַזאַ. ער וואָלט זיך געפילט גליקלעך אין דעם מאָמענט, ווען ער הערט פון איר אייגן מויל די אָפּלייקענונג פון דעם וואָס ווערט אין דער שטיל גערעדט וועגן זייערע כלומרשטע באַציאונגען... אים איז עס געגאַנגען זייער שטאַרק אין לעבן צו דערגיין אָט־דעם אמת, מחמת ער האָט אָנגעהויבן פילן פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה, אַז ער טראַכט פון איר אָפטער און ערנסטער. און ניט סתם טראַכט ער ווי, אָט נאָך אַ מיידל אַ באַקאַנטע, נייערט טאַקע ווי פון איינער, מיט וועלכע ער וואָלט גרייט געווען זיך פאַראייניקן, זי זאָל ווערן זיין לעבנס־באַגלייטערין...

— אפשר איז די מאַמע דאָך געדעכט אין איר ברִיוו צו מיר — האָט ער נאָכאַנאַנד אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם — אַז שוין צייט ערנסט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ תכלית, חתונה האָבן, שאַפן אַ פאַמיליע, אַן אייגענע נעסט...

הגם ער האָט געהאַט ספקות בנוגע דעם ענין פון הייראַט, פאַרבינדן זיך; פלעגן אָבער לעצטנס אַט־די ספקות זיינע צערונען ווערן, ווען נאָר ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן שאַראָן...

אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט ער מיט זיך אַליין האָבן אַ וויכוח, פלעגט זיך אַליין געניטער אַנאַליזירן:

— טאַקע, וויפיל איז דער שיעור צו זיין אַליין, עלנט, אָן אַ גע־טרייער לעבנס־באַגלייטערין? „זוכן גליקן" דאָ און דאָרטן, מערסטע מאָל מיט ניט ווייניק אַנטוישונגען... אַפט מאָל אין אַ „פרעמדן גאָרטן" קריכן... ווי אַ גנב, מיט האַרץ קלעמעניש און צאַפּלעניש!...

אין אַזעלכע מאָמענטן פון זעלבסט־אַנאַליז פלעגט ער קומען צום אויספּיר, אַז שאַראַ וואָלט דאָך געווען די פּאַסיקסטע, די אָנגענעמ־סטע, לויט זיין געשמאַק און סענזיטיוויטעט. זי וואָלט אים אָן שום ספק, האָט ער געטראַכט, אַ סך ליבע און גליק געבראַכט... קיינער דאָ וואָלט אפשר קיין בעסערס און שענערס ניט געקענט זיך גאָר ווינטשן... זי איז שיין, האָט אָן אַ שיעור חן, גראַציעז און פיזיש געזונט אַנטוויקלט, רייצט זיין פאַנטאַזיע און שטאַרקט אומגעהויער זיין באַגער צו איר...

— אַט שפּאַציר איך איצט מיט איר אין גאַס און, כ'קען זיך ניט העלפן ניט צו באַמערקן עס, ווי אַ סך מענער־אויגן פאָלגן איר נאָך. זיי קערן אום זייערע בליקן צו איר, שוין נאָכדעם אפילו ווי זי איז זיי פאַרבייגעגאַנגען... זאָל איך זאָגן אַז ס'איז אַ פרעכהייט, ניט אין גוטן געשמאַק פון זייער זייט?... ניין, כ'ווייס ניט צי איך וואָלט בעסער געווען; כ'וואָלט אפשר, ווי זיי, אויך מקנא געווען איר מיטבאַגלייטער...

יעדער סענסיטיוו־עמאָציאָנעלער מאַן, מיט אָן אָפן אויג און נאַטיר־לעכן געשמאַק פאַר שיינקייט, וואָלט ניט געקענט זיך שיידן מיט אַזאַ אנגענעמענעם אנבליק פון אַ פאַרבייגייענדיקער שיין־אַנטוויקלטער פרוי, וועלכע, מיט איר שטראַלנדיקער פערזענלעכקייט, לאָזט איבער אַזאַ באַ־רוישנדיק בענקנדיק געפיל...

— אָ, כ'קען זיך משער זיין וואָס אַט די אַלע, פאַרכאַפּט פון איר שיינקייט, האָבן בשעתו געטראַכט וועגן איר, און אפילו דערנאָך איז דער

איינדרוק און וויזיע פון איר שיין געשטאַלט ניט אָפּגעטראָטן פון זייער געדעכעניש . . .

— יאָ, כ'ווייס זייערע מאָמענטאַנע טראַכטענישן: „אָ, וויפיל סענ־סועל הימלישן גליק, האַרציקסטע פרייד און זיסן פאַרגעניגן, אַזאַ פרוי ווי זי קען איינעם געבן!"...

נאָך אַזעלכע סובטילע מעדיטאַציעס איז זי אים נאָך מער באַגערנ־דיקער געוואָרן... ער איז גרייט געווען אפילו תיכּף מיט איר זיך צו פאַראייניקן אויף אייביק. מצד אים וואָלט עס אין דעם מאָמענט קיין שום מניעה ניט געווען. איז ער דען ניט גרייט געווען, כלומרשט לשם אידעאַל, גיין צוזאַמען אפילו מיט מיקין?...

— אפשר איז טאַקע בעסער וואָס האָט זיך אויסגעלאָזן אַנדערש — האָט ער איצט אַ טראַכט געטאָן. מיקי איז דאָך געווען אַן „אַנדערע"! מיט אירע בעסטע קוואַליטעטן, האָט זי דאָך געפונען זיך אין אַ באַזונדערער אויסנאַם־לאַגע. און כדי צו רעכטפאַרטיקן זיין דאַ־מאָלסדיקע עמפינדלעכע האַנדלונג, פון וועלן מיט איר זיך פאַרבינדן, האָט ער געמוזט נעמען דעם אידעאַל פון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם פאַר אַ מליץ־יושר, ווי אַ פאַרענטפערונג פאַר אַזאַ טאַט. און איצט, זייענדיק אַביסל ניכטערער פון יענעם איינפלוס און השפּעה, גיט ער פאַר זיך אַליין צו, אַז: — ווייל מיקי איז „אַזאַ", וואָלט די פאַרגאַנגענהייט אירע תמיד געשטאַנען ווי אַ טונקעלער שאָטן צווישן אים און איר...

— איז גוט וואָס דער גורל האָט מיך צוזאַמענגעבראַכט מיט שאַראַן, וועלכע האָט מיט איר שטראַלנדיק און לויכטנדיקע שיינקייט אַרויס־גערופן אין מיר אַזעלכע וואַרעמע געפילן און הייסע באַגערן צו איר, וואָס מאַכט מיר לחלוטין איצט פאַרגעסן אין יענע רעמיניסענצן פון די פריער איבערגעלעבטע פריידיקע מאָמענטן מיט אַנדערע . . .

* * *

שאַראַ איז געגאַנגען זייט ביי זייט מיט יואלן, און זי האָט אינטואי־טיוו דערפילט, אַז ער איז איצט שטאַרק באַוועלטיקט מיט זיך אַליין... ער שווימט אין אַ נעץ פון געדאַנקען, ראַנגלט זיך, וויל ערגעץ מיט עפּעס וואו צו צוקומען...

— וואָס טראַכט איר איצט, יואל? — האָט שאַראַ ווי פּלוצלינג אויפגעוועקט אים פון זיינע טיפע טראַכטענישן — איר ווייסט, אַז פאַר די לעצטע צען אָדער פופצן מינוטן זיינט איר געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיך אַליין, אַז איר האָט אפילו אַ וואָרט צו מיר ניט אַרויסגערעדט...

— וואָס איז עס, יואל? וואָס באַאומרואיקט אייך? מעג איך עס וויסן?
— האָט שאָרא מיט ניט ווייניק נייגער זיך געבעטן ביי אים ער זאָל איר דערציילן. — איר ווייסט, אַז איך בין אייך אַ פריינט און, אַז מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן פאַר אַ פריינט, ווערט אַ סך גרינגער.

מיט די פריינדלעכע ווערטער האָט שאָרא כמעט ווי פּראָוואָצירט יואלן ער זאָל אָנהייבן ריידן דווקא פון דעם, וואָס ער האָט לכתחילה געוואָלט מיט איר ריידן. שאָרא האָט אויף אַזאַ אופן געעפנט פאַר אים אַ טיר און, ער וואָלט זיך געקענט איצט באַנוצן מיט דער געלעגנהייט, עפּענען פאַר איר זיין האַרץ, דערציילן איר וואָס ער האָט לעצטנס אַזוי גערן געוואָלט דערציילן. ער האָט אָבער אָט־דעם גינסטיקן און פּאַסיקן מאָמענט איצט ניט אויסגענוצט. ער האָט אַלץ אָפּגעלייגט, אפשר ביי אַ מער אינטימער געלעגנהייט, האָט ער געטראַכט, וועט אים גרינגער זיין דאָס צו טאָן...

זיי זיינען אַריין אין אַ דערבייאיקער שטילער טעראַסע־קאַפע; האָבן גענומען פאַר זיך אַ קליין זייטיק טישל. יואל האָט באַשטעלט ביים קעלנער צוויי גלאָז טונקעלען ביר מיט פּרעצלס און האָבן שטיל, צווישן זיך, פאַרבראַכט איך ווייטערע שמועסן. דאָס וואָס יואל האָט געוואָלט און בדעה געהאַט איר צו דערציילן וועגן זיינע וואַרעמע ליבע געפילן פאַר איר, האָט ער אָבער געטאָן דאָס פאַרקערטע. ער האָט געזוכט פריער אויסצוגעפיענען ביי איר וועגן איר אייגענעם פּערזענלעכן לעבן; וועגן אירע פּלענער און אויסזיכטן פאַר דער נאָענטער צוקונפט.

— יאָ, שאָרא, כ׳האָב די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן אייך. איר ווייסט מסתמא און איר פאַרשטייט, אַז איך בין שוין גאָר נישט גלייכ־גילטיק צו אייך! איך האָב צו אייך אַ גאָר וואַרעמען אינטערעס און אפילו אַ ליבע־געפיל; אָבער פריער פון אַלץ וואָלט איך זייער וועלן וויסן פון אייך: וואָס זיינען אייערע אַמביציעס, אייערע שטרעבונגען און פּלענער פאַר דער צוקונפט. הגם מיר איז ניט אינגאַנצן פרעמד אייערע געדאַנקען און חלומות, וואָלט איך אָבער וועלן וויסן ווי אַזוי און דורך וועלכע וועגן און אויסזיכטן וועט איר אייערע אַמביציעס דערגרייכן? איר ווייסט זייער גוט, אַז ביי קיינעם פון אונדזער קלאַס, לעבנדיק איך אַרעמשאַפט, האָבן פאַנטאַזיעס און אַמביציעס זייער ווייניק פּאָטענצן רעאַליזירט צו ווערן...

— יאָ, יואל, כ׳ווייס זייער גוט: כ׳ווייס, אַז אַ סך, גאָר אַ סך טאַלאַנטן און פעאיקייטן ווערן ביי אונדזעריקע ממש פאַרלאָרן, מחמת ניט האָבנ־דיק, די מעגלעכקייטן און די געלעגנהייטן אַרויסצוקומען אין דער ליכ־

טיקער וועלט און א̇נטוויקלען זייער טא̇לא̇נט. אמת, כ׳הא̇ב אפשר ניט קיין באַשטימטן, באַזונדערן טא̇לא̇נט, אויף וועלכן מ׳קען זיך שטיצן אין דער פּראָפעסיאָנעלער קונסט און אויף וועלכער איך זאָל זיך קענען אָנ־שפּאַרן מיט אַ גרויסער האָפענונג; כ׳ווייס אָבער אויך די ווערט פון מיין שיינקייט, כאָטש איך זאָג עס אַליין, און דאָס איז מיין גרעסטער טאַלאַנט; אַ טאַלאַנט וואָס די נאַטור אַליין האָט מיר געשענקט, און האָט גוטע פּאָטענצן, האָף איך, צו געווינען פאַר זיך אַ פּלאַץ, אויב די געלעגנ־הייט וועט זיך נאָר באַווייזן צו מיר. גלויבט מיר, יואל, אַזוי ווי איך בין פריער געניגט געווען צוריקצעוויזן געוויסע פאַרשלאָגן, וואָס האָבן אין יענע מאָמענטן צו מיר ניט אימפּאָנירט, אַזוי וועל איך איצט די ערשטע בעסטע געלעגנהייט אויסנוצן און זיך אָנכאַפּן אָן דעם, כדי מיין אַמביציע און קאַריערע צו דערגרייכן... כ׳בין אין שטענדיקער דערוואַרטונג, יואל, אַז אַזאַ געלעגנהייט וועט פריער אָדער שפּעטער זיך דאָך מאַכן... אַזאַ געפיל האָב איך...

— וואָס איז באמת אייער שטרעבונג אין לעבן, וואָס איר זיינט לעצטנס אַזוי אומגעהויער גיריק און אַמביציעז עס צו דערגרייכן? — האָט יואל מיט ניט ווייניק אינטערעס געפרעגט ביי איר...

— כ׳האָב געמיינט אַז איר ווייסט!

— יאָ, כ׳האָב געוואוסט און געהערט אַז אַ פּאָר יונגע קינסטלער האָבן אייך יאָ פאָרגעשלאָגן איר זאָלט פּאָזירן פאַר זיי; איר האָט אָבער, דאַכט מיר, צו יענער צייט כמעט ווי קאַטעגאָריש זיי אָפּגעזאָגט. הייסט עס, אַז איר האָט געביטן אייער מיינונג, שאַראַ?

— יאָ, פריינט יואל, דאַן האָט עס צו מיר אויסגעזען מאָדנע ווילד און אַבסורד. איצט אָבער דענק איך אַנדערש. אָט־יענע קינסטלער האָבן טאַקע דאַן מיר געגעבן אַ שטויס צו דעם געדאַנק. כ׳האָב אַ סך נאָכגע־טראַכט וועגן דעם: אויב אַ שרייבער האָט דעם טאַלאַנט צו שרייבן, און אַ מאָלער דעם טאַלאַנט צו מאָלן, וואָרום זאָל מיין שיינקייט, האָב איך געטראַכט, ניט זיין קיין אָביעקט געמאָלן צו ווערן?!...

— מיין האָפענונג, דעריבער, איז צו ווערן אַ מאָדעלקע. יעדנפאַלס וועל איך פּרובירן. צו וואָס דאָס וועט מיך פירן, ווייס איך איצט ניט; וועגן דעם וועל איך שפּעטער טראַכטן. גלויבט מיר, יואל, אַז ס׳איז ניט אַזוי די קאַריערע — הגם דאָס איז אויך זייער וויכטיק פאַר אונדזערן אַ מענטשן — מיט מיר איז עס אָבער לעצטנס געוואָרן כמעט ווי אַ פיקס־אידעע. דער עצם פּאָזירן אַליין, געמאָלט צו ווערן, איז געוואָרן ביי מיר

אַ ציל־פּונקט אין לעבן... כ'פּיל אַז דער עכטער מאָלער, וואָס וועט אַרויס־ברענגען אויפן לייוונט מיינע שטריכן פון פּנים, דעם חן און רייץ וואָס איז פאַראַן אין מיר; און אויב ער וועט עס קינסטלעריש פאַרקערפּערן אין אַ הערלעך בילד פון אַ שיינער פרוי, וועט ער האָבן ניט נאָר דער־גרייכט אַ שיינע זאַך, אַז און פאַר זיך, נאָר ער וועט אויך ברענגען פאַרן אויג פונעם מענטשן אַזאַ פרויען געשטאַלט, וואָס וועט פאַראינטריגירן און באַוואונדערט ווערן...

— איר מוזט אַוודאי דענקען, חבר יואל, אַז איך האַלט פון זיך זייער שטאַרק, ווען איך רייד וועגן זיך אַזוי הויך, אַן באַשיידנקייט... ניין, ס'איז ניט קיין אייגן־ליבע אָדער גרויסהאַלטעריי. איך האַלט, אַז שיינ־קייט, ווי טאַלאַנט, איז אַ ברכה און אַ מתנה פון גאָט! און ווער סע באַזיצט עס, אַקצענטירט דערויף ס'רוב אויף איין אָדער אַן אַנדערן אופן...

— ניין, שאָראַ, כ'האַלט אַז איר זיינט גערעכט אין אייער מיינונג. און וואויל איז צו דעם, וואָס דערקענט אין זיך די פעאיקייט און טאַלאַנט און זוכט דעם טאַלאַנט צו אַנטוויקלען, אים צו דערהויבן צו אַ פאָלקאָ־מענער קינסטלערישער מדרגה, איידער פאַרנאַכלעסיקן זיך, פאַרלירן דעם גלויבן אין זיך, און מיט דעם, פאַרלאָרן גיין סיי פאַר זיך און סיי פאַר דער וועלט...

יואל האָט איצט קלאָר געזען מיט וואָס פאַר אַן עקזאַלטירנדיקע פרייד און קינדישע באַגייסטערונג שאָראַ האָט גערעדט צו אים וועגן אירע אַספּיראַציעס, אַמביציעס און שטרעבונגען, און ווי היגגעריסן זי איז געוואָרן פון איר אייגענער פאַנטאַזיע. ער האָט דעריבער, לעת־עתה אויף דעם מאָמענט, זיין פּערזענלעכן מאָטיוו לגמרי פאַרזען און ניט געוואָלט איצט זיינע געפילן פאַר איר אַרויסברענגען. געטראַכט האָט ער, אַז ער וועט ריידן צו איר וועגן זיך ביי אַ גינסטיקער געלעגנהייט; אָבער בשייכות מיט איר אַמביציעזער שטרעבונג איז אים אַרויפגעקומען אַ געדאַנק:

— מיט וואָס קען איך איר העלפן כדי צו מאַכן זי גליקלעך? וואָס קען איך פאַר איר טאָן, אַז איר פּלאַן און אַמביציע זאָל ניט בלייבן בלויז אַ חלום, אָדער גאָר אַן אַנטוישונג?

יואל האָט איצט געטראַכט, אַז מיט דעם וואָס ער וועט נעמען אַ נאָענטן אינטערעס אין אירע אַמביציעס און געבן איר אַ האָפענונג אויף אַ מעגלעכער רעאַליזירונג, וועט ער אַליין אויך ביי איר עולה יפה זיין; ער וועט ווערן אַ שיתוף צו אירע טראַכטענישן און חלומות. מיט דעם

אַליין וועט ער זיך מער דערנעענטערן צו איר און ס'וועט אפשר אויך אַ שטויס טאָן דעם ענין צו זיין געוואונשטער פאַראייניקונג מיט איר, וועגן וועלכער ער טראַכט לעצטנס אַזויפיל...

נאָך אַ קורצער פויזע האָט ער זיך צו איר געווענדעט:

— שאַראַ, ווי איך זע און פיל פון אייערע רייד, זייט איר אַבסאָלוט אַנטשלאָסן אָט־דעם פאַרטראַכטן פּלאַן אייערן צו רעאַליזירן. איך פיל אַז איר וועט זיך ניט באַרואיקן ביז איר וועט לכל הפחות ניט פּרואוון עפּעס צו טאָן בנוגע דעם ענין. כ'פיל אויך, אַז דאָס וואָלט אייך געבראַכט אַן אַ שיעור הנאה און באַפרידיקונג. ווייל איך איר זאָלט וויסן שאַראַ, אַז אייער גליק און פרייד איז אויך מ י י נ ע ר. מיר איז איצט איינ־געפאַלן אַ געדאַנק, וואָס איך פיל און איך גלויב, אַז דער געדאַנק וועט אונדז ברענגען עפּעס ממשותדיקייט אין דער ריכטונג. כ'וועל זיך דורכריידן מיט מיין נאָענטן פריינד, דעם מאַלער מאַרק, מאַרק ראבינסאָן. כ'וועל אים דערציילן וועגן אייך, וואָס פאַר אַ וואונדערלעך מיידל איר זיינט, וואָס פאַר אַ הויכע אַמביציעס איר האָט. כ'בין זיכער, אַז ער וועט ניט האָבן דאַגעגן פאַר אַ ראַנדעוואו און זיך דורכשמועסן מיט אייך וועגן דעם ענין בכלל. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, שאַראַ, האָט איר אים אַמאָל באַגעגנט אין דער „קאָמונע״ צו אַן אָוונט. כ'האָב אַליין אים פאַר אייך פאַרגעשטעלט.

— אַ, געוויס געדענק איך אים, יואל! כ'האָב אויך אַ טראַכט געטאָן וועגן אים אין שייכות מיט דעם. כ'האָב, נאַטירלעך, ניט געוואַגט אים אָנצובאָטן, זיך אַליין אָנשלאָגן פאַר אַזאַ באַגעגעניש. ער איז דאָך צו מיר כמעט ווי אַ ווילד־פרעמדער; איינגאַנצן אים איינמאָל געזען. כ'ווייס ניט צי ער געדענקט מיך אפילו! אגב איז ער אַ גאַנץ שיינער בחור אויך — האָט זי שמייכלענדיק באַמערקט — ער מאַכט זייער אַ פיינעם איינדרוק; וועז מען ווייסט ניט אפילו אַז ער איז אַ מאַלער, וואָלט זיין פּערזענלעכ־קייט און אויסזען אויף דערויף עדות געזאָגט, אַז ער מוז אַוודאי זיין אַ קינסטלער...

יאָ, יואל, כ'וואָלט זייער צופרידן געווען, ווען פון אַזאַ באַגעגעניש מיט אים וואָלט עפּעס ממשותדיקעס אַרויסגעקומען אין אָט־דער היינזיכט פון מיין הייסטן וואונטש.

— גוט, שאַראַ, כ'וועל זען פועלן ביי מאַרקן, אַז אַזאַ באַגעגעניש מיט אים זאָל טאַקע באַשטימט פאַרקומען.

אַ האַרציקן דאַנק, יואל, פאַר דעם אינטערעס אין מיר — האָט שאַראַ מיט אַ סך פרייד און כמעט קינדערישער אויפגעהייטערטקייט אויסגערופן. זי האָט אימפּולסיוו שטאַרק אַ דרוק געטאָן זײַן האַנט, וועלכע ער האָט בשעתו געהאַלטן אויפן טישל, ווי אַן אויסדרוק פון עכטער צופרידנקייט.

זיי זײַנען נאָכדעם נאָך אַביסל לענגער געזעסן ביים טישל אין קאַפע. ביידע האָבן איצט געשוויגן, ווי פאַרנומען יעדער באַזונדער מיט זייערע טראַכטענישן, און כמעט ווי דערשעפּטע פון די פריערדיקע רייד. זיי האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן פון טישל און אַרויס פון דער קאַפע, שפּאַצירנדיק, שווייגנדיקע, דעם גאַנצן וועג. האַלטנדיק זיין האַנט אין אירן, זײַנען זיי אַזוי צוגעקומען צום הויז פון דער „קאמונע״, וואו שאַראַ האָט געוואוינט.

ביים טיר פון הויז האָבן זיי זיך חבריש און ליבלעך צעזעגנט.

שאַראַ, באַהויכט מיט געפילן פון אַ גרויסער האָפענונג, וואָס יואל האָט אין איר אַריינגעגעבן, האָט זי זיך האַרט געגעגנט צו אים, און האָט אָפּגעפּרעסט אויף זיין מויל אַ גאַר וואַרעמען קוש...

## קאַפּיטל זיבן

יואל האָט פאַרלאָזן שאַראַן אַן אויפגעהייטערטער, אַ מוטיק פריי־לעכער אין אַ גאַר געהויבענער שטימונג. די נאָענטקייט מיט שאַראַן האָט אין אים געוועקט פריידיקע האָפענונגען. איר פּלוצלונגער הייסער קוש האָט נאָך איצט געצונדן זיין צעפלאַמט פנים און אַ מונטערער, אונטערפייפנדיק אַ ניגון, איז ער צוגעקומען צו זיין וואוין־אָרט.

ווען ער איז געבליבן מיט זיך אַליין אין זיין קליינעם צימערל, האָט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, די פריערדיקע געהויבענע שטימונג זיינע גראַדנווייז אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן. עפּעס ווי אַ שטילער אומעט האָט אים אַרומגענומען. אויפן מאָמענט האָט ער זיך אַליין ניט געקענט אָפּ־געבן קיין חשבון וועגן דעם אומבייט פון דער שטימונג אין אים. הגם ער האָט נאָך איצט געפילט אויף זיך דעם הייסן זאַפטיקן באַריר פון אירע ליפּן אויף זיינע, דאָך האָט ער געפילט עפּעס אַ מאָדנע נאָגעניש און אַ שווערקייט אויפן געמיט. ער האָט געפילט ווי ער ווערט וואָס אַמאָל מער אויפגעגעסן פון עפּעס אַ מין ספקות, וואָס האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן אים צו עגבערן אין מוח:

— איז איר איצטיקער קוש, וואָס זי האָט מיר געגעבן, טאַקע גע־קומען פון איר, ספּאָנטאַן און אימפּולסיוו אויס ריינער ליבע, צי ס'איז בלויז געווען מצד איר אַן אויסגערעכנטער, אַ מיושבדיקער אַקט פון דאַנקבאַרקייט צו מיר? — האָט ער אָנגעהויבן מיט זיך חקרנען — איז עס געווען בלויז אַן אַדערויף, האַנט־געלט, אַזוי צו זאָגן, כדי איך זאָל מיט מער חשק מיין צוזאָג צו איר דערפילן, אָדער, ביידע צוזאַמען?...

דער חקרן אין אים האָט זיך איצט ברייט און טיף צעשפּילט און אים אויף אַ האָר ניט געלאָזט צורו...

ער האָט דערנאָך אָנגעהויבן זיך פאַרוואַרפן אפילו, נאָך וואָס האָט ער גאָר אינגאַנצן דערמוטיקט איר צעשפּילטער פאַנטאַזיע, און נאָך צוגעזאָגט איר, אַז ער וועט זען זיכערן פאַר איר אַן אוידיענץ מיט מאַרקן!

— ווארום האָב איך בעסער ניט גערעדט צו איר וועגן זיך, וועגן מיינע געפילן צו איר, וועגן מיינע פּלענער פאַר ביידן, ווי כ'האָב לכתחילה בדעה געהאַט דאָס צו טאָן? אפשר וואָלט מיין פאָרשלאָג צו איר גאָר אינגאַנצן אומגעביטן איר פּלאַן, און זי וואָלט זיך באַפרייט פון איר פיקס־אידעע און גאָר פאַרמידן אומפאַראויסגעזעענע קאָנזעקווענצן? אפשר וואָלט דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון איר דענקען אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער אָנבליק און פּערספּעקטיוו?... ווען זי וואָלט דאַן ערנסט זיך פאַרטראַכט וועגן מיין פאָרשלאָג, וואָלט זי גאָר אויפגעגעבן איר אַמ־ביציע צו ווערן אַ מאָדעלקע, און מיר וואָלטן דאַן ביידע געגנאַגען אויף איין גלייכן אומצעשיידבאַרן וועג?...

—.אָבער, פאַרפאַלן; מיין צוזאָג צו איר מוז איך שוין האַלטן. וואָרעם, וועל איך זוכן פון דעם זיך איצט אַרויסצודרייען, וועט זי דעם וועג צו מאַרקן סייווי אַליין געפינען. דער פּועל־יוצא וועט זיין: כ'וועל דאַן בלייבן דער נאַר, דער פאַרשעמטער, און מוזן פון מיין געדאַנק זי אַרויסלאָזן גאָר אינגאַנצן....

יואל איז די נאַכט כמעט ווי ניט געשלאָפן. ער האָט זיך געבאָדן אין אַ ים פון ספקות און זיך געפּלאָנטערט אין זיינע גריבלענישן. ער ווייסט איצט אַליין ניט, צי מיינט ער עפּעס פאַר אָט־דער שאַראַן, אָדער זי איז נאָר אויסן צו רעאַליזירן איר פאַנטאַזיע, איר חלום געמאָלן צו ווערן ווי אַ מאָדעל־שיינהייט; געוויזן צו ווערן פאַר דער וועלט, איר פּרויען־רייפקייט און צויבער, און דורך דעם, ווי זי האָפט, צו שטייגן גאָר הויך... ווער ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ סופער פּלענער וועגן זיך האָט זי אויסגעפּאַנטאַזירט אין דעם יונגן שיינעם קאָפּ אירן?...

מיט אַ שווער געמיט איז ער פונדעסטוועגן אויף צו מאָרגנס דאָך אַרויפגעקומען צו זיין חבר מאַרק אין סטודיאָ, און אין אַ לענגערן שמועס אים דערציילט וועגן שאַראַן, וועגן איר שטאַרקן ווילן געמאָלן צו ווערן פון אים, ווי אַ מאָדעלקע. ער האָט ניט פאַרפעלט שטאַרק צו באַטאָנען זיין נאָענטשאַפט און באַציאונג צו דער מיידל, אַז ער האָט אַ גאַר נאָענטן און וואַרעמען אינטערעס אין איר. הגם יואל איז נאָך געווען אין גרויס ספק, צי שאַראַ האָט בכלל פאַר אים וועלכע עס איז ליבע־געפילן, האָט ער פונדעסטוועגן, פון זיכערקייט וועגן, מאַרקן געגעבן אָנצוהערן, אַז אָט־די מיידל שאַראַ, וועגן וועלכער ער רעדט צו אים איצט, איז אויך נישט גלייכגילטיק צו אים און, אַז זיי האָבן, הייסט עס, געמיינזאַמע פּלענער פאַר דער צוקונפט...

ער האָט דעריבער געבעטן מאַרקן ער זאָל אים טאָן אַ פּערזענלעכע טובה און איר אויפנעמען, האָבן מיט איר אַן ערנסטן שמועס וועגן דעם ענין. און וואָרום טאַקע ניט? וואָרום זאָל טאַקע מאַרק ניט וועלן מאָלן איר אין אַזאַ פּאָזע, ווי זי האָט פאַר זיך אויסגעמאָלט אין איר אייגענער פאַנטאַזיע?... אפשר וועט זי טאַקע מיט איר אויפזען איבעראַשן די קונסט מבינים אויף איר שיין־פּרווילעכקייט און פאָלקאָמענקייט? און אַז דאָס וועט געשען — האָט ער אָנגעהויבן פאַר זיך מעדיטירן — וועט זי זיך ענדלעך קענען אַרויסרייסן פון אָט יענעם מאָדנעם אנימאַלישן ווינקל, די אַזוי־גערופענע „קאָמונע". זי וועט זיך ענדלעך באַפרייען פון דער פיינלעכער אַרעמשאַפט, מיט וועלכע זי איז אַרומגערינגלט, און וועט זיך אפשר דאָך דערשלאָגן צו אַ קינסטלערישער סביבה, נאָך וועלכע איר סענסועלע ראַפינירטע נאַטור בענקט אַזוי שטאַרק?...

מאַרק, בטבע אַ געלאַסענער און צומאָל אפילו אַן אויסגערעכנטער, האָט יואלן אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערק, ביי אַ טעפּעלע קאַווע אין זיין אַטעליע. ער האָט גאַנץ גוט באַנומען סיי די בקשה פון זיין נאָענטן חבר, וועלכער וויל עפּעס טאָן פאַר זיין האַרצנס־געליבטער מיידל, כדי ביי איר בושא־חן זיין און, אפשר דורכדעם טאַקע אויך איר און זיך מאַטעריעל פאַרבעסערן; און אַלס קינסטלער, האָט ער אויך געקענט גאַנץ גוט פאַרשטיין די געפילן און ראַנגלענישן פון אַ שיינער יונג־פרוי, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט חלומות און פאַנטאַזיעס, נעסטלט אין זיך גרויסע האָפענונגען אַרויסצורייסן זיך פון דעם ענגן, מאָנאָטאָנעם, שאַבלאָנעם לעבן און אַריינקומען אין אַ וועלט פאַר איר אַ נייע, אַן אויסגעחלומטע...

מאַרק האָט צוגעזאָגט יואלן, אַז ער וועט אויספילן זיין בקשה, און ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט זאָלן זיי ביידע צו אים אַרויפקומען, זיך דורכשמועסן וועגן דעם ענין אַביסעלע גענויער, מער פּרטימדיק...

# קאַפּיטל אַכט

ס'איז געווען אַ שיינער לויטערער טאָג, ווען יואל און שאַראַ האָבן זיך באַוויזן אין מאַרק'ס סטודיאָ. מאַרק האָט זיי ביידן זייער פריינדלעך אויפגענומען. ער האָט אָוועקגעלייגט אַן אַרבעט מיט וועלכער ער איז געווען פאַרנומען און האָט זיי אַרומגעפירט וויַיזן די בילדער וואָס זיינען געהאָנגען אויף די ווענט. אַ צאָל לייוונטן פאַרענדיקטע, נאַטור־טריי געמאָלענע און אויך גראָטעסקע. שאַראַ און יואל האָבן באַזונדערס אָפּגעשטעלט זיך ביי איין לייוונט אין „ביוד". זיי האָבן באַטראַכט דאָס בילד מיט מער אויפמערקזאַמקייט ווי די אַנדערע בילדער. מאַרק איז געשטאַנען פון דער זייט און האָט מיט זיין קינסטלעריש אויג און געשמאַק באַטראַכט שאַראַן און איר גאַנצער געשטאַלט. זי איז אים געפעלן געוואָרן פון ערשטן אויגנבליק. הגם ער האָט עס איבערפלעכלעך ניט אַרויסגעוויזן, האָט ער אָבער געפילט אַז די מיידל האָט געמאַכט אויף אים אַ גוטן איינדרוק. זי האָט אין זיך אַ סך חן און, אַן אָריגינעל פּנים.

שאַראַ האָט אין יענעם מאָמענט באַזונדערס שיין און בליענדיק אויסגעזען. דאָס פּייערל אין אירע טיפע טונקעלע אויגן און דער באַהנטער שמייכל אויף אירע קאַרמין רויטע ליפּן, האָט מאַרקן שטאַרק באַרוישט. זי איז איצט געווען אָנגעטאָן אין גוט־געפּאַסטע קליידונג, וואָס האָט באַזונדערס, מיט געשמאַק אַרויסגעבראַכט די קאָנטורן פון איר רייף רייצנדיקן שיינער קערפּער־געבוי... זי איז געווען הויך אין וואוקס, איר שיינער קאָפּ טונקל־שאַטאַנענע האָר האָט ווי אַ קרוין אַרומגענומען איר פיינעם פּלאַסטישן שטערן און פּנים, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעלויכטן אַ פּאָר טונקעלע ציגיינער אויגן... אירע געזונטע אויסגעפילטע היפּטן און די פולע בערגלדיקע בריסטן, וועלכע, ביי יעדן ריר פון איר באַוועגלעכן קערפּער, האָבן זיך געצאַפּלט ווי לעבעדיקע טויבן, האָבן עדות געזאָגט, אַז עס שטייט פאַר אים „די פרוי פון רייפער פאָלקאָמענקייט". . .

יאָ, איר בילד אויף אַ שער־בלאַט פון אַ פּאָפּולערן זשורנאַל, וואָלט זיכער געצויגין אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט פון דעם דורכשניט פּראַנ־צויזישן מענטשן, ווען ער וועט זי באַמערקן ביי דעם צייטונגס־קיאָסק — האָט מאַרק פון זיין ערשטן איינדרוק אַ טראַכט געטאָן וועגן איר.

שאַראַ, נאַטירלעך, איז גרייט געווען כאַטש תיכף געמאָלן צו ווערן. זי איז איצט געווען אין „זיבעטן הימל" פאַר פרייד. זי האָט געפילט אַז זי האָט געמאַכט אויף מאַרקן דעם געוואונשטן איינדרוק, און צוליב דעם אַליין, האָט זי געפילט, אַז איר פאַרטראַכטער חלום צו ווערן אַ„מאָדעלקע" וועט נאָך אויך ווערן אַ רעאַליטעט. זי האָט איר איצטיקע גרויסע פרייד, וואָס האָט ממש ווי אַרויסגעשפּרודלט פון איר, ניט געקענט אין זיך איינהאַלטן. זי איז מיטאַמאָל צוגעלאָפן צו מאַרקן און, כמעט מיט קינ־דישע נאַאיוויטעט אויסגערופן:

— נו, מוסיע מאַרק, כ'בין גרייט צו פּאָזירן פאַר אייך!...

מאַרק האָט האַלב שמייכלענדיק געזוכט אויף אַ לייכטן אינטימען אופן באַרואיקן איר און אָפּקילן אַביסל איר אויפגעהייטערטע באַגייס־טערונג. הגם ס'האָט אים שטאַרק הנאה געטאָן, קוקנדיק אויף איר שטראַלנדיק און אויפגעלויכטן געזיכט...

מאַרק האָט פּרובירט צו דערקלערן זיין אויפפאַסונג און צוגאַנג צו מאָלן אַ בילד פון אַ פּערזאָן אָדער אַפילו אַ לאַנדשאַפט, הגם ס'איז ניט געווען פאַר אים אַזוי גרינג און פשוט:

— שאַראַ, איך באַוואונדער אייער באַגייסטערונג און גרויסן חשק געמאָלט צו ווערן פון מיר, אָבער וויסן זאָלט איר, אַז ס'איז גאָר ניט אַזוי פשוט ווי איר זיינט זיך משער. קודם, מוז געמאַכט ווערן די נויטיקע הכנות; דער קינסטלער דאַרף גייסטיק זיין גרייט אַריינצולעבן זיך אין דעם ענין — האָט ער אָנגעהויבן דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט פאַרביידן, פאַר שאַראַן און יואלן.

אַן עכטער קינסטלער, מיינע טייערע, קען ניט, מיר־ניט דיר־ניט, מיטאַמאָל זיך אַוועקשטעלן צו אַן אַרבעט פון אַ געוויסן אָביעקט אָדער פּייסאַזש. און ס'איז אויך קיין חילוק ניט צו וואָס פאַר אַ שולע דער מאָלער זאָל ניט געהערן: צי ס'איז נאַטוראַליזם, אימפּרעסיאָניזם, סור־רעאַליזם, אימאַזשעניזם אָדער אַנדערע. דער מאָלער איז ניט קיין פאָטאָ־גראַפיסט, וואָס שטעלט אַן דעם אַפּאַראַט זיינעם און איינס־צוויי און פאַרטיק! כדי צו מאָלן אַ פּערזאָן, און דער עיקר אַזאַ שטראַלנדיקע און

וויבריר̈נדיקע געשטאַלט ווי שאַראַ, איז ווי אַן הייליקע עבודה. עס איז ווי די יצירה פון אַ געטלעך ווערק...

— דער עכטער קינסטלער מאָלט ניט בלויז דאָס אויסערלעכע, וואָס ער זעט מיט דעם נאַקעטן אויג — האָט ער אַלץ געפּרוּווט זיי צו דערקלערן, ווי ער וואָלט גערעדט פאַר אַ קלאַס סטודענטן — נייערט ער דאַרף און טאַקע בעיקר, אַרויסברענגען דאָס ספּעציפיש אינערלעכע פון דער פּערזאָן אין אַלע קאָמפּליצירטקייטן און ניואַנסן...

— קאָנסט ניט מאָלן אויב דו פילסט ניט דורך און לעבסט ניט דורך דאָס, וואָס דו טוסט און שאַפסט. און — ווענדנדיק זיך דירעקט צו שאַראַן — כ'וויס דאָך נאָך אַזוי ווייניק וועגן אייך, מיין ליבע שאַראַ! איידער איך נעם זיך אונטער עפּעס צו טאָן, מוז איך זיך מיט אייך אַ סך מער און נעענטער באַקענען, ווי איך בין. ס'וועט צו אייך אפשר אויסזען מאָדנע דאָס וואָס כ'וועל אייך זאָגן, אָבער, כ'דאַרף עס אַלץ וויסן: כ'מוז זיך באַקענען מיט אייער לעבנס־גאַנג, מיט אייער דערציאונג, מיט אייער מהות דענקען און וויסן; אייערע כאַראַקטער־שטריכן און טעמפּעראַמענט, אייערע אייגנשאַפטן. און אפילו דערשפּירן אייער אינטואיציע.. און פּונקט ווי אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער זוכט ביים פּאַציענט זיינעם אויסצוגעפינען אַלע פּרטים פון זיין קינדהייט, כדי צו קענען לייזן געוויסע פּראָבלעמען, אַזוי האַלט איך, אַז ס'איז אויך ניט ווייניקער וויכטיק פאַרן מאָלער זיך צו פאַרטיפן און פּסיכאָלאָגיש אַנאַליזירן זיין אָביעקט, כדי וואָס בולטער אַרויסברענגען דאָס יחידישע, דאָס באַזונדער אייגנאַרטיקע, און אַלע ניואַנסן פון דער באַטרעפנדיקער פּערזענלעכקייט...

מאַרק איז אויף אַ מאָמענט אַנטשווגן געוואָרן און האָט נאָכדעם געצויגן דעם אויפמערק פון שאַראַן און יואלן אויף אַ בילד אויף דער וואַנט.

— איר זעט אָט־דאָס בילד, אין יענעם ווינקל רעכטס, וואָס איז ספּעציעל באַלויכטן, און ביי וועלכן איר זיינט נאָר וואָס געשטאַנען און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט באַטראַכט? איך זע, ס'האָט גוואַלדיק פאַר־כאַפּט אייער אויג. אָט־דאָס דאָזיקע בילד אין אויל באַצייכנט „ביוד", האָב איך **ניט** געשאַפן; אָבער פאַר מיר איז **עס** ווי אַ הייליקער עקזעמפּליאַר און מוסטער פון טיפער פאַרטראַכטונג און גרויס מייסטער־שאַפט... דאָס איז די קרעאַציע פון אַ גאָר גרויסן מאָלער מיטן אומ־פאַרגעסלעכן נאָמען: מאָדיגליאַני. און קינסטלער קענען פון אים לערנען זייער אַ סך. זיינע אַרבעטן זיינען מערסנטס פאַנטאַסטישע, טרוימערישע

און דאָך מיט דער רעאַליטעט וואונדערבאַר צוזאַמענגעבונדן. די מערסטע קריטיקער און קענער פון דער פראַנצויזישער מאָל־קונסט זאָגן, אַז זיינע „ניודס" זיינען די שענסטע אין דער פראַנצויזישער קונסט. די „ניודס" פון אַ מאָדיגליאַני קען מען ניט פאַרגעסן; זיי זיינען ניט נאָר עראָטיש, נייערט זיי באַרירן אונדזער נשמה. ניטאָ אין זיינע בילדער קיין סימן פון וואולגאַריטעט. פאַרקערט, זייווירקן אויף דעם מענטשן דערהויבנדיק.

— יאָ, אַזעלכע בילדער פון עכטער קונסט לאָזט זיך ניט מאָלן אַזוי גיך אויפכאַפּנדיק. מ'דאַרף זיך גוט פאַרטראַכטן און איבערלעבן די אידייע, דעם סוזשעט, וואָס מ'האָט בדעה צו שאַפן. דאָס האָב איך אַלץ געוואָלט פאַר אייך אַרויסברענגען, מיינע ליבע, שאַראַ און יואל, לטובת דעם פּלאַן און אידייע וואָס איר האָט געבראַכט צו מיר...

שאַראַן איז אפילו ניט געווען קלאָר געווען וואָס מאַרק האָט געמיינט מיט דער גאָר לאַנגער דערקלערונג זיינער, מכוח דער אינטואיציע פון דער פּערזענלעכקייט און פּסיכאָ־אַנאַליז. זי האָט לכתחילה ניט געקענט פאַר זיך מסביר זיין די פאַרוואַנדשאַפט צווישן איר אינערלעכן איך און דראַנג און איר אויסערלעכן אויסזען. צו וואָס און צוליב וואָס מאַרק האָט געמאַכט אָט־די אַלע הכנות און צעגלידערט אָט־דעם גאַנצן ענין מיט פאַרגלייכונגען און מיט אַזויפיל שיין־ריידעריי; דאָס האָט זי אין דעם מאָמענט ניט געקענט משיג זיין. מיט איר פרויען אינסטינקט האָט זי אָבער גאַנץ קלאָר באַנומען אַז, סיי יואל און סיי מאַרק, זיינען אין איר שטאַרק פאַראינטערעסירט און, אַז זי איז זיי ביידן געפעלן — אין דעם איז ביי איר קיין שום ספק ניט געווען...

שאַראַ, נאַטירלעך, האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף מאַרק'ס אָנווענדונג און באַשטימונג, ווי נאָר מסכים צו זיין; מחמת זי האָט דאָך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט . . .

פון דעם לענגלעכן געשפּרעך צווישן די דריי איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז שאַראַ וועט דאַרפן אַרויפקומען צו מאַרקן אין סטודיאָ וואָס אָפטער, כדי וואָס היימישער און נאָענטער ווערן צווישן זיך, און די צייט אַליין וועט ווערן דער באַראָמעטער און באַשטימער פון דעם מאָמענט ווען שאַראַ וועט פאַר אים, ענדלעך, קענען פּאָזירן...

הגם יואלן האָט זיך אַביסל יאָ געלייגט אויפן שכל מאַרקס אָנווענדונג און אָריענטאַציע בנוגע דעם ענין פון מאָלן אַ באַשטימטן כאַראַקטער־טיפּ, האָט ער אָבער אויך ניט אינגאַנצן געוואָלט אָדער געקענט מסכים זיין צו דעם געדאַנק.

— צו וואָס טאַקע אַזעלכע לאַנגע הכנות בכלל — האָט ער אָנגע־הויבן טראַכטן אין שייכות מיט מאַרק׳ס רייד — פונקט ווי ער וואָלט זיך געקליבן חתונה האָבן פאַר איר, און צוליב דעם, הייסט עס, וויל ער וויסן געגוי און פּרטימדיק וועגן איר לעבן, וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, און וואָס ניט ? . . .

וואָס לענגער יואל האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ מער און האַרבער האָט אים געװעגבערט אָט־דער געדאַנק און האָט אים שוין מער ניט געגעבן קיין רו...

— און אפשר איז ער, מאַרק, טאַקע אויך ניט גאָר אינגאַנצן גלייכ־גילטיק צו שאַראַן?... זיכער איז, אַז שאַראַ האָט געמאַכט אויף אים אַ אַ שטאַרקן איינדרוק, און צוליב דעם טאַקע אַליין האָט ער עס געמאַכט אָט־די לאַנגע הכנות באַווירצט מיט שיין־רעדעריי, פון פּסיכאָ־אַנאַליז, כדי טאַקע צו קענען לערנען שאַראַן אַביסל מער, באַקענען זיך מיט איר נאָענטער, וויסן אַלזייטיק דעם קאָמפּלעקס שאַראַ, און ניט סתם בלינד אַזוי צו זאָגן, אַריינפאַלן ביים ערשטן אויגנבליק... מאַרק, האָט ער געטראַכט, איז אַ סטאַטיש־געדולדיקע נאַטור, און מיט דער מעטאָדע וואָס ער פאַרנעמט זיך, וועט ער האָבן די געלעגנהייט צו לערנען איר אירע כאַראַקטער־שטריכן און טעמפּעראַמענט, אירע געפילן און שטי־מונגען. תחילת, וועט ער, לויט זיין געלאַסנקייט און באַרעכנטקייט, זיך ניט לאָזן הינגעריסן ווערן פון איר פרויען־רייץ און שיינקייט; ער וועט אָבער מיט זיין גאַנצער עקשנות און שטאַרקייט דאָך פאַלן פאַר איר און וועט נאָכגעבן אירע וואונטשן; און אין די נאָענטע מאָמענטן פון איר פאַזירן פאַר אים, וועט ער האָבן אַלע מעגלעכקייטן און געלעגנהייטן צו שטודירן איר כאַראַקטער, איר מהות דענקען און האַנדלונג.

זייענדיק נאָענט מיט איר וועט ער זי קענען לערנען, צי זי וועט קענען קעמפן מיט זיך אַליין, ביישטיין אַ נסיון, דערדריקן אין זיך געפילן און באַגערן, און אויב זי איז בכלל אַזעלכע פאַר אים. מאַרק וועט אויך וועלן וויסן, צי זי וועט אַרויסווייזן כאַראַקטער שטאַרקייט, אויסנאַמלעכ־קייט און אינדיווידואַליטעט. יואל האָט זייער גוט געקענט די כאַראַקטער שטריכן פון זיין יוגנט־חבר מאַרק. הגם ער וועט פריער וועלן זיין גוט איבערצייגט אין שאַראַ׳ס אויפריכטיקייט אין אירע ערנסטע געפילן צו אים, איידער ער וועט זוכן ביי איר אַ צוזאָג און אַ האָפענונג אויף אַ לענ־גערער פערמאַנענטער פאַרבינדונג מיט איר; וועט ער אָבער דאָך אַזוי

שטאַרק הינגעריסן ווערן פון איר שיינער געשטאַלט, אַז ער וועט אין אין אַלץ נאָכגעבן...

אַזעלכע ספקות און ראַנגלענישן מיט זיך האָט מיט אַמאָל אים אַרומגעכאַפּט, בנוגע זיין חבר מאַרק אין שייכות מיט שאַראַן, נאָך זייענדיק ביי מאַרקן אין סטודיאָ. ער האָט עפּעס מיט אַמאָל דערפילט, ווי ס׳ווערט אַוועקגעשטעלט אַ מחיצה צווישן אים און שאַראַן און ווי ער שטייט איצט אין מיטן אַ קרייץ־וועג און ווייסט נישט אויף וועלכן וועג זיך צו נעמען.

## קאַפּיטל ניין

שאַראַ און יואל האָבן זאַלבעגאַנד פאַרלאָזן מאַרק׳ס סטודיאָ, אָבער מיט גאַנץ באַזונדערע געפילן און שטימונגען: בעת שאַראַ איז געווען דערהויבן און דערמוטיקט פון דעם געדאַנק, וואָס ענדלעך האָט זיך געעפנט פאַר איר אַ טיר צו דער וועלט, אין וועלכער זי האָט האָט זיך געריסן אַריינצוקומען, איז אָבער יואל געווען שטאַרק דערשלאָגן און דערדריקט. ער האָט זיך געפילט איצט ווי איינער, וועמען מען האָט מיט־אַמאָל אָנגעזאָגט עפּעס אַ גאַר שלעכטע בשורה. ער האָט אינטואיטיוו דערפילט, אַז די טיר צו זיין חבר מאַרקן, וואָס ער האָט געעפנט פאַר שאַראַן, וועט אפשר אויסקומען איצט, אַז די זעלבע טיר וועט פאַר אים פערזענלעך פאַרמאַכט ווערן...

ער האָט געזען, אַז שאַראַ איז איצט אינגאַנצן באַוועלטיקט מיט דער אידייע און דראַנג געמאָלן צו ווערן פון מאַרקן. ענדלעך וועט איר חלום, איר „פּיקס־אידייע" ווערן אַ רעאַליטעט; די אויגן פון דער וועלט וועלן איר זען און באַוואונדערן, און ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם, וועט זי זיך טאַקע אויך קענען דערשלאָגן צו אַ קאַריערע. זי וועט ענדלעך אַרויסרייסן זיך פון דער אָרעמשאַפט אין וועלכער זי האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט. עס העגגט איצט אינגאַנצן אָפּ אָן דעם, ווי גיך און אַנטשלאָסן מאַרק וועט זיין אָט־די שאַפונג איבער איר אָנצוהויבן. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן איר וועט קיין מניעה ניט זיין. יואל האָט אָבער איצט געפילט, אַז איר אָנהייב אין דער ריכטונג איז שוין כמעט ווי אַ זיכערער, און דער ערשטער טראָט צו איר ציל איז שוין אַ געוואונענער. דעריבער איז זי איצט אַזאַ אויפגעהייטערטע און אַזאַ גרויסע עקזאַלטירנדיקע פרייד האָט פון איר אַרויסגעלויכטן...

פון זיינע איצטיקע מעדיטאַציעס איז ער דערנאָך אַריינגעפאַלן אין שווערן געמיט און טיפע גריבלענישן אין זיך און מיט זיך. נאָכדעם איז עס ביי אים איבערגעגאַנגען אין אַ מין טראַכטעניש אין דער הויך און כמעט ווי זיך פאַרגעוואָרפן מיט ווערטער:

— ווי קום איך דאָ אַריין אין אָט־דעם „דריי־עק״?... ס'איז דאָך אויגנשיינלעך, אַז שאַראַ וועט שוין מאַרקן נישט אָפּלאָזן; זי וועט זיך באַמיען וואָס מער צו דערנעענטערן זיך צו אים, און וועט טאָן אַלץ וואָס איז אין איר כוח אים צו געווינען פאַר זיך. און מאַרק אַליין, ניט זייענדיק לעת־עתה פאַרבונדן מיט קיינעם, וועט אויך ניט זיין קיין צו שטאַרקע מניעה. זיכער איז, אַז ער וועט נישט קענען ביישטיין די נסיון און ניט פאַרכאַפּט ווערן פון שאַראַ'ס לויכטנדיקע געשטאַלט און פרויען־רייץ, און סוף כל סוף, וועט ער זיך מיט איר פאַראייניקן, פאַרבינדן...

— יאָ, אַ גליקלעכער טייוול!

— שאַראַ איז אַן אייגנאַרטיק מיידל; אַביסל עקסצענטריש, רייסט זיך צו עפּעס. דאָס וואָס זי פאַרמעסט זיך צו דערגרייכן איז ביי איר אַן עיקר פון אַלע עיקרים. זי וועט נישט נאָכלאָזן, נישט אויפגעבן, ביז אָט־דער הייסער פאַרלאַנג אירער, צו ווערן אַ מאָדל־מיידל, וועט ווערן אַ רעאַליטעט. מאַרק איז פאַר איר אַ גאָט־שיקונג, אַ גרויס געשאַנק. כ'ווייס בכלל נישט צי זי האָט מיר גאָר וועגן עס איז ערנסט גענומען אָדער גאָר אין זינען געהאַט. בפרט, אַז איך האָב נישט קיין שום אויסזיכט און צוזאָג אויף אַ זיכערן מאָרגן. מיין איצטיקער מצב איז אַ קלעגלעכער; מיינע עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון זיינען זייער מאָגערע. איך בין אָרעם ווי אַ „קלויסטער מויז״. מיינע איצטיקע פאַרדינסטן קלעקן מיר קוים, קוים אויף מיין אויסקומעניש. און זי, שאַראַ, שוועבט אין די הימלען, האָט גרויסע פאַנטאַזיעס און אַמביציעס! זי וויל ערגעץ קומען, זיך צו עפּעס דערשלאָגן, דערגרייכן; דורך מאַרקן, האָפט זי, וועט זי צו איר ציל קומען...

— צו וואָס זיין זיך גענאַרט — האָט ער אָנגעהויבן מאַכן פאַר־גלייכונגען צווישן זיך און זיין חבר מאַרק. — מאַרק פאַרנעמט שוין איצט אַן אָנגעזען אָרט אין דער מאַלעריי. ער איז אפשר נישט רייך, אָבער ער איז מער־ווייניקער געזיכערט מיטן מאָרגן. און נאָך עפּעס דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט: מאַרק איז טאַקע אַ שיינער בחור דערצו, וואָס קען געפעלן ווערן אַ מיידל, פון ערשטן אויגנבליק! און דאָס גיט אים אַוודאי די פּרעפערענץ גרינג צו געווינען פאַר זיך שאַראַן,

אַט־די שווערע געדאַנקען האָבן זיך געלייגט אויף אים ווי אַ שווערע משא און געעגבערט נאָכאַנאַנד זיין מוח, פון זינט יענעם טאָג אַז ווען ער האָט צוזאַמענגעפירט שאַראַן מיט מאַרקן.

— אָרעמער קערל וואָס דו ביסט — האָט ער צו זיך אַליין אויס־גערופן — אַליין געוועזן דער שדכן, און אין דער זעלביקער צייט, אַליין געוואָרן דער קברן פון דיינע האָפענונגען...

געווען מאָמענטן וואָס אַ געדאַנק פלעגט אים אונטערזאָגן: אפשר וואָלט איך דאָך געהאַט אַן ערנסטן שמועס מיט שאַראַן? ווארום טאַקע אַזוי גרינג אויפגעבן, נאָכגעבן?... אייגנטלעך האָב איך וועגן דעם עצם ענין, אַז איך האָב זי אמתדיק ליב, מיט איר נאָך אפילו געגנוי נישט גע־גערעדט! איך בין זיך משער, אַז זי ווייסט עס און פאַרשטייט מיינע גע־פילן צו איר, איז ווארום טאַקע ניט הערן פון איר אייגן מויל אַ באַשטימטן „יאָ" אָדער „ניין"?... אָבער, אין זעלביקן מאָמענט האָט ער תיכף צוריק־געוואָרפן אַט־דעם געדאַנק:

— צו וואָס? צו וואָס זיך נאַריש מאַכן? מוז איך טאַקע אַט־די באַ־ליידיקונג פאַר מיר, פון איר אַליין הערן?... איז עס דען נישט גענוג קלאָר פאַר מיר אַליין?... — האָט דער חקרנישער קאָמפּלעקס זיינער, אָדער גאָר שטאָלץ, אים פאַרלאָפן דעם וועג און אים אונטערגעזאָגט, ניט צו פּרואוון אפילו צו זען זיך מער מיט שאַראַן אָדער מאַרקן. דער געדאַנק פון אַזאַ באַגעגעניש וואָלט נישט נאָר איבערצייגט אים אין די וואָר פון זיינע ספקות, נייערט פון דער אָפענער וואָר וואָלט זיין אומרו און וויטיק נאָך שטאַרקער געוואָרן. ניין, די באַגעגעניש מיט איינעם פון זייביידן, האָט ער געפילט, וואָלט נאָך מער פאַרגרעסערט די באַליידיקונג, און ס'וואָלט געווען פאַר אים ווי שיטן זאַלץ אויף אַ צעאייטערטער וואונד...

יואל האָט דעריבער געהאַלטן זיך איצט פון ווייטנס פון ביידן. ער האָט נישט געוואָלט מער פאַר זיי זיך באַווייזן. ער האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיין אָרעם צימערל, ביחידות, און האָט זיך בכלל אין ערגעץ נישט געוויזן, ניט אין דער „קאָמונע", וואו ער פלעגט אָנטרעפן אַמאָל אַ נייעם באַקאַנטן, און ניט אין דער אָרעמער קינסטלער־קאַפע. ער האָט פּרובירט פאַרטיפן זיך אין ביכער, ווי פריער, אָבער ער האָט זייער ווייניק פונם לייענען אַרויסגענומען. אַלץ איז ביי אים געוואָרן ווי צעשוואומען. זיין מוח איז אינגאַנצן קאָנצענטרירט געווען אויף איין זאַך: — שאַראַ און דער איצטיקער מצב זיינער. . .

וואָלט אין פּאַריז צו יענער צייט געווען אַן אָרגאַניזירטע יידישע

אַרבעטער באַוועגונג, אָדער אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכער קולטור־לעבן, וואָלט ער זיך אפשר צו דעם צוגעטוליעט; געוואָרן אַקטיוו באַשעפטיקט. ער וואָלט זיך פאַרטיפט אין אַן אַרבעט, וואָס וואָלט אים גייסטיק באַפרי־דיקט, און געפּרואווט פאַרגעסן. האָט אָבער געהערשט דאָן אַ צעשוואו־מענקייט, אַ פאַרוואָרלאָזיקייט און אַ גרויסע אַנטוישונג אין אַלץ, צווישן דער עמיגראַציע; איז ער אַרומגעגאַנגען אַן עלנטער, אַ פיזיש און גייסטיק דערשלאָגענער מיט אַ מוטלאָזן געמיט...

איינמאָל האָט ער אין גאַס צופעליק באַגעגנט מירקינען, דער ראש פון דער „קאָמונע". דער לעצטער האָט זיך צו אים גענענט, און צום אַלעם ערשט טאַקע אים אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר נאָר, חבר יואל, צי ווייסט איר אפשר וואו שאַראַ גע־פינט זיך איצט? שוין אַ פּאָר וואָכן אַז זי איז פּלוצלינג פאַרשוואונדן. אַוועק אַן אַ „זייט געזונט" אפילו! נישט מ'זעט איר, נישט מ'הערט פון איר; ווי אין וואַסער אַריין! זעט איר שוין, חבר יואל, אַז מ'דאַרף קיין גוטער ניט זיין! דאָס איז די טובה וואָס זי גיט מיר אָפּ פאַר אַלץ וואָס כ'האָב געטאָן פאַר איר: געגעבן איר עסן, קליידונג, אַ דאַך איבערן קאָפּ און אפילו עטלעכע פראַנק אויך. און זי, אפילו קיין אַדרעס ניט געלאָזן!

— ניין, מ'סעי מירקין, ווען כ'וואָלט געוואוסט וואו זי איז, וואָלט איך אייך געזאָגט, און, כ'וואָלט אפשר אַליין אויך געגאַנגען איר זען — האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט.

מירקין האָט יואלן באַטראַכט מיט אַביסל חשד, אים נישט געגלויבט. ער האָט זיך משער געווען, אַז יואל ווייסט דווקא יאָ וואו שאַראַ געפינט זיך. ער וויל אים פשוט ניט אויסזאָגן. און, אפשר געפינט זי זיך גאָר ביי אים? איז מירקינען דורכגעלאָפן אַ געדאַנק...

יואל האָט נאָטירלעך שוין פאַרשטאַנען, פון דעם געשפּרעך מיט מירקינען, אַז שאַראַ האָט זיך אַריבערגעצויגן צו מאַרקן אין זיין אַטעליע. איצט האָט עס שוין אוודאי נישט קיין זין, ער זאָל גאָר טראַכטן פון גיין צו זיי. איצט איז ער שוין באַשטימט פאַר זיי אַן איבעריקער. זיין עלנט־קייט און איינזאַמקייט האָט ער איצט נאָך שטאַרקער דערפילט, זיין שטי־מונג נאָך מער געדריקטער...

אָט אין יענע איינזאַמע טעג און נעכט זיינע איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק וועגן וואַנדערן; אַ לוסט צום וואַנדערן האָט אים אַרומ־געכאַפּט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק ווי אין אַן אבן־טוב. ער וועט זיך באַפרייען דורך דעם פון אַ קאָשמאַר וואָס דריקט אים נאַכ־

אַגאַנד. ער וועט גיין פון דאָרף צו דאָרף, פון פאַרם צו פאַרם. ער וועט זיך אַנדינגען צו אַרבעטן, ווערן אַן ערד־אַרבעטער, זיין נאָענט ביי דער מוטער־נאַטור. ער וועט אַוועק פון דער גרויסער שטאָט, וואָס האָט אים געבראַכט אַ סך אַנטוישונג. דאָס לעבן צווישן דאָרפס־מענטשן איז אַ מער אויפריכטיקער, אַ מער ערלעכער און אַ מער נאַטירלעכער. אין זיין איצטיקן געדריקטן געמיט־צושטאַנד, האָט ער געפילט, וועט ער אין דער אַרבעט ביי דער פרייער נאַטור געפינען אַביסל מנוחה און זעלישע רו...

## קאַפּיטל צען

שאַראַ איז געשטאַנען ביים גרויסן סטודיאָ־פענצטער פון מאַרק׳ס אַטעליע און באַטראַכט די וואונדערלעכע אויסזיכט און פּאַנאָראַמע אַרום; די גרויסע ברייטע בולוואַרן מיט די פיר רייען סיקאַמאָר ביימער, וועלכע זיינען געוואַקסן איצט געדיכט באַבלעטערט; די שאָטנדיקע אַלייען און די באַוועגלעכע מענטשן־מאַסע אין די גאַסן; איילנדיקע טעקסיס מיט פּאַ־סאַזשירן, פערד און עקיפּאַזשן מיט פאַרפוצטע דאַמען און הערן. אַלץ האָט איר פאַרכאַפּט, אַראָפּקוקנדיק פון דער הויך דורכן סטודיאָ־פענצ־טער, און אין וויטן פּערספּעקטיוו האָט עס צו איר אויסגעזען ווי איין גרויסע, וואונדערלעכע, באַוועגלעכע פּאַנאָראַמע. צו צפון זייט פון איר אויסזיכט האָט געבלענדט פּאַר איר אויג דער שפּיץ פון דעם „אייפעל־טורעם" און פון דער צווייטער זייט, דער „אַרק פון טריאומף". דאָ און דאָרט האָט איר אויג געוואַנדערט איבער אַנדערע גרויסע בנינים, וואָס זיינען געשטאַנען סימעטריש ווי אַרכיטעקטאָנישע מאָנומענטן, פון דעם אַלט־ראָמאַנטיש־ריטערלעכן פּ אַ ר י ז. שאַראַ האָט עס אַלץ באַטראַכט מיט אַ געפיל פון פרייד. אַן עקזאַלטירנדיקע, אַ שטימונגספולע, איבער־געפילט מיט גליק און דערוואַרטונג, האָט זי אַלץ אין זיך אַריינגענומען...

זי האָט פּלוצלינג דערפילט אויף איר נאַקעטן אַקסל אַ וואַרעמען באַריר פון מאַרק׳ס דינע פינגער, באַגלייט מיט אַ צערטלעכן קוש אויף איר ווייכן אויסגעפילטן האַלדז־נאַקן. זיינע הייס־פיעבערדיקע ליפּן האָבן נאָכדעם איינגעגראָבן זיך אין אירע פרעכטיק־געדיכטע האָר, פון וועלכע ס׳האָט זיך געטראָגן אַן אַראָמאַט פון נאַרציסן, וואָס ער האָט מיט אַ באַזונדערע הנאה דעם טעם אין זיך איינגעזאַפּט...

שאַראַ האָט שווייגנדיק מיט אַ ליבלעכן שמייכל אומגעדרייט זיך פון בילדלעכן פענצטער צו אים, אָן איבעררַאַשונג, ווי זי וואָלט עס דער־וואַרטעט. איר לייכטער שמייכל און שווייגן און אויך איר רואיקער געמיט האָט געמיינט אַ שטילע הסכמה און אַ דערמוטיקונג פאַר ליבלעכע און צערטלעכע באַנעמונג צו איר...

— נו, שאַראַ, היינט איז דער טאָג! — האָט מאַרק, מיט ניט ווייניק ענטוזיאַזם, צו איר אַ זאָג געטאָן.

— היינט וועלן מיר ענדלעך אָנהייבן די אַרבעט אויף דאָס גרויסע ווערק וואָס כ׳האָב פאַרטראַכט צו מאָלן. היינט וועלן מיר האָבן די ערשטע „ז י צ ו נ ג", מאַכן די ערשטע פּרואוון, איינשטעלן די געהעריקע פּאָזע. היינט וועל איך אויך מאַכן דעם ערשטן אָנוואורף מיט קויל אויפן לייוונט, פון דעם פאַרטראַכטן סוזשעט, פאַר דיין ערלעכער געשטאַלטונג.

— יאָ, ליבע שאַראַ, במשך די צייט וואָס דו ביסט דאָ מיט מיר האָב איך געהאַט די געלעגנהייט געניו נאָכצוטראַכטן וועגן דער פּאָזע און כאַראַקטער וואָס דו דאַרפסט מיט זיך רעפּרעזענטירן: די פּאַטאַ־מאָרגאַנאַ געשטאַלט, וואָס כ׳האָב פאַרטראַכט פון דיר צו מאָלן, וועט דאַרפן זיין דאָס פּערפעקטע, דאָס קינסטלערישסטע וואָס כ׳האָב ווען געשאַפן. דו, שאַראַ, וועסט אָבער דאַרפן אין דעם מיר אַ סך אַרויסהעלפן, מחמת ביידע האָבן מיר אין ד ע ם אַ גרויסן אינטערעס און ציל: איך וועל מיך אין דער שאַפונג, דורך דיר, קינסטלעריש דערהייבן און, דורך דיין ערלעך שיין געשטאַלט וועט די וועלט ד י ך עכט און קלאַ־סיש באַוואונדערן. און ווייל אונדזער וואונטש, דראַנג און באַגער אין דעם פאַרטראַכטן ווערק, איז דער זעלביקער, וועט אַט־דער גליקלעכער סינטעז איינער דעם צווייטן העלפן און דערגאַנצן...

— כ׳וויל, מיין ליבע שאַראַ, זאָלסט זיך פאַר מיר גאַרנישט זשענירן; זיי מיט מיר היימיש, אָפנהאַרציק אַנימאַליש. גיב אַרויס פון זיך אַלע באַהאַלטענע ניואַנסן אין דיר; דעם ספּעציפישן פרויען־חן וואָס דו האָסט אין זיך, און, אין דעם ערלעכן פּראָצעס פון אונדזער שאַפונג זאָלסטו אָנהאַלטן אַט־די דערהייבנדיקע פייערלעכקייט און שטימונג. דאָס וועט גאָר אַ סך בייטראָגן צו דער פּערפעקציע פון דיין וואונדערלעך געשטאַלט...

— יאָ, מאַרק טייערער, כ׳בין גרייט אויף אַלצדינג — האָט זי כמעט ווי הכנעהדיק שטיל אַרויסגעפּליסטערט — כ׳וועל זיין ווי אַ גע־האָרכזאַמע תלמידה דיינע; כ׳וועל דיר פאָלגן און דיר העלפן מיט אַלץ וואָס איז אין מיר, אין דיין גרויסער אַרבעט. יאָ, מיין ליבער, דאָס בילד

וואָס דו וועסט מאָלן פון מיר, וועט זיין אונדזער ביידנס ווערק, אונדזער ביידנס חלום, אונדזער כבוד און אונדזער שטאָלץ...

מאַרק האָט עלעגאַנט אַרומגענומען איר טאַליע און אַריינגעפירט זי אין צווייטן צימער, וואו ער האָט פאַרגרייט פאַר איר אַ ספּעציעלע טוך־נעגליזשע, פון אַן הימל־בלוי דורכזיכטיק זייד, כדי עס זאָל בולט אַרויס־ברענגען די פאָרמען און קאָנטורן פון איר גראַציעז־צויבערלעך געשטאַלט.

— דו האָסט אַוודאי זיך פאַרגעשטעלט, שאַראַ, אַז כ'וועל דיך מאָלן אין דער פּאָזע פון אַ פּריוואָל פאַרשייט פאַריזער מיידל, וואָס וואַרפט זיך אַזוי אָפּט אין די אויגן פון דעם דורכשניט לעבעדיקן פאַריזער עולם? געוויס וואָלט איך דיך געקענט אויך אַזוי אָפּמאָלן. און איך בין אויך זיכער, אַז אַזאַ בילד פון דיר וואָלט גאָר שטאַרק אויסגענומען ביי דעם אַלגעמיינעם עולם, ביי דעם המון. וואָלסט באַשטימט געוואָרן זייער ליב־לינג — דאָס אויסגעחלומט מיידל פון גאָר אַ סך; דיין סענסועל רייצנדיק געשטאַלט וואָלט באַצירט די ווענט פון די קאַבאַרעטן און קאַפייען; אויך די ווענט פון די ענגע צימערלעך פון עלנטע בחורים, און אין די באַראַקן פון דעם בענקענדיקן סאָלדאַט און אין די שיף־קאַבינעס פון דעם זאַרגלאָזן מאַטראָס. קאָמערציאַנטן וואָלטן זיך אויך באַנוצט מיט אַזאַ בילד פאַר זייערע רעקלאַמעס, אויף די טאָג־קאַלענדאַרן, אָדער גאָר אויף די פּאַדערזייטן פון די בולוואַר־זשורנאַלן. הגם אַזאַ פּראָדוקציע וואָלט אונדז אַ גאַנץ גוטן רווח און האָנאָראַר אַריינגעבראַכט; בין איך אָבער ניט דאָס אויסן, שאַראַ! ניין, ניט דאָס האָב איך אין זינען. שאַראַ, כ'וויל אַז דיין בילד זאָל זיין אַ הערלעך קונסט־ווערק פון אַ העכער מדרגה, נישט קיין שאַבלאָנע געמעלעכץ . . .

דו וועסט דאַרפן רעפּרעזענטירן מיט זיך די פּערפעקטע יונג־פרוי! דאָס וועט זיין מיין אויסגעחלומטע, רעאַל־לעבעדיקע „פּאַטאַ־מאָרגאַנאַ“! דו וועסט זיין מיין שיר־השירים ווערק! . . .

ער האָט צערטלעך צוגעפּעטשלט איר נאַקעטן אָרעם און פריידיק אויסגערופן: — ניט געזאָרגט שאַראַ! און איז אַ מונטערער, אַ זינגעוודיקער אַרויס, איבערלאָזנדיק זי אַליין אין צימער, איבערטאָן זיך און מאַכן זיך גרייט פאַר דער פּאָזיציע.

מאַרק האָט דערווייל געמאַכט זיינע פאַרברייטונגען: אויפגעריכט דעם ווינקל וואו די סאָפע איז געשטאַנען, פאַר איר צום פּאָזירן; צוגעריכט די נויטיקע ליכט־עפעקטן און אַלץ וואָס איז נויטיק געווען פאַר זיין הייליקער עבודה...

ווען שאַראַ האָט זיך נאָכדעם פאַר אים באַוויזן אין דער העל־בלויער זיידענער נעגליזשע, פאַרעמדיק־סימעטריש דראַפּירט ווי פון אַ קינסט־לער־האַנט, איז מאַרק אַ פאַרגאַפטער שטיין געבליבן פון דעם צויבערלעכן אָנבליק! ער האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אַ געטלעך־שטראַלנדיק געשטאַלט; עפּעס ווי אַ וויזיע פון אַ ניט דאָאיקער ערדישער דערשיינונג. אין דעם טראַנסצענדענטאַלן מאָמענט איז אים מיטאַמאָל ווי דורכגעלאָפן אַ ספק־געדאַנק:

— ווער איך אמת בכוח זיין טריי און ערלעך סובלימירן אָט־דאָס הערלעכע פרויען־געשטאַלט פון גאָטס יצירה ? ! . . .

ער איז אָבער תיכף צו זיך געקומען פון דער פלוצלינגדיקער מעטאַמאָרפאָזע אין איר. ער האָט זיך מיט ניט געאײַלטע טריט דערנענט צו איר, זי צאַרט, כמעט ווי קדושהדיק אַרומגענומען און זי צוגעפירט צו דער סאָפע, אָנווייזנדיק איר די פאָזיציע, ווי ער וואָלט וועלן ווי אַזוי זי זאָל פאַר אים פּאָזירן. ער האָט העל באַלויכטן דעם ווינקל און געלאָזט פאַלן דאָס ליכט אויף איר געשטאַלט. שאַראַ האָט אים נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג זיינע; האָט אויסגעפאָלגט אַלע זיינע אינסטרוקציעס און אָנווייזונגען אָן די מינדסטע אָנשטרענגונגען. ער האָט זיך נאָכדעם אָנגעלענט ביי דער אַטאַמאַנע, אויף וועלכע זי איז האַלב־געזעסן, האַלב־געלעגן; האָט לייכט אויסגעלייגט די פאַלדן פון איר נעגליזשע, צאַרט באַרירט אירע טיילוויז־נאַקעטע אָרעמס, און געשיקט אויסגעפורעמט די גראַדליניקייט פון איר קערפּער אַזוי, אַז די שאַרפע קאָנטורן און ליניען פון איר געשטאַלט זאָל אַרויסקומען אין דער געוואונטשטער צופרידנ־שטעלנדיקער פאַר אים פּאָזע און פאַרעם. ער איז עטלעכע מאָל פון איר אָפּגעטראָטן, באַטראַכטנדיק זי אין פּערעספּעקטיוו, ווי ער וואָלט באַ־טראַכט און שטודירט זיינס אָן אָנגעהויבן בילד. ענדלעך, אַ צופרידענער פון איר פּאָזע, האָט ער ווי אַרויסגעפּליסטער:

— אָט אַזוי, מיין ליבע שאַראַ: ליג האַלב אָנגעלענט, לייכט, רואיק און נאַטירלעך, ווי אַ פּרינצעסן פון אָריענט. גיב אויסדרוק צו דיין שיין פּנים, צו דיין עקזאַלטירנדיקע פרייד און געמיט; אויף דיינע ליפּן זאָל רוען אַ לייכט דורכזיכטיק שמייכל, און אין דיין באַוואוסטזיין זאָלסטו פילן מיט דער זיכערקייט, אַז דו ביסט באַשאָנקען מיט אַ מתנה פון גאָט, צו זיין די גליקלעכסטע באַזיצערין פון אָט־דעם שיין קערפּערלעך געשטאַלט . . .

מיט אַ נאַטירלעך גרינג און באַפרידיקט געמיט האָט שאַראַ, רעלי־גיעז, במעט סטאָאיש, אויסגעהאַלטן די פּראָבע, און זיך איבערגעגעבן צו דער פּאָזע ווי צו אַ הייליקער עבודה.

מאַרק האָט התלהבותדיק געמאַכט די גרויסע התחלה איבער זיין גרויס פּאַרטראַכט ווערק. ער האָט מיט אַ סך איבערגעבנקייט און פאַר־טיפונג אַנגעוואָרפן די קאָנטור־ליניעס פון דער פאַר אים פאַזירנדיקער ש אַ ר אַ — זיין רעאַל־לעבעדיקע „פ אָ ט אָ ־ מ אָ ר ג אָ נ אַ״...

## קאַפּיטל עלף

**ס'איז געווען** אַן הערלעך, שיינער, זוניקער פרימאָרגן, ווען יואל האָט ענדלעך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אַרויסגעלאָזט אויף די וועגן מחוץ פּאַריז, צו זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג ביי די פאַרמערס אַרום. געגאַנגען איז ער אין דער ריכטונג פון צפון פראַנקרייך. דאָרט האָט מען אים געזאָגט, איז פאַראַן מער מעגלעכקייט צו געפינען אַרבעט ביי די גרעסערע פערמעס און פּלאַנטאַציעס. גייענדיק ביי דער זייט פון דעם שליאַך צו דער אומבאַשטימטקייט, ניט וויסנדיק וואו דער שיקזאַל זיינער וועט אים היינט ברענגען, האָט ער ווי וועלנדיק באַרואיקן זיין אומ־רואיקן געמיט, צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— גוט וואָס איך פאַרלאָז פּאַריז, מיט דעם גרויס־שטאָטישן גע־רודער און געטומל; כ'וועל זיין ווייט פון דעם, פון די באַקאַנטע און נאָענטע, וועלכע האָבן מיר דאָרטן געבראַכט ניט ווייניק צער און אַנטוי־שונג. דער איבערבייט אין דער סביבה און אַטמאָספערע, דאָס נייע, דאָס אומבאַקאַנטע וואָס דערוואַרטעט מיר וועט אפשר באַרואיקן מיין געמיט און שטימונג און טאָן מיר אַ סך גוטס.

ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ וואַליזקע, אין וועלכער ער האָט איינ־געפּאַקט זיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס איז באַשטאַנען פון: אַ פּאָר אונטער־וועש, איין אויבער־העמד, אַ פּאָר יום־טוב שיך און אַנדערע קלייניקייטן; אויך אַ קליין ביכל: מאַקס נאָרדאַוס „פּאַראַדאָקסן״.

ער איז אָפּגעגאַנגען אַ גאַר היפּשן מהלך, פּאָזע דעם ברייטן שליאַך. ער האָט אָנגעבאָטן זיך ביי אייניקע פאַרמערס צו אַרבעטן און האָט נישט געקראָגן קיין דערמוטיקענדיקן ענטפער. אייניקע האָבן אים אָפּגעמאָסטן

פון קאָפּ ביז די פיס, תיכּף דערקענט אין אים אַז ער איז ניט קיין פּאַרם־האַנט. הגם ס'איז געווען נאָך אין דערמיט פון שניט־צייט, האָט מען אים געענטפערט, אַז מ'דאַרף ניט מער קיין הילף. די קלענערע פערמעס האָבן בכלל נישט געדאַרפט קיין געדונגענע אַרבעטס־הענט. אַזוי האָט ער זיך געשלעפּט דעם ערשטן האַלבן טאָג פון פריען באַגינען, און האָט שוין אָנגעהויבן פילן צוביסלעך די מידקייט פון גאַנג. אויפן וועג האָט ער באַכגעפּאָלגט די פאַרביילויפנדיקע לאַסט־וועגענער, פויערים מיט פערד און וועגענער. אָבער טראָץ זיינע האַלב־בעטנידקע בליקן געווענדעט צו די פאַרבייפאָרנדיקע, האָט אָבער קיינער אויף אים זיך נישט מרחם געווען, אים אָנצובאָטן אַרויפצונעמען אויף אַ וואָגן, כּדי צו פאַרגרינגערן אים זיין מידן גאַנג.

די רייפע ווייץ און האָבער זאַנגען אויף די פעלדער האָבן, ווי גאָלדענע כוואַליעס, זיך געוויגט און געהויבן פון דעם מילדן זומער־ווינטל און גאָלדיק־העל געבלענדט אָנטקעגן דער ברענענדיקער זון, וואָס האָט געוואָרפן אירע בונטע שטראַלן אויף אַלץ וואָס אויף גאָטס ערד.

אין די ווייגערטענער וואָס ער איז פאַרבייגעגאַנגען, זיינען די קוסטן שווער געווען באַלאָדן מיט צייטיקע ווייןטרויבן, גרייט אַראָפּגענומען צו ווערן. פון ווייטנס, אויף אַ בלאַס גרינער לאָנקע, האָבן געפּאַשעט זיך שאָף, בהמות און קעלבלעך. דאָ און דאָרטן האָט ער געזען סעדער מיט ברייט־שאָטנדיקעביימער. פויערשע שטימער מיט פאַרגרויזטע שפּיציקע פאַרקענדלעך. אַלץ האָט אים דאָ אויסגעזען אַזוי שטיל און אידיליש. די מענטשן דאָ, האָט ער געטראַכט, זיינען אַוודאי גליקלעך און צופרידן; יעדער אויף זיין שטיקל באָדן און נחלה, מיט אַ געוויסער זיכערקייט הינטער זיך. דאָס בילד אַרום האָט אים אַביסל גרינגער געמאַכט זיין געמיט. הגם די מידקייט פון דעם שווערן שפּאַנען אונטער די שטראַלן פון דער זון האָט ער שטאַרק אָנגעהויבן צו פילן.

אין דעם מאָמענט איז ער פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסע פערמע, וואו אַ גרופּע אַרבעטער זיינען געזעסן ביים זוים פון דעם „גוט", אונטער אַ גרויסן שאָטנדיקן בוים און האָבן געמיטלעך געגעסן זייער מיטאָג. ער האָט מיט אומאַנטשלאָסנקייט זיך דערנעענטערט צו זיי, האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַגריסט זיי, און גלייכצייטיק אַ פרעג געטאָן: צי וויסן זיי אפשר וואו איינער קען דאָ קריגן אַביסל אַרבעט, אָדער גאָר אַ נאַכטלעגער? אים האָט שטאַרק אָנגעהייבן באַאומרואיקן דער געדאַנק, טאָמער וועט אים נאָך אויסקומען צו בלייבן אונטערוועגנס אַן אַן אָרט וואו

איבערצונעכטיקן. איינער פון די אַרבעטער האָט געזען אַז עס שטייט פאַר אים אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער וואַנדערער, האָט ער אים קודם פאַרבעטן זיך דאָ צו צוזעצן פאַר אַן אָפּרו:

— זעץ זיך דאָ אַנידער, פרעמדער, נעם אַביסל אַראָפּ די משא פון דיינע פיס; באַנעץ דיינע ליפּן מיט ווייַן און פאַרבייס מיט ברויט און וואורשט, וועסטו כוח האָבן צו וואַנדערן.

יואל האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געלאָזט זיך שטאַרק בעטן. ער איז געווען שטאַרק מיד, הונגעריק און דאַרשטיק, איז די פאַרבעטונג געווען פאַר אים ממש ווי אַ שיקונג פון דער השגחה.

ער האָט זיך צוגעזעצט אויף דער ערד נעבן דעם פריינטלעכן פּועל, וואָס האָט אים פאַרבעטן צו זיצן, און האָט אויך גענומען פון אים אַ גלאָז ווייַן און צובייסן, וואָס דער לעצטער האָט אים געגעבן. ער האָט אים זייער און זייער באַדאַנקט.

ווען יואל האָט איבערגעכאַפּט דעם הונגער און דורשט, און אויך זיך אַביסל אָפּגערוט, האָט ער דעם פריינדלעכן אַרבעטער, זיין מכניס אורח, נאָכאַמאָל באַדאַנקט און איז שוין גרייט געווען זיך אויפצוהייבן ווייטער צו שפּאַנען, האָט דער אומבאַקאַנטער פריינט זיינער אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דיין נאָמען, פרעמדער?

— זשועל — האָט יואל תיכף געענטפערט.

— האָסט דוכט זיך געזאָגט אַז דו ווילסט אַרבעט, ניין?

— אַוודאי — האָט יואל מיט פרייד זיך אָנגעכאַפּט, מיינענדיק אַז דער גוטער מענטש וועט אים אויך מיט אַרבעט באַזאָרגן...

— טאָ הער זיך איין, מיין פריינט: ניט ווייט פון דאַנען, אַרום אַכט קילאָמעטער, איז פאַראַן אַ פּויער מיטן נאָמען פּיער, וועלכער נויטיקט זיך איצט אין אַן אַרבעטער. וועסט זיך נעמען מיטן זעלביקן וועג — האָט ער אים געוויזן — וועסט גיין אַזוי ווייט ביז וועסט אָנקומען צו אַ קרייץ־וועג. דאָרטן וועסטו זען אַ קליינעם דאָרפישן קלויסטער מיט אַ גרויסן באַגילדעטן צלם אויף דעם שפּיץ פון קופּאָל. פון דאָרטן זאָלסטו זיך אַ נעם טאָן לינקס פון דעם וועג, און מאַרשירן אַזוי ווייט, ביז וועסט אָנקומען צו דער ערשטער ניט־צו־גרויסער פערמע. וועסטו דאָרטן זען אַ געוויינלעך קליין פּויעריש הויז מיט אַ גרויסן אַקאַציע־בוים פאַרנט ביים אַריינגאַנג. וועסטו אויך זען דאָרט אַ רויט־אָפּגעפאַרבטן שפּייכלער מיט אַ שפּיציקן בלעכענעם דאַך און אויפן סאַמע שפּיץ פון

שפּייכלער־דאַך וועסטו זען אַ בלעכענעם האָן — אַ „ווינט־ווייזער";
דאָרטן וואוינט אָט־דער פויער, וואָס איך זאָג דיר, פּיער, מיט זיין יונג־
שיינער פרוי, ראָזאַליע. גוטע ערלעכע מענטשן! אָבער... זאָג נישט
אַז איך האָב דיר געשיקט צו אים. כ'בין גאָרנישט אַזאַ גוטע רעקאָמענ־
דאַציע. מיין רעפערענץ קען דיר נאָך גאָר קאַליע מאַכן דעם עסק...

יואל האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך דאָס מאָל שוין אויפגעהויבן
און נאָכאַמאָל באַדאַנקט דעם פריינדלעכן פויער, זיך געזעגנט מיט אים
און מיט די איבריקע ביי דער זייט זיצנדיקע אַרבעטער.

— אַ, יאָ, זשועל, נאָך אַ זאַך וואָס איך וויל דיר ראָטן: אויב דו
וועסט זיך יאָ אָפּשטעלן אַרבעטן ביי אָט־דעם פויער, פּ י ע ר, זאָלסטו
ניט ווערן צו נאָענט מיט זיין פלוניתטע. אויב דו ווילסט אָנהאַלטן
דעם פּלאַץ . . .

— אַ דאַנק פאַר דער וואָרנונג — האָט יואל שמייכלענדיק אים
געענטפערט — מערסי. — אָננעמענדיק אַז יענער האָט עס געזאָגט
מער אין שפּאַס ווי אין ערנסט...

יואל האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג צו דעם אָנגעגעבענעם אָרט,
וואָס דער פריינדלעכער פּועל האָט אים געהייסן. ער האָט צו ווייט שוין
ניט געדאַרפט זיך שלעפּן: דער וועג איז געווען אַ גלייכער, ניט קיין
משופּעדיקער. קלענערע און גרעסערע פערמעס און סעדער אויפן וועג
איז ער פאַרבייגעגאַנגען; באַלאָדן מיט כלערליי גרינסן, בלומען און
פרוכטן, וואָס האָט פאַרכאַפּט זיין אויג. ווי זיכער אָט־די מענטשן פילן
זיך דאָ, האָט אים ווידער די מחשבה פאַרנומען; האָבן אַן אייגענעם
באָדן אונטער זייערע פיס, לעבן אויף אייגענער ערד, ניט זאָרגן פאַרן
מאָרגן, ווי איך, דער וואַגאַבונד, דער וואָגלער. און אַזוי גייענדיק און
טראַכטנדיק איז ער צוגעקומען צום קרייץ־וועג, וואו דאָס קלויסטערל
איז געשטאַנען. פון דאָרטן האָט ער זיך אַ נעם געטאָן לינקס, ווי ער איז
געווען דירעקטירט, און, אָפּגייענדיק אַ האַלבן קילאָמעטער, איז ער
שטיין געבליבן ביי דער ערשטער פויערשער שטוב אויפן וועג. דאָס
הויז איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ ציכטיק־ווייס שפּיציק הילצערן
פּאַרקנדל, אַ גרויס, געדיכטער אַקאַציע־בוים איז געשטאַנען אין מיטן,
פאַראויס ביים אַריינגאַנג, און באַשאָטנט דאָס הויז; אויך בלומען כל־
ערליי: געראַניומס, כריזאַנטעמען און פּעניעס אין פולן בלום, האָבן
צוגעגעבן דעם פּלאַץ אַ קאָלירפולע אידילישקייט.

ווען יואל איז געבליבן שטיין ביי דער פאָרטקע פון פּאַרקנדל,

עפּעס ווי ניט וואַגנדיק צו עפֿענען עס אַליין אַריינצוקומען, האָט מיט־אַמאָל אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט זיך באַוויזן און אָנגעהויבן גאַנץ בייזלעך צו בילן אויף אים. אויף דעם געביל פֿון הונט האָט זיך תיכף אויך באַוויזן אַ פּויער, אַרויסקומענדיק פֿון דעם שפּייכלער. דער פּויער האָט דעם הונט גערופֿן ביים נאָמען נ ע ג ר י. דער הונט איז פֿויל צוגעגאַנגען צום באַלעבאָס זיינעם, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, בורטשענ־דיק, משמעות ניט צופֿרידן וואָס דער באַלעבאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן אַ לאָז צו טאָן זיך אויף דעם פֿרעמדן. דער פּאַרמער און דער הונט נאָך אים האָבן זיך דערנענט צו יואלן.

דער פּויער פּיער איז געווען אַ מיטל־יעריקער, אַ קורץ־געוויקסי־קער און אַ גאַנץ לייביקער; אַ פּאָר גרויסע, געדיכט־שוואַרצע וואָנצעס האָבן פּראָמינענט באַקרוינט זיין, פֿון זון פֿאַרברוינט פּנים און, אַ פּאָר טיפֿע, טונקעלע מילדע אויגן, האָבן פֿריינדלעך אים באַגריסט:

— וואָס קען איך פֿאַר דיר טאָן, פֿרעמדער?

— איך זוך אַרבעט, מ'סיע, אויב ניט קיין אַרבעט, אפֿשר קען מען ביי אייך איבערנעכטיקן? איך בין אַ פֿרעמדער אין דער געגנט, און די נאַכט וועט באַלד צופֿאַלן.

— וואָס קענסטו טאָן? — האָט פּיער אים אַ פֿרעג געטאָן.

— דעם אמת זאָגן, קיין דערפֿאַרענער פּאַרמער בין איך ניט, אָבער איך בין גערן זיך צו לערנען און טאָן אַלץ וואָס איר וועט מיר הייסן טאָן.

פּיער האָט זיך אַביסל פֿאַרטראַכט און דערנאָך גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן צו יואלן:

— דאָס איז גוט! דאָס וואָס דו זאָגסט דעם אמת געפֿעלט מיר. כ'האָב ליב אָן ערלעכן, אויפֿריכטיקן מענטשן. וואָס איז דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז זשועל — האָט יואל אַביסל דרייסטער אים געענטפֿערט.

— נו, קענסט בלייבן דערוויל דאָ איבערנעכטיקן סיווי און מאָרגן וועלן מיר זען. אפֿשר וועלן מיר דיר אויך אָנשטעלן אַרבעטן. אויב דו וועסט זיין אַזוי גוט און ערלעך ווי דו זעסט צו מיר אויס, וועסטו דאָ קענען בלייבן ביי אונדז אַרבעטן אַ לענגערע צייט.

דער פּויער האָט צוגעפֿירט יואלן צום הויז און האָט פֿון וויטנס אַ רוף געטאָן זיין ווייב, וועלכע איז געשטאַנען אין גאָרטן, איבערגעבויגן ביי די בייטן פֿון גרינצייג.

— ראַזאַליע! אַ, ראַזאַליע! קום אַהער, דאָ איז געקומען אַ יונגער־מאַן און וויל זיך אָנשטעלן אַרבעטן ביי אונדז!

ראַזאַליע האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון די בייטן, ביי וועלכע זי איז געווען איצט באַשעפטיקט, לויז מאַכנדיק די ערד אַרום די גע־וויקסן און אַרויסשלעפנדיק די ווילד־גראָזן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און איז מיט לאַנגזאַמע טריט צוגעקומען צום הויז, וואו פּיער און יואל זיינען געשטאַנען.

ראַזאַליע האָט אויסגעזען צו זיין נאָך אַ גאַנץ יונגע, אַ סך יונגער פון איר מאַן פּיער, און בכלל דער היפּוך פון אים: זי איז געווען הויך איך וואוקס, אַ געזונט אַנטוויקלטער קערפּער, און אויך פון דער זון אַ פאַרברוינט פּנים; אָבער אַ גלאַטע הויט, זאַפטקיע סענסועלע ליפּן און שמייכלענדיקע וואַכע אויגן. זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַ שטרוי־הוט מיט אַ גרויסן ראַנד, אַ רויטע לויזע בלוזקע און מאַנזבילשע הויזן. אָט־דער דאָזיקער לבוש האָט איר דווקא געקליידט און צוגעגעבן איר אַ געוויסן חן. זי האָט אָפּגעמאָסטן יואלן אין זיין גאַנצער גרויס און יוגנטלעכקייט, און האָט אים גוטמוטיק, מיט אַ וואַרעמען לייכטן שמייכל, אַ זאָג געטאָן:

— ווילקאָמען, פרעמדער — האָט זי צו יואלן זיך געווענדעט, און גלייכצייטיק אַ זאָג געטאָן צו פּיערן:

— גוט, זאָל ער דאָ בלייבן, מיר דאַרפן דאָך האָבן איצט עמיצן, וואָס זאָל אונדז העלפן אַראָפּנעמען דאָס היי פון פעלד, וועלן מיר אים נעמען אויף אַ פּראָבע.

— וואָס איז דיין נאָמען, פרעמדער? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

— זיין נאָמען איז זשועל — האָט פּיער פאַרלאָפן דעם וועג יואלן.

— נו, שטעל אַוועק דעם וואַליז, זשועל, און זיי נישט קיין פרעמ־דער — האָט ראַזאַליע אים היימישלעך אַ זאָג געטאָן.

די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן גרייט צום פאַרגיין, און דער הימל ביים האָריזאָנט איז איינגאַנצן געווען רויט ווי אין פלאַמען. ראַזאַליע איז אַריין אין הויז צו־צוגרייטן דעם אָוונט־מאָלצייט, און פּיער האָט אַרומגעפירט יואלן איבער זיין פערמע, געוויזן אים זיין ווירטשאַפט און באַלעבאַטישקייט; אויך די כלערליי געצייג און פאַרם־מכשירים, וואו יעדע זאַך געפינט זיך אויף אַ באַשטימט אָרט. פאַרבייגייענדיק האָט ער אים אויך דערקלערט וואָס ס'ווערט פון אים דערוואַרטעט דאָ צו טאָן. ער האָט אים דערנאָך צוגעפירט צום גרויסן שפּייכלער אין

שטאַל, וואו זיינע סוסים זיינען געשטאַנען ביי אַ זאסיק און געכראַמטשעט דעם האָבער, און, אין אַ באַזונדער אָפגעצאַמטער שטאַל פאַר זייער קו, מאַזשאַ, וועלכע איז אויך געשטאַנען ביי איר קאָרעטע און געמעלה־גרה'ט. אין שכנות מיט דעם גרויסן שפייכלער, אונטער איין דאַך איז אויך געווען אַ באַזונדער קליין צימערל, ספעציעל פאַרגרייט פאַר אַ געדונגענעם געהילף, וואָס פיער האַלט, פון צייט צו צייט, אויף זיין פערמע. ער האָט אים אַריינגעפירט אין דעם צימערל און אים דערקלערט:

— דאָ, זשועל, וועסטו שלאָפן און האַלטן דיינע זאַכן, אָבער עסן, פאַרשטייט זיך, וועסטו מיט אונדז, ביי איין טיש.

## קאַפיטל צוועלף

יואל האָט אַריינגענומען זיין וואַליז, פאַנאַנדערגעלייגט זיין ביסל אָרעמשאַפט. האָט אַרומגעקוקט זיך: אויף די גרויע ווענט זיינען געהאַנגען אַ פאָר גראָטעסקע פרויען־בילדלעך, אויסשניטן פון פאַריזער זשורנאַלן; ער האָט באַטאַפּט דאָס מאַטראַצל פון בעטל, אויף וועלכן ער וועט דאַרפן דאָ היינט שלאָפן. אַ שטילער אומעט האָט אים מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט. ער האָט דערפילט עפּעס אַ מין עלנטקייט, אַ פרעמדקייט. ער איז נאָכדעם צוגעגאַנגען צום קאַמאָד אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען אַ פאַרצעלייענע שיסל מיט וואַסער; ער האָט זיך גוט איינגעוואַשן, אָפּגעווישט דאָס פנים, פאַרקעמט זיין געדיכטן קאָפּ האָר און דערפילט זיך אַביסל אָפּגעפרישט. באַטראַכטנדיק זיך אין שפיגל האָט ער באַמערקט אַז ער איז היפשלעך פאַרוויטלט, אָפּגעברענט געוואָרן פון דער זון, בראָדיענדיק דעם גאַנצן טאָג. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט דער באַלעבאָסטעס קלינגענדיקע שטימע אים רופן:

— זשועל, אָ, זשועל! קום אַריין צום אָוונט־ברויט!

אַ מאָדנער אנגענעמער געפיל האָט אים אַרומגענומען, הערנדיק דאָס פרויען־קול אים רופן ביים נאָמען, פאַרבעטן אים עסן. אַן עלנטער, אָן משפחה, אָן פריינט, אָן אַ היימישער סביבה, האָט ער פאַר די לעצטע פאָר יאָר געלעבט כמעט ווי אַן איינזאַמער: כסדר געגעסן אין די אָרעמע קאַפעען, ניט דערוויזן צו דערשלאָגן זיך צו עפּעס פאָזיטיוועס, מיט אַ באַשטענדיקע באַשעפטיקונג. ער איז ס'רוב געווען אַרבעטלאָז, ניט

האַבנדיק קיין זיכערן מאָרגן, אָן אַ היים, אָן אַ ווינקל, וואָס זאָל אים מער ווינציקער ברענגען אַביסל רו און געמיטלעכקייט; האָט ער טאַקע אָפּט געטראַכט פון אַ תכלית פאַר זיך. אַ קורצע צייט האָט עפּעס ווי אַ שיין געטאָן פאַר אים אַ האָפענונג: — ש אַ ר אַ ! . . . זי, האָט ער געהאָפט, וואָלט געווען די פּאַסיקע מיידל פאַר אים. זייביידע, האָט ער דאַן גע־חלומט, וואָלטן זיך צוגעפּאַסט איינע צו די אַנדערע; מיר וואָלטן געאַרבעט די ערשטע צייט און דאָס לעבן וואָלט געווען אַ סך גרינגער; צוזאַמען וואָלטן מיר געהאָפט און געקעמפּט פאַר אַ בעסערן און ליכטיקערן מאָרגן.

נו, איז אויך פון דער האָפענונג האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, אַן אַנ־טוישונג. איז גוט כאָטש דאָס ביסל געמיטלעכקייט, וואָס איך האָף דאָ צו געפינען ביי אָט־די גוטע פּשוטע פאָלקס־מענטשן. דאָ וועל איך כאָטש קענען פאַר אַ שטיקל צייט געפינען אַביסל רו, זיך נעמען אין די הענט אַריין, אַרבעטן, אָנקלייבן אַבסיל געלט, און נאָכדעם אפשר גאָר עמיגרירן קיין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, וואו צבי פּינחס, מיין ברודער, געפינט זיך איצט. דאָרט איז פאַראַן אַ גרויס יידיש לעבן, אַן אָרגאַני־זירטע אַרבעטערשאַפט. מען האַלט איצט אין איין עמיגרירן אַהינצוצו; יידן האַלטן זיך צוזאַמען דאָרטן איך פאַראיינען און לאַנדסמאַנשאַפטן.

יאָ, ס'איז גאָרניט קיין קרומער געדאַנק אַנצוקלייבן דאָ אַ טויזנט פראַנק און דערנאָך ערנסט אַ טראַכט טאָן וועגן עמיגרירן קיין אַמעריקע!

מיט די מחשבות און געדאַנקען איז ער אַריינגעקומען צו זיינע נאָר וואָס דערוואָרבענע באַלעבאַט'ים, עסן מיט זיי דעם ערשטן מאָלצייט.

ראַזאַליע האָט איצט צו יואלן אויסגעזען כמעט אינגאַנצן אַן אַנדערע! אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אירע פריערדיקע לויזע פאַרמערישע מלבושים, האָט זי איצט געטראָגן אויף זיך אַן איינגעפּאַסט ווייס געבלימטן ציצן קלייד, וואָס ערשט איצט האָט ער בולט באַמערקט איר יונגשאַפט און שלאַנקע שטאַרקע פיגור; אירע האָר, שיין פריזירט מיט אַ זיידן רויט סטענגעלע אַרומגענומען. אויף איר שיין לויטער פּנים איז געווען אַ ליבער שמייכל אויסגעגאָסן. אַ שטראַלנדיקע, מיט היימישער פריינט־שאַפט האָט זי יואלן אָנגעוויזן זיין אָרט ביים טיש, וואו ער האָט מיט אַביסל צוריקגעהאַלטנקייט און שעמעוודיק זיך געזעצט מיט זיי צום עסן.

זי האָט יואלן גוואַלדיק אנגענעם איבערראַשט, פון דעם גרויסן אומ־בייט אין איר אויסזען. ער האָט אין דעם מאָמענט אַ טראַכט געטאָן: ווי פרויען קענען עס אַזוי געשיקט, כהרף־עין'דיק אַרויפציען אויף זיך אַן אַנדער אַנבליק! דאָס איז הפּנים ביי זיי אַ ספּעציעלע קענטעניש,

אַן אייגנשאַפט וואָס אַנטוויקלט זיך ביי דאָס רוב פרויען פון זייער קינדהייט אָן...

דער אָוונט־מאָלצייט איז געווען אַן איינפאַכער און אַ געשמאַקער; ס'האָט אויך ניט געפעלט קיין קאַלטער וויין און ביר, ווי געוויינלעך ביי אַ יוסטנעם פאַרמער טיש . . .

ראָזאַליע האָט נאָכן עסן אַראָפּגענומען דאָס געשיר פון טיש און עס תיכף צעוואַשן. פּיער האָט געמיטלעך פאַררויכערט זיין ליולקע און האָט אויך אָנגעבאָטן יואלן צום רויכערן.

— מערסי (אַ דאַנק), מ'סיע פּיער, איך רויכער נישט — האָט יואל אים שטיל געענטפערט.

— ווי כ'זע, טרינקסטו כמעט אויך ניט — האָט פּיער מיט אַביסל פאַרוואונדערונג אַ זאָג געטאָן: — איז וואָס־זשע טוסטו יאָ, זאָג מיר? — האָט פּיער אים האַלב שפּאַסיק געפרעגט.

— אָ, איך טרינק יאָ, אָבער מיט אַ מאָס, און דאָס אויך ניט תמיד. כ'קען זיך צוימען פון אַזעלכע זאַכן ווען איך איך וויל — האָט אים יואל מיט אַ שמייכל געענטפערט...

ראָזאַליע האָט דערנאָך, ווי זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם געשיר וואַשן, אַרויפגעלייגט אַ פּלאַסטינקע אויף דעם פאָנאָגראַף, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון עס־צימער. זי האָט לאַנגזאַם אָנגעדרייט די מאַשינקע און ס'האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ פּאָפּולער־פראַנצויזיש לידל, גאַנץ חנוודיק און געשמאַק אויסגעזונגען. אַלע דריי האָבן שטיל אַן אַ וואָרט צווישן זיך, געשוויגן, זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. ניט האָבנדיק וואָס צו זאָגן איינער דעם צווייטן, מחמת די ווייניק באַקאַנטשאַפט און פרעמדקייט, האָט דער פאָנאָגראַף, ווי געוואונטשן, ערלעך געדינט די ניט באַקוועמע סיטואַציע...

יואל איז געווען מיד פון וואַנדער־וועג און האָט קוים געקענט איינהאַלטן די אויגן פון ניט צוקלעפּן זיך. ער האָט עס כמעט ווי אונטערדריקט אין זיך. פּיער האָט עס באַמערקט און צו אים פריינטלעך געזאָגט:

— ביזט אָוודאי מיד, זשועל, שעם זיך נישט, קענסט גיין אין דיין צימער שלאָפן, זיך אויסרוען. מיר'ן דיר אַנטשולדיקן.

— יאָ, אויב איר האָט ניט דאַקעגן וועל איך עס טאַקע טאָן. כ'בין אַביסל מיד פון אַרומשלעפּן זיך אַ גאַנצן טאָג אין דער היץ.

— אָט האָסטו נאָך אַ דעקע. נעם מיט זיך. ס'טרעפט אַמאָל ביינאַכט ווערט דאָ גאַנץ קיל, אפילו אום זומער. יואל האָט גענומען פון איר די

צודעק, האָט איר זייער באַדאַנקט פאַר דעם גוטן געשמאַקן מאָלצייט און זיי געוואונטשן אַ גוטע נאַכט.

— באַנע אַזוי (אַ גוטע נאַכט) זשועל, האָבן ביידע, פּיער און ראָזאַליע באַגלייך אים אָפּגעענטפערט און גלייכצייטיק אים אַרויסבאַגלייט פון טיר.

— זעט אויס צו זיין אַ שטילער וואוילער בחור, ראָזאַליע — האָט פּיער דערנאָך אַ זאָג געטאָן צו זיין ווייב.

— יאָ, אַזוי זעט ער אויס צו זיין. נאַטירלעך, ס'בלייבט איבער צו זען ווי ער וועט זיך האַלטן שפּעטער; דערווייל איז ער זייער אַ שעמעוו־דיקער. האָסט באַמערקט ווי ער ווערט רויט ווי אַ צוויק, ווען ער ענט־פערט אויף עפּעס!

— אָבער דאָס איז גראַדע שיין און ס'געפעלט מיר דווקא; ס'באַווייזט זיין אומשולד... — האָט ראָזאַליע זיך אַרויסגעכאַפּט מיט דער באַמערקונג, שמייכלענדיק אין דער זעלביקער צייט...

— וואָס מיינסטו מיט דעם, ראָזאַליע? — האָט פּיער אַפּנים נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון אירע ווערטער...

— איך מיין גאָרנישט — האָט זי באַרואיקט פּיערן — ס'באַווייזט בלויז אַז ער איז אַ שעמעוודיקער און ערלעכער בחור...

פּיער האָט מער וועגן דעם ניט גערעדט, און עס האָט אויסגעזען אַז ער איז געווען צופרידן פון ראָזאַליעס ענטפער. ער האָט נאָכדעם אויס־געקלאַפּט זיין ליולקע אין אַ בלעכענעם אַש־טעצל, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים, און האָט האַלב גענעצנדיק אַ זאָג געטאָן:

— נו, ראָזאַליע, מיר מעגן שוין אויך גיין שלאָפן. מאָרגן וואַרט פאַר אונדז אַ גרויסער, שווערער טאָג אַרבעט. מיר'ן זשולן מאָרגן אַרויס־נעמען אויפן פעלד, אים גלייך איינשפּאַנען אין דער אַרבעט. דאָס היי אויפן פעלד ליגט שוין עטלעכע טעג נאָכן שניט און איז שוין גוט אויס־געטרוקנט; וועט ער אונדז טאַקע מאָרגן העלפן אָנלאָדן דאָס היי און אויך דאָס סטויגן.

* * *

יואל איז אויפגעשטאַנען אויף צומאָרגנס, ווען ס'האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. ער האָט זיך גוט אויסגערוט פון אַ לאַנגער נאַכט שלאָפן. ווען ער האָט געעפנט זיינע אויגן אין דעם פריען באַגינען, האָט ער מער שוין נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם נייעם לעבן, וואָס אים שטייט דאָ פאַר; ער האָט געפילט, אַז פון די ביידע מענטשן, זיינע באַלעבאַטים, וועט ער דאָ אויף דער פערמע עפּעס

קענען לערנען. און אפשר וועט עס אויך זיין אַ נייער ווענד־פונקט אין זיין ווייטערן גאַנג פון לעבן. ער איז אַראָפּ פון בעטל, האָט זיך איינגע־וואַשן מיט קאַלט וואַסער, און איז נאָכדעם אַ פריש קרעפטיקער אַרויס־קומען אין דעם פאַרנעפּלטן דרויסן.

אַלץ אַרום איז נאָך געווען שטיל און כמעט נאַכט־סודותדיק. ס׳האָט זיך פאַרטראָגן צו אים, מיט אַן איבעררייס, דאָס קאָפּען פון די פערד אין דער דערבייאיקער שטאַל. אַ האָן האָט מיטאַמאָל איבערגעריסן די פאַר־טאָגיקע שטילקייט מיט זיין שאַרפן קריי, ווי ער וואָלט געגעבן דעם ערשטן רוף־סיגנאַל צו די נאָך שלאָפנדיקע ברואים אויפצוואַכן. אַ פּאָר פלייסיקע הינער האָבן שוין מיט זייערע שאַרפע שנאָבעלעך אַרויס־געגריבלט קערנדלעך פון דעם מיסט אַרום שטאַל. בעגרי, דעם באַלעבאָס׳ הונט, האָט שטיל אַרומגעשמעקט יואלן און איז אים לאַנגזאַם נאָכגעגאַנגען טראָט ביי טראָט, ווי נאָך אַ היימישן.

פון אונטער די מזרח־בערג האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן באַווייזן אַ ליכט־שיין פון דער באַלד אויפקומענדיקער זון און האָט מיטאַמאָל באַליכטיקט דעם גאַנצן אַרום...

מיט דעם אויפקום פון דער פרימאָרגן־זון האָבן זיך תיכף אויך געלאָזט הערן די קולות פון די בעלי־חיים: דאָס צוויטשערן פון די פויגל, דאָס קוואַקען פון די עופות; הענער האָבן שוין אָפטער געקרייעט, די פערד אין שטאַל האָבן שוין איצט אומרואיקער און שטאַרקער גע־קאָפּעט מיט די פיס און די קו אין שטאַל האָט שוין אויך געמעקעט. אַלע צוזאַמען, ווי אין איין כאָר, האָבן געריפן די בני־אדם, געפאָדערט מ׳זאָל זיי באַזאָרגן מיט די טעגלעכע, פרימאָרגנדיקע באַדערפעניש און באַדינונג . . .

צוערשט האָט זיך ראַזאַליע באַוויזן אין הויף, מיט אַ קלאָר־ווייסן עמער אין האַנט, געגאַנגען צום שטאַל, וואו די קו איז געשטאַנען, גע־וואַרט געמעלקט צו ווערן. פאַרבייגייענדיק יואלן, האָט זי אים פריינט־לעך באַגריסט מיט אַ וואַרעמען גוט־מאָרגן. פּיער איז אויך תיכף אַרויס־געקומען פון הויז. ער האָט דערזען יואלן שוין וואַרטן אויף אים, גרייט עפּעס צו טאָן.

— גוט־מאָרגן, זשועל, ווי איך זע וואַרטסטו שוין גרייט צו דער אַרבעט, האַ?

— יאָ, מ׳סיע פּיער — האָט יואל מונטערדיק אים געענטפערט — איך בין גרייט!

— קום נאָך מיר, זשועל.

פיער האָט צוערשט אים אַריינגעפירט אין שטאַל, וואו די צוויי פערד זיינע, זשאַקי און רובי, זיינען געשטאַנען אין צוויי באַזונדערע אָפּ־צאַמונגען. די פערד האָבן אומרואיק געוואָרפן מיט די וויידלען, געריבן מיט די קאָפּיטעס איבער דעם באָדן, אומגעדרייט די קעפּ צו דער זייט פון די אַריינקומענדיקע.

— זעסט, זשועל — האָט פיער אים געוויזן די ערשטע טריט ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום די פערד. — יעדן פרימאָרגן, איידער וואָס־ווען, דאַרף מען באַזאָרגן די לעבעדיקע באַשעפעניש. קודם דאַרף מען אונטער־וואַרפן צו די סוסים אַביסל פריש היי און אַ מאָס האָבער. און בשעת זיי קייען באַפרידיקט און באַרואיקט, נעמט מען אויסראַמען דעם אָפּפאַל הינטער זיי און אַרום זיי, און נאָכדעם נעמט מען די קאַם און באַרשט און מ׳קעמט גוט אויס דעם פערדס גריווע און די פעל, אַז עס זאָל אַזש גלאַנצן . . . פּ אַ ר ש ט ײ ס ט ?

פיער האָט טאַקע דערנאָך געגעבן יואלן אַ ברייטן קאַם און אַ דראָט־האַריקע באַרשט און אויך געוויזן ווי אָנצוגיין מיט דער מלאכה:

— דו וועסט נעמען „רובין" און איך „זשאַקן". זשאַק איז אַביסל אַ נערוועז פערד, איז אים שווערער צוגעוואוינען זיך צו אַ נייער האַנט.

ער האָט אים צוגעפירט צו „רובין", אַ גלעט געטאָן די גריווע און מאַרדע, און אַ זאָג געטאָן צום פערד:

— „רובי"! דאָס איז זשועל. זיי צו אים גוט און פאָלג אים. וויסן זאָלסטו, זשועל, נאָר נישט שרעקן זיך פאַר דער חיה. דער כלל איז, קוים דערפילט דאָס פערד אַז דו האָסט פאַר איר מורא, וועט עס כסדר ד י ך באַהערשן און דיר נישט פאָלגן. דאָס פערד דאַרף דערפילן אַז ד ו ביסט באַלעבאָס איבער איר!

פיער האָט אים געוויזן ווי אַזוי צו באַרשטן די פעל פון דעם פערד, און ווען יואל האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף „רובין", האָט איר פעל מיט אַמאָל זיך אַ צאַפּל געטאָן. משמעות, דערפילנדיק אַ פרעמדע האַנט אויף זיך... דאָס פערד האָט צוביסלעך זיך צוגעוואוינט צו דעם פרעמדנס האַנט און האָט זיך באַרואיקט.

ווען זיי זיינען כמעט ווי אָפּגעפאַרטקיט געוואָרן מיט דער אַרבעט אין שטאַל אַרום די פערד, האָט זיך מיט אַמאָל ווידער געלאָזט הערן דאָס פריש קלינגענדיקע קול פון ראָזאַליען, רופנדיק זיי:

— אָ, פיער! זשועל! פרישטיק איז פאַרטיק!

זיי זיינען אַריין אין הויז און האָבן אַלע דריי, מיט ניט קיין קליינעם אַפּעטיט, אָפּגעפּרישטיקט. פּיער און יואל זיינען נאָכדעם אַוועק צום שטאַל, אַרויסגעפירט די צוויי פערד און אונטערגעטריבן זיי צו דער וואַסער־קאָרעטע ביים ברונעם, „וואַסערן" זיי. נאָכדעם האָט פּיער גע־וויזן יואלן די פערד־געשפּאַן: ווי אַזוי אָנצוטאָן דעם כאָמעט און די לייצעס און ווי אַזוי איינצושפּאַנען די פערד צום היי־וואָגן. פאַר דער צייט איז ראָזאַליע פאַרטיק געוואָרן מיט איר הויז־אַרבעט נאָכן אָנבייסן, און איז אויך אַרויסגעקומען, מיטצופאָרן מיט זיי צום פעלד, העלפן אין דער אַרבעט. ראָזאַליע איז געווען אָנגעטאָן אין דער זעלביקער אַרבעט־הלבשה ווי נעכטן, ווען יואל האָט איר צום ערשטן מאָל דערזען: אַ שטרוי־הוט מיט אַ גרויסן ראַנד, מאַנסבילישע הויזן, אַ לויזע רויטע בלוזקע מיט אַ ברייטן V אויסשניט, ביי וועלכע ס'האָט אַרויסגעבלאָנקט אַ ראָז־גלאַט לייב. ראָזאַליע האָט זיך מיידלש־פלינק אַרויפגעכאַפּט אויפן היי־וואָגן, וואו יואל איז שוין געזעסן. ביים זייט, אויפן וואָגן, זיינען געלעגן גרויסע שטאָלענע היי־גאָפּלען און גראַבלעס, צונויפצונעמען דאָס אָפּגעשניטענע היי פון פעלד. פּיער האָט אָנגעטריבן דעם פערד־געשפּאַן און זיי זיינען תיכף אָנגעקומען צום פעלד, וואו קליינע קופּעס היי, אין גלייכע רייען, זיינען געלעגן צעשפּרייט איבערן גאַנצן פעלד.

פּיער האָט געוויזן יואלן ווי אַזוי אָנצונעמען אַ פולן גאָפּל מיט היי און אַרויפגעוואָרפן עס אויפן וואָגן. יואל האָט פּרובירט אים נאָכטאָן אָבער ניט איינגאַנצן געראָטן. ער האָט נאָכגעפאָלגט ווי ראָזאַליע טוט עס אַזוי גיך און געשיקט. ביי איר, האָט ער באַמערקט, גליטשט זיך דאָס היי ממש אַליין אַראָפּ פונם גאָפּל, בעת ביי אים פאַרהאַלט זיך עס; ס'קומט אים אָן מיט שוועריקייט דאָס היי לויז צו מאַכן פון גאָפּל. דאָס האָט ניט נאָר פאַרלאַנגזאַמט, נייערט שטאַרק שווערער געמאַכט פאַר אים די אַרבעט. ראָזאַליע האָט עס באַמערקט און תיכף געזען וואו דער טעות איז. האָט זי אים אַ פּאָר מאָל געוויזן און געגעבן צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס צו טאָן:

— זעסט, זשועל, כדי דאָס היי זאָל זיך נישט פאַרהאַלטן אויפן גאָפּל, זאָלסטו איך זינען האָבן, אַז די אויסגעבויגענע ציין פון גאָפּל זאָלן זיין געבויגט, ניט צו זיך, נאָר פאַראויס, אַרונטער צו, דאָן וועט די היי־משא אויפין גאָפּל פון זיך אַליין אַראָפּגליטשן זיך. יואל האָט ראָזאַליען וואַרעם באַדאַנקט, האָט נאָכגעפאָלגט ווי זי טוט עס און צוביסלעך האָט ער גע־כאַפּט „דעם שניט" און האָט כמעט ווי אויסגעגלייכט זיך מיט איר. זיי

הא̇בן שוין נא̇כדעם זא̇לבענא̇נד ריטמיש אויפגעכא̇פּט מיט די גא̇פּלען דא̇ס היי און א̇רויפגעווא̇רפן אויפן ברייטן היי־וואגן; בעת פּיער הא̇ט לא̇נגזא̇ם אונטערגעפירט דעם וואגן פון קופּע היי צו קופּע.

צוביסלעך הא̇ט דער סטויג היי אויפן וואגן זיך טורעמדיק געהויבן אַלץ העכער און העכער. ראזאַליע הא̇ט דאַן באַוויזן אַ בריהשאַפט: זי הא̇ט פלינק אַרויפגעכאַפּט זיך אויפן היי־סטויג פון וואגן און מיט איר גאַפּל אויפגעכאַפּט דאָס היי וואָס יואל הא̇ט צו איר אַרויפגעוואָרפן; זי הא̇ט דאָס היי פאַנאַנדערגעשפּרייט אין אַ גלייכן סדר און גלייכצייטיק עס איינגעטאַפּטשעט מיט די פיס.

ווען דער וואגן מיט דעם היי איז שוין היפּשלעך געווען הויך אָנגע־פּאַקט, איז שוין יואל געווען כמעט ווי אַן אויסגעשעפּטער. ראזאַליע איז געשטאַנען אין דער הויך אויף דעם אָנגעפּאַקטן היי און הא̇ט אַ שמייכלענ־דיקע אַראָפּגעקוקט אויף דעם האַלב־אויסגעמאַטערטן, אין שוויס־איינ־געטונקענעם יואלן. זי הא̇ט געהייסן יואלן אַרויפוואַרפן צו איר זיין היי־גאַפּל און זיך זעצן אויף דער קעלניע נעבן פּיערן. זיי זיינען דערנאָך לאַנגזאַם אָפּגעפאָרן פון פעלד צום שפּייכלער, אויסצולאָדן דאָס היי.

ראזאַליע, זייענדיק אין דער הויך אויפן היי־וואָגן, הא̇ט אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן דאָס היי. פּיער און יואל האָבן עס צעשפּרייט און געסטויגט. בשעת פּיער און יואל האָבן פאַרענדיקט „סטויגן" דאָס היי, לויז געמאַכט די פערד פון געשפּאַן און געפירט צו דער וואַסער־קאָרעטע זיי אָנצו־טרינקען, הא̇ט ראזאַליע צוגעגרייט אַ גאַנץ פיינעם איינפאַכן אָבער גע־שמאַקן מיטאָג־מאָלצייט.

— נו, מ'קען ניט זאָגן אַז דו האָסט נישט אויסגעהאַלטן פּראָבע — הא̇ט פּיער אָפּגעהאַרציק און מיט צופרידנקייט אַ זאָג געטאָן צו יואלן, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַריינגעקומען אין הויז מיטאָגן. — ווערדליק פאַר אַ שטאָטישן און אַן אָנפאַנגער, ביסטו היינט געווען גאָרנישט שלעכט! האָסט זיך טאַקע פאַרדינט אַ גוטן מאָלצייט, זשועל.

— מערסי, מ'סיע פּיער! — הא̇ט יואל מיט צופרידנקייט אים גע־ענטפערט, אָפּווישנדיק זיך די הענט מיטן האַנטוך פאַרן עסן גיין.

— איז וואָס האָסטו עפּעס היינט גוטעס צום עסן, ראזאַליע? כ'בין שוין טאַקע הונגעריק ווי אַ וואָלף. און זשועל אַוודאי אויך!...

ראזאַליע הא̇ט דערלאַנגט צום טיש אַ קאַלטן קאַלבס־פלייש, אַ געשמאַק פאַרפּראַוועטן סאַלאַט פון כלערליי גרינצייג, קאַלטן ביר און פרישן קוכן.

— זע אים נאָר גוט צו, ראָזאַליע — האָט פּיער, געשמאַק קייענדיק די שפּייז, אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט — מ'דאַרף זען ער זאָל זיך ביי אונדז פּאַפּראַווען דער בחור, אַרויפּציען אויף זיך אַביסל פליישׁ...

— לאָז עס איבער צו מיר, פּיער! ער וועט שוין ביי מיר דאָ הונגער נישט ליידן. כ'וועל אָבער אויך זען ער זאָל נישט ווערן אַזוי קיילעכדיק ווי דו — האָט ראָזאַליע שטיפעריש צוגעגעבן...

פּיער האָט זיך ניט געמאַכט הערנדיק אויף ראָזאַליעס באַמערקונג. מחמת גאַנץ אָפט וואָרפט זי אים פאָר אויף זיין שווער־לייביקייט, האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפּאַס. ס'האָט אָבער אויסגעזען אַז ער מאַכט זיך פון דעם אַ גאַנץ קליינעם צימעס. פּיער האָט אָנגעגאָסן אין די גלע־זער דעם קאַלטן פינקלדיקן ביר, און אַלע דריי האָבן שטום „געטאָוסטעט" מיט זייערע גלעזער. יעדער פאַר זיך האָט אפשר אין דעם מאָמענט געטראַכט עפּעס אַנדערש...

יואל האָט באַמערקט, און האָט וועגן דעם טאַקע אויך געטראַכט אַז, סיי פּיער און סיי ראָזאַליע פאַרמעסטן זיך אים צוליב צו טאָן, זיין גוט צו אים ווי צו אַן אייגענעם, אַ נאָענטן גאַסט, וואָס מ'האָט לאַנג ניט געזען, אָדער גאָר ווי צו אַן אייגענעם אין דער משפּחה...

ניט האָבנדיק אַליין קיין קינדער, האָבן זיי ביידע, פּיער און ראָזאַליע, איבערגעלעבט מיט אַמאָל עפּעס אַ מאָדנעם געפיל צו אָט־דעם יונגן בחור, וועלכער איז צו זיי אַזוי אומגעריכט געקומען און צו וועלכן זיי זיינען צוגעבונדן געוואָרן כמעט מיטן ערשטן אויגנבליק. זיי האָבן ביידע געפילט ווי מיט דער נאָענטקייט צו אָט־דעם יונגן מענטשן שטילן זיי אין זיך אַ טאַטע־מאַמע געפיל, וואָס האָט פון בענקשאַפט גענעסטלט ביי זיי אין האַרצן... יואל האָט עס אינטואיטיוו דערפילט, אַז די גוטע אייב־פאַכע פאָלקס־מענטשן באַמיען זיך זיין צו אים אויסערגעוויינלעך גוט; גאַרניט ווי באַלעבאַטים צו אַ פּועל. ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי און מיט וואָס אויף אַזאַ נאָענטשאַפט צו באַענטפערן. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפילט אַביסל שעמעוודיק און ניט היימיש. ער האָט די ערשטע צייט זייער ווייניק גערעדט, בלויז געענטפערט מיט אַ דאַנק־וואָרט אַמ־פלאַץ און ווען נויטיק.

נאָכן געשמאַקן מאָלצייט האָבן פּיער און ראָזאַליע געשיקט יואלן צו זיך אין צימער, ער זאָל זיך אָפּרוען, און אַליין אויך געגאַנגען נעמען זייער געוויינלעכן בייטאָגיקן אָפּרו.

ערשט אַ פּאָר שעה שפּעטער, נאָך אַ גוטן אָפּרו, זיינען זיי ווידער,

פּיער, ראָזאַליע און יואל אַרויסגעפּאָרן אויפן פעלד און ווידערהאָלט דאָס זעלביקע וואָס אין ערשטן האַלבן טאָג.

יואל האָט נאָך מיט מער פליס, אָ גוט אויפגעלייגטער און אָ זינגעוו־דיקער געאַרבעט זייט ביי זייט מיט זיינע באַלעבאַטים, ביז די זון האָט זיך גענומען זעצן און פאַרגיין הינטער די נאָענטע פוס־בערג ביים האָריזאָנט. אַזאַ אָנגעגליטע ווי ברענענדיקע קוילן.

## קאַפּיטל דרייצן

די אַרבעט אויפן פעלד, ביים היי אויפקלייבן און סטויגן, האָט אָנגעהאַלטן אָ פּאָר וואָכן. יואל האָט וואָס אָ טאָג אַלץ מער אָנגעהייבן צופּאַסן זיך צו אָט־דער נייער פאַר אים אַרבעט. ער האָט נאָכדעם שוין אויך געטאָן אַנדערע אַרבעטן אויפן פעלד און אַרום דער ווירטשאַפט. אַלץ וואָס פּיער האָט אים געוויזן צו טאָן, האָט ער גאַנץ גיך אויפגעכאַפּט און נאָכגעטאָן.

— ווייסט, ראָזאַליע — האָט פּיער איינמאָל באַמערקט צו איר — דער יונג האָט גאַנץ גיך אויפגעכאַפּט דעם גאַנג פון דער אַרבעט ביי אונדז. מיט דער צייט וועט ער זיין פאַר אונדז אָ גאַנץ גוטע און נוצלעכע „האַנט”. דענקסטו ניט אַזוי, ראָזאַליע ?

ראָזאַליע האָט אויף פּיערס באַמערקונג כמעט ווי נישט געענטפערט. חוץ צוצוגעבן מיט אָ שטילן, קוים הערבאַרן — יאָ...

— מאָרגן וועל איך אים מיטנעמען מיט זיך צום צפונדיקן טייל פון פעלד, וואָס מיר האָבן עס געלאָזט רוען און גאָרנישט געטאָן אויף דעם לעצטן יאָר; איך וועל אים וויזן ווי אַזוי דאָס פעלד אויפצוברעכן, צעאַקערן.

— יאָ, ער כאַפּט אויף די פעלד־אַרבעט גיך און גוט. און נאָך מער, ער איז פלייסיק אויך. גאָרנישט ווי יענער „לאָבוס” וואָס מיר האָבן געהאַט דאָ פאַר אים...

דערמאָנענדיק דעם פריערדיקן פּועל וואָס האָט ביי זיי פריער גע־אַרבעט, האָט ראָזאַליע אויך די באַמערקונג פאַרבייגעלאָזט אומבאַמערקט. אַפנים, אַז זי האָט וועגן יענעם מענטשן ניט געוואָלט גאָר אינגאַנצן ריידן אָדער דערמאָנען אפילו. פּיער האָט יענעם פאַרשווין משלח געווען, ניט

דווקא מחמת ער האָט נישט געוואָלט אַרבעטן, אָדער איז נישט געווען קיין גוטער דערפאַרענער פאַרם־יונג; נייערט פאַר גאָר אַן אַנדער סיבה, וואָס ראַזאַליע האָט זינט דאַן מיט פיערן וועגן דעם מער נישט גערעדט צווישן זיך.

פּאַסירט האָט אָט וואָס: דער פאַרם־יונג, וואָס איז געווען דאָ פאַר יואַלן, איז געווען אַ לעבעדיקער זאַרגלאָזער לעבע־יונג, און האָט, נאַטירלעך, ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ פיזיש־געזונטע און יונגע שיינע פרוי ווי ראַזאַליע. ער האָט אָנגעהויבן צוביסלעך אַרויסווייזן מער ווי געוויינלעכע נאָענטשאַפט צו איר. און ניט נאָר מיט ליבלעכע ווערטער און קאָמפּלימענטן פאַר איר יונגשאַפט, שיינקייט און בריהשאַפט; נייערט ער פלעגט צו אָפט זוכן געלעגנהייטן צו זיין מיט איר אַליין. איז זי געווען אין שטאַל ביים מעלקן די קי, איז ער מיטאַמאָל נעבן איר אויסגעוואַקסן, מיט עפּעס אַן אויסרייד: דאָס האָט ער פאַרגעסן אין שטאַל די גראַבליע אָדער דעם גראָבאייזן; דאָס דאַרף ער אַ דראָט אָדער אַ צווינגל. אַלץ עפּעס, כדי זיך אַרומשאַרן אַרום איר. און, וואָס מער דער יונג האָט געזוכט איר נאָענטשאַפט, אַלץ מער האָט ראַזאַליע געזוכט זיך פון אים צו דערווייטערן. פיער האָט עס אויך אָנגעהויבן צו באַמערקן, און ווען ראַזאַליע האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו פיערן, אַז אָט־דער פאַרם־יונג, זשאַק, איז אַ פרעכער קערל, האָט ער אים אָן שום מניעות תיכף משלח געווען.

פיער איז געווען זייער צופרידן, וואָס ראַזאַליע האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט וועגן דעם יונג. פאַר אים איז עס געווען אַ דערלייכטערונג און אויך אַן איבערצייגונג אַז זי, ראַזאַליע, איז אים געטריי און ווערט ניט סתם פאַרכאַפּט און הינגעריסן פון גלאַטע ריידעלעך און קאָמפּלימענטן פון אַ פרעמדן מאַנסביל. מערקווירדיק אָבער, ווי באַרעדעווודיק און לויז־צונגיק אָט־דער פריערדיקער פועל, זשאַק, איז געווען; האָט זיך אין אַלץ געמישט, אַפילו אין זאַכן וואָס מ'האָט ביי אים ניט געפרעגט; אַזוי איז יואל געווען דער היפוך פון דעם לעצטן: אַ שווייגער ביז גאָר, האָט ער כסדר געטאָן זיין אַרבעט מיט דער עכטער פלייס און פּינקטלעכקייט. אָפּגעגעסן דעם מאָלצייט מיט די באַלעבאַטים, איז ער ס'רוב געזעסן מיט זיי אין הויז אַביסל, אויס העפלעכקייט, און איז נאָכדעם אַוועק צו זיך אין צימער, לייענען, שרייבן בריוו אָדער גאָר פאַרצייכענען נאָטיצן פון זיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען.

פאַר פיערן און ראַזאַליען איז יואל געווען עפּעס אַ מין רעטעניש:

ווער איז ער, וואָס איז ער, פון וואַנען קומט ער — דאָס האָבן זיי נישט געוואוסט. זיי זען אָבער, אַז ער איז אַ שטילער, אַ באַשיידענער בחור, אַ פלייסיקער אָרנטלעכער יונג; אויך ניט קיין טרינקער — אַ מעלה וואָס זיי האָבן ביי נישט קיין סך פון די וואַנדערנדיקע אַרבעטער געפונען. האָט ער זיי טאַקע ביידן שטאַרק פאַראינטערעסירט. אָבער מער פון פיערן האָט יואל שטאַרק אָנגעהויבן פאַראינטריגירן ראַזאַליען. ס'איז ניט געוואָרן ביי איר סתם אַ פרויען נייגעריקייט און רייץ פאַר אַט־דעם יוגנטלעכן, וועלכן זי זעט יעדן טאָג אויף אין אוונט; נאָר עפּעס אינסטינק־טיוו האָט זי אָנגעהויבן פילן צו אַט־דעם כמעט פרעמדן אַ וואַרעמע נאָענטשאַפט. געוועזן מאָמענטן וואָס זי האָט אַרומגעטראָגן מיט זיך אַ בענקשאַפט צו אים. איז זי דעריבער געווען אויפן פעלד זייט ביי זייט מיט אים ביי דער אַרבעט אָפטער און אָפטער. אפילו אין אַזעלכע טעג, ווען פיער האָט זיך אין איר הילף ניט אַזוי שטאַרק גענויטיקט. זי האָט געזוכט געלעגנהייטן אַרויסצוקומען אויפן פעלד העלפן אין דער אַרבעט, כדי צו זיין נאָענט נעבן יואלן.

ס'האָט אויסגעזען, אַז ראַזאַליע איז כמעט ווי מקנא פיערן, וואָס ער האָט מער געלעגנהייטן צו זיין מיט יואלן, ווי זי. אָט לערנט ער אים ווי צו אַקערן די ערד, און ער גייט זייט ביי זייט מיט אים, און זי דאַרף בלויז באַנוגענען זיך צו זיין פון אים פונדערווייטנס און שטיל באַוואונ־דערן אים. איר איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן אַ געדאַנק: מען דאַרף גאָר אים אויסלערנען ווי אַזוי צו מעלקן אַ קו — אַז אַרבעט אויף וועלכער זי האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט און מיט וועלכע זי אַליין האָט זיך כסדר באַשעפטיקט...

ס'האָט אויסגעזען אַז צווישן ביידן, פיערן און ראַזאַליען, איז אָנגע־געאַנגען ווי אַ שטילער פאַרמעסט יואלן אויסצולערנען זאַכן אַרום פעלד־אַרבעט און ווירטשאַפט...

איינמאָל, ביי אַ מאָלצייט, ווען זיי זיינען געמיטלעך געזעסן ביים טיש און געשמועסט וועגן ווירטשאַפטלעכע זאַכן, האָט ראַזאַליע פלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו יואלן:

— דו ווייסט, זשועל, אויב דו ווילסט באמת ווערן אַ דערפאַרענער פאַרמער, ווי דו זאָגסט, דאַרפסטו אַלץ וויסן און קענען טאָן זאַכן וואָס אַ לאַנדווירטשאַפטלער דאַרף וויסן און קענען: דאַרפסט ניט נאָר קענען אַקערן און זייען, שניידן תבואה און סטויגן היי, אַרומגיין אַרום פערד און פאַרריכטן זאַכן; נייערט אויך וויסן ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום עופות־

צוכט און אויך קענען מעלקן אַ קו... ווען אויפן פעלד ווערט די אַרבעט שוין נישט פרעסן אַזוי שטאַרק, וועל איך דיר אויך אויסלערנען ווי צו מעלקן אונדזער קו. ווייסט, זשועל, אַז אפילו פּיער, וואָס איז אויפגעוואַקסן אויפן פאַרם, איז פונדעסטוועגן נאָך אַלץ ניט קיין גוטער מעלקער; ער האָט ניט די הענט פאַר דעם...

— הם, אַ גרויסע זאַך צו מעלקן אַ קו! — האָט פּיער געוואָלט פאַר־ענטפערן זיין ניט געשיקטקייט, וואָס ראַזאַליע האָט אים פאַרגעוואָרפן פאַר די אויגן פון יואלן...

— אַזוי זאָגסטו, פּיער! פונדעסטוועגן ווען דיר קומט אויס צו מעלקן אונדזער באַדזשאַן, גיט זי דיר דאָך ווייניקער מילך ווי ווען איך מעלק זי...

— פון וואַנען זייט איר אַזוי זיכער, מאַדאַם ראַזאַליע, אַז איך וועל מיך בעסער אויסטויגן צו מעלקן די קו? — האָט זשועל שוין אַביסל אַ נייגעריקער מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטאָן...

— אָ, איך דערקען שוין!... איך קען דערקענען אין איינעמס הענט און פינגער ווער סע וואָלט געקענט זיין אַ גוטער מעלקער אָדער ניט...

זשועל האָט עפּעס ווי אינסטינקטיוו באַטראַכט די פינגער פון זיינע ביידע הענט, ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצייגן אין דעם. פּיער האָט אויך שמייכלענדיק פון ראַזאַליעס איינפאַל, באַטראַכט יואלס הענט און פינגער, און האָט כמעט ווי נאַכלעסיק און פלעגמאַטיש אַ זאָג געטאָן:

— הע, הענט, ווי אַלע הענט, פינגער ווי ביי אַלעמען; אַביסל דינער און לענגער ווי מיינע, אָבער מיט מעלקן אַ קו האָט עס לחלוטין נישט וואָס צו טאָן, זשועל. ווייסיך וואָס, וואָס ראַזאַליען קען איינפאַלן!...

— און איך וועל דיר נאָכאַמאָל איבערצייגן, פּיער — האָט ראַזאַליע אַמביציעז אַ זאָג געטאָן — ס'האָט שוין דווקא יאָ צו טאָן מיט די הענט און פינגער...

ראַזאַליע האָט נאָכדעם אָוועקגעשטעלט קאַלטן ביר אויפן טיש, האָט געלאָזט שפּילן דעם גראַמאָפאָן און זאַלבעדריט האָבן זיי געמיטלעך געזופּט דעם קאַלטן ביר און אָפּגעקילט זיך אַביסל פון דעם הייסן זומער־אָוונט. פּיער און יואל זיינען נאָכדעם שטאַרק פאַראינטערעסירט געוואָרן אין שפּילן אַ שאַך. גאַנץ אָפט פלעגן זיי ביידע אין די אָוונטן אַ פּאָר שעה פאַרווײלן אין אַ שאַך־שפּיל, איידער מען איז אַוועק שלאָפן.

אין אַזעלכע שעהן, ווען ראַזאַליע איז געבליבן אַליין מיט זיך, פלעגט זי אויס לאַנגווייל, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל בלעטערן די אילוסטרירטע פאַריזער זשורנאַלן, מיט כלערליי פריוואַלע בילדער. ס'פלעגט איר

דערמאָנען פון דעם ראַשיקן און פריילעכן לעבן אין דער גרויסער שטאָט, פון וואַנען זי איז געקומען און נאָך וועלכן צומאָל זי טוט אַ בענק פון צייט צו צייט. אָפט מאָל טוט איר יונג האַרץ זיך אַ צאַפּל נאָך עפּעס אַ צע־שטרייאונג. ס'טרעפן מאָמענטן ביי איר ווי זי פילט זיך ווי אַרויסצורייסן פון אָט־דעם איינטאָניקן לעבן אויף דער פערמע מיט דעם מאַן אירן, אַ פיל עלטערן פון איר, און אַ יאָג טאָן זיך, כאָטש אויף אַ קורצער וויל, נאָך אַ שטורמישער איבערלעבונג. זי פילט טייל מאָל אַז זי פאַלט אַריין אין אַן אַטראָפירנדיקע פאַר איר אינערציע. אין די טעג ווען זי איז פאַרנומען מיט פיזישער אַרבעט אויפן פעלד און אין דער הויז־ווירט־שאַפט, טראַכט זי ווייניקער פון דעם. זי איז טיילווייז אפילו צופרידן פון דער אַרבעט, פון איר אייגענער זיכערקייט דאָ אויף דעם אייגענעם באָדן, מיט דעם גוטן צו איר מענטשן — איר מאַן פּיער. אָבער אין די איינזאַמע שטילע מאָמענטן כאַפּט איר אַרום אַ דריקנדיקע בענקשאַפט און נאָגעניש... באַזונדערס האָט זי אָנגעהויבן אַזוי צו פילן זינט יואל האָט זיך דאָ באַוויזן. ווי ער וואָלט געבראַכט צו איר דעם הויך און וואַרעמען גרוס פון דער לעבעדיקער פריילעכער פּאַריז, וואו זי האָט פריער געלעבט און דערצויגן געוואָרן...

ראָזאַליע איז געווען אַ פּאַריזעריך, געבוירן ביי אָרעמע עלטערן איז זי פון איר פריעסטע יוגנט אַוועק אַרבעטן, געדינט ביי מיטל־קלאַס מענטשן; אַ שיינע אין אויסזען און געשטאַלט, האָבן ניט ווייניק פּאַריזער יונגעלייט פאַרדרייט איר דעם קאָפּ, מיט אַ סך צוזאָגעכצן און קליינע מתנות, אָבער אַ תכלית אויף אַ זיכערן לעבן, פריי פון אָרעמקייט און נויט, האָט איר קיינער ניט פאַרזיכערט. פּיער האָט געטראָפן אָט דער יונג־פרוי, ראָזאַליע, אין אַ מאָמענט פון אַן עלנטן, פאַרוואורלאָזטן מצב, כמעט אויף דער גרעניץ פון פאַרלאָרנקייט. ער האט איר אַרויסגעריסן פון אַ דעגענערירטן תהום, זיך מיט איר שטאַרק פאַראינטערעסירט; איר גוט באַקליידט און צו זאַט עסן געגעבן, און אויך אַ דאַך איבערן קאָפּ. זי איז אים זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָט ער איר אפילו פאָרגע־שלאָגן אַז ער וויל מיט איר חתונה האָבן. אין איר פאַרצווייפלטן מצב און אויס דאַנקבאַרקייט צו דעם גוטן מענטשן, פאַר די אַלע גוטסקייטן וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן, האָט זי אים געגעבן איר האַנט און מסכים געווען צום שידוך.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין זיין פאָרשלאָג, זוכנדיק אַביסל אָפּרו און זיכערקייט...

ער האָט זי נאָכדעם אַראָפּגעבראַכט צו זיך אויף דער פּערמע. ס'האָט איר גענומען אַ שטיקל צייט ביז זי האָט זיך אַביסל צוגעוואוינט און אָנגעהויבן איינלעבן זיך מיט דעם נייעם סדר פאַר איר דאָרפישן לעבן. פּיער'ס אויסערגעוויינלעך גוטסקייט און צערטלעכקייט צו איר האָט איר שטאַרק צוגעבונדן צו אים, און וואָס אַ יאָר מער איז זי אים געוואָרן נאָענטער, ליבער און אייגן. זי איז געווען כמעט ווי גליקלעך און צו־פרידן וואָס זי איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון דעם הארבן, מיזעראַבעלן, שווערן לעבן, וואָס איר איז אויסגעקומען איבערצולעבן דאָרטן אין דער גרויסער שטאָט. דאָ האָט זי געפונען אַ זיכערע היים, אָן זאָרגן פאַר דעם מאָרגן, מיט אַן איינגעפונדעוועטע ווירטשאַפט, איבער וועלכן זי איז די באַלעבאָסטע.

## קאַפּיטל פערצן

איינמאָל אין אַ פרייען באַגינען, ווען ראָזאַליע איז אַרויסגעקומען פון הויז, גרייט געווען גיין צום שטאַל מעלקן די קו, ווי זי טוט עס יעדן פרימאָרגן, האָט זי דערזען אַז דער הימל איז געווען זייער שטאַרק פאַר־וואָלקנט, און נאָך איידער זי האָט זיך אַרומגעקוקט האָט שוין אויך אָנגעהויבן רעגענען. ראָזאַליע איז צוריק אַריין אין הויז, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם רעגן־מאַנטל און אַ גרויסע צאַראַטענע באַברימטע הוט, גענומען מיט זיך דעם מילך־עמער און איז אַרויס אין דרויסן אויפן וועג צו דער שטאַל צו, וואו מאַדזשאַ, די קו, איז געשטאַנען אומרואיק און שוין געוואַרט אויף דעם צעבער עסן, וואָס ראָזאַליע גרייט פאַר איר צו יעדן פרימאָרגן,, ביים מעלקן זי. יואל און פּיער זיינען געווען ביי די פערד אין שטאַל, און נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן פאַרענדיקן צו רייניקן די פערד און צוגרייטן זיי פאַר אַרויסצוגיין צו דער פעלד־אַרבעט, האָט שוין אָנגעהויבן גאַנץ נישקשהדיק צו רעגענען. אויפן וועג צום שטאַל צו דער קו, איז ראָזאַליען אין דעם מאָמענט דורכגעלאָפן אַ געדאַנק וואָס האָט לעצטנס זיך באַפעסטיקט אין איר מוח:

— איצט איז די צייט, ווייל עס רעגנט און פּיער און זשועל וועלן סייווי נישט קענען אַרויסגיין אויפן פעלד אַרבעטן, ווארום טאַקע ניט אויסנוצן די געלעגנהייט און ווייזן זשועלן ווי צו מעלקן אַ קו? האָב איך דען נישט געזאָגט פּיערן, אַז איך וועל אים נאָך אַמאָל איבערצייגן אַז

זשועלס פינגער וועלן זיך בעסער אויסטויגן ווי זיינע, מחמת זיי זיינען א̇זעלכע איידעלערע, ווייכערע... און וואָרום טאַקע נישט אויסלערנען זשועלן ווי צו מעלקן אַ קו? ס'וועט אים צונוץ קומען אויך...

צי ראָזאַליע האָט טאַקע געמיינט דורכאויס יואלס טובה, אים אויס־צולערנען מעלקן אַ קו, צי איר האָט עפּעס אין דעם מאָמענט מיטאַמאָל אַ צי געטאָן צו אָט־דעם יונגן קרעפּטיקן בחור, וואָס זי זעט פאַר אירע אויגן און וואָס רעגט אין איר אַ באַגער צו אים, ווי אים זען וואָס אָפטער און זיין נאָענט נעבן אים... דאָס לאָזן מיר איבער צו דער פאַנטאַזיע פונעם לייענער...

ראָזאַליע האָט נישט לאַנג געטראַכט: פאַרכאַפּט פון דעם אימפּול־סיוון געפיל און געלעגנהייט, האָט זי גלייך ווי זי איז אַריינגעקומען אין שטאַל, גרייט צו מעלקן די קו, מיט אַמאָל הויך אויפן קול אויסגערופן:

— זשועל, אַ, זשועל! קום אַהער אין שטאַל, ביי באַדזשאָן, וועל איך דיר ווייזן ווי אַזוי מע דאַרף מעלקן אַ קו!...

פיער און זשועל האָבן אין יענעם מאָמענט נאָך געפּאָרעט זיך ביי די פערד. דערהערנדיק ראָזאַליע רופן אים, האָט ער, זשועל, צוערשט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: יאָ ענטפערן אָדער ניט? הגם אים האָט זיך דווקא יאָ געוואָלט גיין צו איר: וואָרום טאַקע ניט אויסלערנען זיך מעלקן אַ קו?... ער האָט אָבער זיך פון אָרט נישט קיין ריר געטאָן, און איז שווייגנדיק אַנגעגאַנגען מיט דעם באַרשטן און קאַמען די שקאַפע זיינע, „רובין". פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער האָט ראָזאַליעס רופן גאַרנישט געהערט. ראָזאַליע האָט שוין מער נישט גערופן; זי האָט לאַנגזאַם אונטערגעטראָגן דעם צעבער מיטן עסן פאַר באַדזשאָן און גרייט געמאַכט זיך זי צו מעלקן.

פיער האָט דערנאָך, ווי ער וואָלט אויף דעם מאָמענט נאָכגעטראַכט, אַ זאָג געטאָן צו זשועלן:

— גיי, זשועל, ראָזאַליע רופט דיך דאָך! לאָז זי נישט וואַרטן. וועסט טאַקע אויך זען ווי געשיקט זי מעלקט די קו. אפשר איז זי גערעכט וואָס זי זאָגט אַז דיינע פינגער זיינען איידעלער און געשיקטער ווי מיינע צום מעלקן — האָט ער האַלב איראָניש באַמערקט... — גיי, איך וועל שוין פאַרענדיקן דאָס באַרשטן פוןביידע פערד...

יואל האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט לאַנגזאַם אַוועקגעלייגט אויפן אָרט זיין קאַם און באַרשט און איז דערנאָך מיט לאַנגזאַמע טריט אַריינגעקומען אין שטאַל, וואו ראָזאַליע איז שוין געזעסן אויף אַ נידריק

„דרייפוס"־בענקעלע און איז אָנגעגאַנגען מיטן מעלקן. באַדזשאַ האָט אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ אירן פון צעבער און אים אַ דריי געטאָן צו יואלס זייט, מעלה־גרה'נדיק, און דערנאָך ווידער אַריינגעטאָן דעם קאָפּ אירן אין צעבער מיטן עסן.

— כ'האָב געדענקט אַז דו האָסט מיר נישט געהערט דיך רופן — האָט ראַזאַליע אַ זאָג געטאָן, ניט אויפהייבנדיק אירע אויגן צו יואלן, האָט זי נאָכאַנאַנד ציענדיק מיט די פינגער די נאָפּלען פון באַדזשאַ'ס מיט מילך אָנגעפילטע אייטער. די מילך־זאַפּט האָט זיך ריטמיש געצאַפּט אין עמער אַריין און מעכאַניש אָפּגעקלונגען ווי אין אַ בלעך.

— זעץ זיך צו אָט־דאָ נעבן מיר, זשועל, און קוק זיך צו מיט אויפ־מערקזאַמקייט ווי מיינע ווייז־פינגער און גראָבע פינגער פוןביידע הענט גליטשן זיך אַראָפּ פון די נאָפּלס פון באַדזשאַס אייטער. זעסט, אַראָפּ און אַרויף, אַראָפּ און אַרויף...

יואל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיינע קני, נעבן ראַזאַליעס, און גוט זיך צוגעקוקט ווי געשיקט און צאַרט ראַזאַליע ציט אַרויס דעם מילך־זאַפּט פון דער קו'ס נאָפּלס. ער האָט כמעט ווי ניט געזאָגט אַליין, ווי ער האָט מיט זיינע פינגער צאַרט באַרירט ראַזאַליעס פוס נעבן איר רונדער קני, ווען צובויגנדיק זיך נאָענטער צו איר כדי צו זען ווי זי פערפאָרמירט איר עובדה.

יואל האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ מאָדנע רעגונג אין זיינע אברים, פון דעם בלויזן באַריר מיט ראַזאַליעס פוס. אויך ראַזאַליע האָט ווי אינסטינקטיוו זיך אַ צאַפּל געטאָן אין דעם מאָמענט, און די ריטמישקייט פון איר מעלקן איז אַביסל פאַרלאַנגזאַמט געוואָרן...

באַדזשאַ האָט די סענסיוויטעט פון ראַזאַליען תיכף דערפילט. זי האָט נאָכאַמאָל דעם קאָפּ אירן אַרויסגעהויבן פון צעבער, ביי וועלכן זי איז געשטאַנען איינגעגראָבן, אומגעדרייט דעם קאָפּ מיט אירע גרויסע פאַרחידושטע אויגן צו ראַזאַליען, אָט ווי זי וואָלט איר אַ פרעג געטאָן:

— מאי קא משמע לן? וואָס איז היינט עפּעס אַנדערש ווי אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר?...

ראַזאַליע האָט שטיל און צערטלעך אַרויסגעפּליסטערט: — באַדזשאַ, באַדזשאַ, און האָט פאַרגעזעצט דאָס מעלקן מיט דער זעלביקער טעמפּאָ און ריטם ווי פריער.

יואל האָט נאָכדעם, מחוץ זיין אייגענעם קאָנטראָל, צערטלעך אַ שאַר געטאָן זיינע פינגער איבער ראַזאַליעס וויכן פוס, נעבן וועלכער

ער איז געזעסן אַנגעלענט. ער האָט אָבער תיכף אַוועקגעכאַפּט די האַנט זײַנע פון איר פוס, און איז געבליבן ווי פריער שטיין אויף די קני און אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט ווי ראַזאַליע ציט אַרויס די לעצטע טראָפּנס מילך פון באַדזשאַס נאָפּלס. ראַזאַליע האָט נאָכדעם אַוועקגענומען דעם עמער מיט מילך פון אונטער דער קו און אַוועקגעשטעלט ביי דער זייט. אויפהייבנדיק זיך פון דעם „דרייפוס" האָט זי גערן און אפשר אומגערן באַרירט מיט איר פעסטער קני דעם נאָך אַלץ אויף דער קני שטייענדיקן יואל. פון דעם פּלוצלינגן און אומדערוואַרטעטן באַריר האָט יואל כמעט ווי זיך אַ וואַקל געטאָן, שיר ניט פאַרלירנדיק זיין גלייכגעוויכט. ער האָט זיך אָבער תיכף אויסגעגלייכט, ראַפּטאָם זיך אַ הייב געטאָן אויס־גלייכנדיק זיך מיט ראַזאַליען...

יואל, אַביסל פאַררויטלט, האַלב פאַרשעמט, האָט אויפן מאָמענט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך און איז שטיין געבליבן ווי אין אַ פאַרלעגנהייט. ראַזאַליע האָט צו אים ליבלעך אַ שמייכל געטאָן און איז מיטן עמער מילך אַרויס פון שטאַל...

אויפן מיטן הויף צום הויז צו, איז פּיער אַנטקעגן געקומען ראַזאַ־ליען. ער האָט בכיוונדיק געוואָרפן אַן אָפּמעסטנדיקן בליק צום עמער מיט מילך וואָס ראַזאַליע האָט געטראָגן. אויפן מאָמענט האָט ער איר גאַרנישט געזאָגט, און איז זיך געגאַנגען זיין וועג צום שטאַל צו.

ביים פרישטיק האָט פּיער פונדעסטוועגן, אין אַ האַלב שפּאַסיקן טאָן אַ זאָג געטאָן צו ראַזאַליען:

— ווי כ'זע האָט באַדזשאַ, פונדעסטוועגן, היינט געגעבן נאָך ווייני־קער מילך ווי ווען איך וואָלט זי געמאָלקן. אַבי דו האָסט געדענקט אַז זשועלס פינגער וועט באַדזשאַ אויפנעמען בעסער ווי מיינע!...

— ניין, מיין טייערער פּיער, נישט געטראָפן! היינט האָב איך דווקא אַליין געמאָלקן; זשועל האָט נאָר צוגעקוקט. באַדזשאַ איז געווען אַביסל אומרואיק, ווי געוויינלעך, ביי דער אָנוועזנקייט פון אַ פרעמדן. צוביסלעך וועט זי זיך צוגעוואוינען אויך צו אים און וועט געבן די געוויינלעכע מאָס מילך.

נאָכן אָנבייסן האָט דער רעגן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן; אַביסל שטילער און דריבנער. ס'האָט אָבער ניט אויסגעזען אַז דער רעגן וועט אַזוי גיך אויפהערן. פון אַרויסגיין אויפן פעלד עפּעס צו טאָן איז ניט געווען אפילו אַ טראַכט צו טאָן. זיי זיינען נאָכדעם, פּיער און יואל, זאַלבענאַנד, אַוועק אין שפּייכלער און גענומען זיך דאָרטן פאַרריכטן פעלד־מכשירים.

פיער האָט געוויזן יואלן ווי אַזוי אָנצושאַרפן די שנייד־מעסערס און קאָסעס, ווי צו פיילן די פאַרשיידענע געצייגן. זיי האָבן אָנגעגריזעוועט די אַקסן פון די וועגענער, פאַרריכט און געאוילט די כאָמאָטן און לייצעס פון די געשפּאַנען. ראָזאַליע איז געבליבן אין הויז צו טאָן איר באַלע־באַטישקייט אוןווירטאַשאַפט.

## קאַפּיטל פופצן

יענעם אויפדערנאַכט, ווען יואל איז געווען מיט זיך אַליין אין זיין ענגן צימערל, האָט ער זייער פיל מעדיטירט און אויך נאָכגעטראַכט וועגן זאַכן און פּאַסירונגען וועגן זיך און אַרום אים... פאַר דער קורצער צייט וואָס ער אַרבעט דאָ האָט ער זיך מער־ווייניקער גוט צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט אויף דער פאַרם און צום נייעם פאַר אים שטייגער לעבן: די מענטשן, זיינע באַלעבאַטים, זיינען אים ליב און נאָענט געוואָרן; גוטע פּשוטע פאָלקס־מענטשן, צו דער נאַטור צוגעבונדענע, אויף דער ערד איינגעוואָרצלטע; אָן פּניות, און דער עיקר, אָן פאַראורטיילן. זיי זיינען צו אים זייער גוט, אפשר מערער ווי צו אָן אייגענעם; כאָטש ער ווייסט נישט פאַר וועלכע מעשים טובים. ער טוט זיינע פליכטן ערלעך און אויפריכטיק, דאָס וואָס זיי דערוואַרטן פון אים און, אַז זיי זיינען אָן אים נישט אָנטוישט, איז ער מער ווי צופרידן. ער האָט דאָ אָן אינטים ווינקל, מ'קאָן זאָגן אפילו אָ היים; עסן לרוב, אַ זאַך וואָס ער האָט לעצטנס גענוג נישט געהאַט. ער האָט אין דעם מאָמענט זיך אויפגעהויבן פון וויג־שטול, אַ שפּאַן געטאָן צום שפּיגל אויפן וואַנט, איבערן קאָמאָד, זיך גוט באַ־טראַכט, באַטאַפּט די באַקן זיינע מיט אַלע פינגער פון זיין האַנט און שטיל צו זיך, מיט אַ לייכטן שמייכל, אַ זאָג געטאָן:

— הם! פיין זיך פאַפּראַוועט פונדעסטוועגן! ראָזאַליעס קעסט אפּנים האָבן מיר דאָ גאַנץ גוט „פאַליובעט“!... און די אַרבעט איז אויך נישט אַזוי שלעכט; אַביסל שווערלעך געווען אין אָנהייב, אָבער זיך גיך צו־געפּאַסט. ביסט כסדר אינדרויסן אויף דער פרישער לופט, נאָענט ביי דער נאַטור, ווייט פון דעם שטאָטישן טומל און געווירבל, אונטער אַ קלאָר בלויען הימל און אַ באַגרינטער ערד.

אָבער אויך אָן אַנדער געדאַנק האָט אים אַ גאַנצן טאָג ניט ווייניק געעגבערט אין מוח און האָט אים אויך איצט נישט אָפּגעלאָזן. די פּאַסי־

רונג פון היינטיקן פרימאָרגן, ווען ראַזאַליע האָט אים גערופן צו זיך אין שטאַל אַריין, ער זאָל זען ווי אַזוי זי מעלקט די קו — אָט־די גאַנצע אידייע, דער איינפאַל אירער, אַז זי וויל אים אויסלערנען ווי צו מעלקן אַ קו, האָט אים מאָדנע אימפּאָנירט... אמת, אַ פּאַרם־יונג דאַרף דאָס אויך וויסן, אָבער דער אופן און צוגאַנג צום גאַנצן עסק, איר איבעררייד מיט פּיערן וועגן דעם; אַלץ צוזאַמענגענומען האָט אים טיילווייז הנאה געטאָן אָבער אויך אַביסל באַאומרואיקט: אַ מאָדנער געפּיל האָט אים באַהערשט אין יענעם מאָמענט; איר נאָענטשאַפט האָט מיט אַמאָל אין אים אָנגעצונדן אַ פלאַמיקן באַגער צו אָט־דער שיינער פרוי; איר פעסט־געבויטער קערפּער, איר גאַנצע זוניקע געשטאַלט האָט אין אים אַרויסגערופן אַ שטאַרקן סענסועלן געפּיל צו איר. ער האָט אין יענעם מאָמענט קוים דערדריקט אין זיך דעם באַגער, איר נאָענט באַרירן, צודריקן זי צו זיך. ער איז אָבער איצט מער ווי צופרידן וואָס ער האָט זיך דאָך קאָנטראָלירט. איצט קאָן ער איר קוקן גלייך אין די אויגן און אויך ניט פאַרשעמט זיין פאַר דעם גוטן פּיערן...

— איז עס ליבע? — האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן, און תיכף זיך אַליין פאַרענטפערט: נו, רוף עס אַזוי אויב דו ווילסט — האָט ער טראַכטנדיק אין דער הויך אַ זאָג געטאָן. גיכער פון אַלץ איז עס דער נאַטירלעכער געזונטער אינסטינקט, דער שטענדיקער הונגער פון מאַן צו פרוי... האָט ער ווי מיט עמיצן אַרגומענטירט דעם אייביקן פּראָבלעם... ער האָט נאָכאַמאָל פאַר זיך געזען די סצענע דאָרטן אין שטאַל, פון דעם היינטיקן פרימאָרגן, און ווידעראַמאָל גענומען זיך פאַנאַנדערגלידערן זיין האַנדלונג און איבערגעלעבטן געפּיל: — מאָדנע, כמעט אומבאַוואוסט פון זיך אַליין, האָב איך אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף איר קני, און נאָכדעם שוין באַוואוסטזיניק אפילו, דערלויבט זיך צערטלעך אָנהאַלטן דעם באַריר מיט מיין האַנט אויף איר פוס... אַ וואַרעמער געפּיל האָט אים אַרומגענומען דערמאָנענדיק זיך בלויז וועגן דעם.

— ס'איז געווען פונדעסטוועגן אַ געוואַגטקייט פון מיין זייט — האָט ער זיך כמעט ווי פאַרגעוואָרפן. אָבער מאָדנע, ראַזאַליע האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין צייכן פון פּראָטעסט אָדער אומצופרידנקייט. זי האָט מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל אויף איר ליכטיק געזיכט אָנגעהאַלטן איר פּאָזיציע, מעלקנדיק די קו, אָן איבעררייס...

— וואָס־זשע מיינט עס?... — האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן, ווי ער וואָלט געזוכט ביי עמיצן אַן ענטפער — איז זי אויך פאַרכאַפּט געוואָרן

פון אַזאַ פלוצלינגן סענסועלן געפיל און אַ ליבע דראַנג?....

פאַרטיפט אין זיינע מעדיטאַציעס האָט ער ווידער אין דער הויך אַ זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט צו עמיצן גערעדט:

— זיי פאַרזיכטיק, פונדעסטוועגן, יואל! — און מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון דעם פריינטלעכן אַרבעטער, וואו ער האָט אָפּגעשטעלט זיך ביים וועג, מיט אַ צייט צוריק, איידער ער איז אָנגעקומען אַהערצו. ער געדענקט זייער גוט די ווערטער, כמעט ווי אַ וואָרנונג:

„אויב דו ווילסט אָנהאַלטן דעם פּלאַץ דאָרטן וואו איך שיק דיך, ווער וואָס ווייניקער מחותן מיט דער באַלעבאָסטע"!

הייסט עס, אַז אָט־דער אַרבעטער אַפּנים האָט דאָ טאַקע פריער געאַרבעט און האָט מסתמא דאָ געהאַט מיט איר אַ געוויסע דערפאַרונג?... ווען ניט, צו וואָס האָט ער אים עס געוואָרנט גאָר אינגאַנצן? געזאָגט האָט ער עס, הייסט עס, ניט אין לצנות! עפּעס האָט געמוזט אַפּנים צווישן זיי דאָ יאָ פאָרקומען?!... אָט יענע וואָרנונג פון דעם אַרבעטער, וואָס ער האָט דאָן אָנגענומען ווי אַ לייכטן שפּאַס פון אַ וואוילן יונג, איז מיט אַמאָל אַרויפגעשוואומען פאַר אים, טראַכטנדיק אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נעכטיקן כמעט אומשולדיקן עפּיזאָד צווישן אים און ראַזאַליען.

און אַזוי האָט זיך פאַר יואלן געפּלאָנטערט אַ קנויל פון כלערליי מחשבות און השערות. אים איז אויך פאַרבייגעשוואומען רעמיניסענצן פון זיין ניט לאַנגאָניקער פאַרגאַנגענהייט; זיינע איבערלעבונגען און נסיונות פון דער אַלטער היים:

אַ, ווי נאָענט ער וואָלט געקאָנט זיין מיט אַנאַן און איז ניט געווען. וואָס האָט אים דאָן אָפּגעהאַלטן צו זיין רעזערווירט, דערדריקן אין זיך אַ ברענענדיקן פאַרלאַנג און באַגער פאַר איר? יאָ, ס'איז געווען זיין יוגנטלעכער, נאַאיווער, איבערגלויבלעכער אידעאַליזם; זיין עטישער גלויבן אין אַ העכערער מאָראַל; ער האָט עס באַטראַכט ווי אַ גרויס פאַרברעכן קעגן דעם אידעאַל פון דער רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציאָנער און קעמפער פאַר אַ יושרדיקע וועלט דאַרף קענען גובר זיין איבער זיך אַזעלכע מאָמענטן פון עמאָציעס און קענען ביישטיין אַזעלכע נסיונות... וואָלט ער עס איצט געקענט באַווייזן? ביישטיין אַזאַ נסיון? — האָט ער זיך נישט איינמאָל אַ פרעג געטאָן?... אַ, ווי די צייט, די סביבה און דערפאַרונג בייט איבער דעם באַגריף און באַציאונג צו זאַכן! אַ, ווי אַנדערש ער פילט איצט בנוגע דעם גאַנצן קאָמפּלעקס — פּרוי. ניין, איצט איז

ער נישט איינגאַנצן זיכער מיט זיך, צי ער וואָלט אַזוי גזירדיק אָפּוואָרפן זיך פון אַן אַנטקעגנקומענדיק גליק . . .

איצט האָט ער שוין געלערנט און האָט עס אויך אָנגענומען ווי זיינע אַ ליבלינג־טעאָריע, אַז: דער עיקר מאָטיוו פון דעם מענטשנס האַנדלונג איז אַ פועל־יוצא פון דעם וואָס ער געפינט קודם כל פרייד אין דאָס וואָס ער טוט... צי עס איז אַ ריין פּערזענלעכע טאַט, וואָס ברענגט אים זעלישע גליק און פרייד, צי דער טאַט איז אפילו פאַר אַן אַבסטראַקטע אידייע, פאַר דעם כלל, פאַר דער רעוואָלוציע, אָדער אפילו דעם מסירות־נפשדיקן טאַט פון אויספירן אַ טעראָריסטישן אַקט קעגן אַ טיראַן, וואָס אין ערשטן אויגנבליק שיינט עס, הדיכט זיך, צו זיין אַן אידעאַלע אויפאָפּפערנ־דיקע דערשיינונג, איז עס אָבער אינדער'אמתן אַ פועל־יוצא פון אַ מאָטיוו וואָס האָט געבראַכט דעם אויספירער פון דעם אַקט אין יענעם מאָמענט אַ פּערזענלעכע גליקזעליקייט און באַפרידיקונג.

די צייט און דערפאַרונג זיינע אין לעבן האָט אים געבראַכט צום געדאַנק און צום אויספיר, אַז ס'איז גאָר נישט קיין זינד אָדער אפילו אומ־מאָראַליש, ווען מאַן און פרוי, מיט אַ וואַרעמען באַגער איינע פאַר די אַנדערע, ווען זיי געפינען עקזאַלטירנדיקע פרייד און גליקזעליקייט אין זייער אינטימען צוזאַמענקונפט...

דעם גאַנצן טאָג מיט פּיערן אין שפייכלער, טוענדיק ביי פאַר־שיידענע מכשירים, איז ער געווען באַהערשט פון אָט־די טראַכטענישן און שטימונגען. אויך ביים מיטאָג און ביים אָוונט־ברויט האָט אים דער געדאַנק ניט אָפּגעלאָזט: זייענדיק מיט די באַלעבאַטים, אויג אויף אויג, האָט ער זיך פונדעסטוועגן עפּעס מאָדנע אומבאַקוועם געפילט... ראָזאַליען האָט ער זיך געשעמט צו קוקן גלייך אין די אויגן, און פאַר פּיערן האָט ער זיך געפילט עפּעס ווי אַ שולדיקער, גלייך ווי ער וואָלט שוין אויף אַן אמת אַ זינד קעגן אים באַגאַנגען... ער האָט אָבער אויך געפילט אַז באַפרייען זיך אין גאַנצן פון דער סיטואַציע און דערדריקן אין זיך די אויפגעהייטערטע געפילן, וואָס ראָזאַליע רופט אין אים אַרויס, וועט ער אויך לאַנג נישט קענען; מחמת ער פילט וואָס אַ טאָג ווערט ער מער און מער פון איר הינגעריסן און גראַדועל ווערט זי איינגעוואַקסן און פאַר־וועבט אין זיין בלוט, מיט אַ נאָכאַנאַנדיקע בענקשאַפט...

— וואָס וועט אָבער זיין — האָט ער ווייטער מעדיטירט אַז מ'סיע פּיער וועט זיך דאָך דערוויסן פון זיינע געפילן צו איר? און וועט אויך אפשר דערשנאַפּן אַז זי, ראָזאַליע, איז אויך נישט גלייכגילטיק צו אים;

וואָס ס'וועט דאַן זיין, איז נישט שווער זיך משער זיין; זיכער וועט ער אים דאַן תיכף אָוועקשיקן, ווי ער האָט עס געטאָן, ווי עס זעט אויס, אויך מיט דעם פאָרם־יונג פאָר אים. אמת, יואל האָט נישט אַרויסגעוויזן ביז איצט קיין שום אויסערגעוויינלעכע האַנדלונג עס זאָל אים פּראָוואָצירן אין די אויגן פון זיין באַלעבאָס פּיער. ער האָט נאָך לעת־עתה נישט געטאָן אַזעלכעס, אַז פּיער זאָל אים אין עפּעס אפילו פאַרדעכטיקן. אָבער די מחשבות אַליין וועגן דעם האָט אים שוין לאַנג אַנגעהויבן אַביסל באַאומרואיקן . . .

— יואל — האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן — זיי פּאַרזיכטיק, ווער נישט הינגעריסן פון אַ געפיל וואָס קען דיך חלילה פאַרפירן; היט זיך אויס נישט אַריינצופאַלן אין אַ צרה. . . אָבער... וואָס דריי איך מיר אַ קאָפּ סיי ווי — האָט ער כמעט ווי אַן אויסגעשעפּטער און אַ מידער פון טראַכטן און מעדיטירן אַ זאָג געטאָן צו זיך — אפשר איז עס גאָר אַן איינרעדעניש מיינע בנוגע אירע געפילן און האַלטונג צו מיר! אפשר איז עס בלויז אַ ייִנגלשע השערה פון מיין זייט? און אפשר איז עס גאָר ניט מער ווי אַ לייכטער פרויען־פלירט פון איר זייט? אָט אַ שטיפעריי אַזאַ, אַ רייץ טאָן זיך אַביסל מיט דעם יונגן בחור!... האָט דען ניט יעדע פרוי אין זיך כמעט, ווי אַ נאַטירלעך שטיפערישן געפיל, אַ פלירטעווע צו טאָן מיטן מאַנסביל?... אַנדערע פאַרשאַפט עס מאָמענטן פון טיילווייז ערשאָטישער באַפרידיקונג. . .

דער רעגן אין דרויסן האָט אַפּנים שוין אויפגעהערט; מחמת ער האָט שוין מער נישט געהערט דאָס קלאַפּן פונם רעגן אין דעם בלעכענעם דאַך פונעם שפייכלער איבער אים. ער האָט זיך אויפגעהויבן פונעם וויג־שטול, איז לאַנגזאַם צוגעגנאַנגען צום פענצטער, פאַרשאַרט דאָס פאַרהאַנגל און אַרויפגעקוקט צום הימל. ער האָט געזען ווי אַ גיך שווימענדיקע לבנה רייסט זיך ערטערווייז אַדורך די שווערע וואָלקנס און כמאַרעס; אָט פאַרשווינדט זי און אָט באַווייזט זי זיך באַכאַמאַל. ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ וואַרעמען רעקל און אַ היטל און איז אַרויס אין דרויסן. אַרום איז געווען שטיל; מענטש און חיה זיינען געשלאָפן מיט אַ טיף נאַכטיקן שלאָף, פאַרוויגט פון דעם סוף זומערדיקן רעגן. די לופט איז איצט געווען אַ ריינע, אַ זויבער־פרישע און אַנגעפילט מיט אַן אַראָמאָט פון פריש־אָפּגעשניטן היי, האָניק־סאָקל־בלומען און עקאַליפּטוס. ער איז מיט לאַנגזאַמע שטילע טריט צוגעגאַנגען צום פאַרנט פון הויז פון זיינע באַלעבאָטים. פון די בלעטער און צווייגן פון דעם ריזיקן

אַקאַציע־בוים האָבן נאָך געטריפט שווערע רעגן־טראָפּנס. דאָס הויז איז געווען איינגעהילט מיט אַ געדיכטע פינצטערניש. „נעגרי״ האָט פויל זיך צו אים צוגעשאַרט, אים אַרומגעשמעקט און איז פּאַמעלעך אַוועק צו זיך אין דער נאָרע. יואל איז געשטאַנען אַ פּאָר מינוטן אָן אַ זין און אָן אַ ציל: — צוואָס גאָר אינגאַנצן אַרויסגעקומען אין אַט־דער קאַלטער נאַסער נאַכט אינדרויסן? האָט ער ווי צו זיך אַ זאָג געטאָן.

ער האָט דערפילט די נאַסע קאַלטקייט פון דעם נאַר־וואַסיקן רעגן און האָט דערנאָך זיך צוריק אומגעקערט אין זיין צימערל. ער האָט תיכף פון זיך אַראָפּגעצויגן זיינע מלבושים און זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין בעטל. די פריערדיקע מעדיטאַציעס און טראַנסן האָבן זיך ווידער צו אים אומגעקערט. אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער פון טראַכטענישן און מעדיטירן איז ער מיט אַ שווער געפיל פון איינזאַמקייט דאָך איינגעשלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער געווען ווי פאַרוועבט אין אַ נעץ פון חלומות. פון איין חלום אַרויס, אין צווייטן אַריין. אַלע זיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען פון די לעצטע עטלעכע יאָר זיינען אים פאַרבייגעשוואומען ווי אויף אַ לייוונט: אַט זעט ער זיך אין זיין היים־שטאָט, מיט זיינע חברים מיטקעמפער אין דער זעלבסטשוץ, פאַרטיידיקן די לעבנס און דאָס פאַרמעג פון דער אָרעמשאַפט. און אַט זעט ער זיך מיט זיין עלטערן חבר יחיאל, צו וועלכן ער האָט בסדר אַרויפגעקוקט מיט גרויס דרך־ארץ, ווי צו זיינעם אַ גייסטיקן מדריך, אַ לערער. ער דערמאָנט זיך ווי ער פלעגט מיט אים זייער אָפט גאַנצענע טעג און נעכט אַרומגיין און שמועסן איבער כלערליי זאַכן, עפּיזאָדן און איבערלעבונגען. רעמיניסענצן פון עבר שווימען איצט בולט פאַרביי אים:

ס'איז געווען אַ שטילער זומערדיקער פאַרנאַכט. זיי שפּאַצירן ביידע פאַרטיפט אין אַ שמועס וועגן ברודער־ליבע, פרייהייט און גליק פאַר אַלע מענטשן־קינדער. ניט אַנגענדיק זיינען זיי כמעט ווי אונטערן שטאָט פאַרגאַנגען, אַזש אויף יענער זייט ראַגאַטקע, אין דער גויאישער שכונה־שאַפט. פון דעם וויכוח זיינען זיי שוין אַריבער וועגן קריסטוסעס לערע און זיין גלויבן:

„ליב דיין נאָענטן ווי זיך; אפילו אַ שונא זאָלסטו ליבן...
אָבער פּלוצלינג, ווי פון דער ערד אַרויס איז אַ רוצח אַ גוי אַ מורא...
באַלאָדן פול מיט שטיינער און, נאָך אים דיין הונט פון נאָרע...
ער זעט זיי ווי דאָן: רציחהדיק און פול מיט האַס,
אַזש שוים אויף „דיערע ליפּן״...

באַשטיינערט האָט דער גוי זיי, און דער הונט...
צעביסן האָט זיי די ריפּן...
אַנטלאָפן מיטן לעבן קוים, ווי פון אַ דונער און אַ שוואַרצע כמאַרע,
נאָך הערט איצט דעם גויס ווילדן קול: „העי ווי זשידאָווסקי באַרע!"

עס דערמאָנט אים אויך אין חלום, ווי יחיאל, זיין חבר, האָט אים נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך באַרואיקט פון דעם פּלוצלינגדיקן איבערפאַל — אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשטייסט, יואל, וואָלט אָט־דער רשע אַן אמתר קריסט געווען, וואָלט ער אויף אונדז קיין שטיינער נישט געוואָרפן און דעם כלב אויף אונדז נישט אָנגערייצט. ער איז אומוויסנדיק; זיינע הענט ווייסן נישט וואָס זיי טוען. קריסטוס איז געווען דער ערשטער צו זאָגן: „ווער ס'איז פריי פון זינד, זאָל דער ערשטער אויף איר דעם שטיין וואַרפן" — ווען מאַגדאַלענאַ, די יונג־פרוי, האָט געזוכט ביי אים שוץ פון אַן אויפגערעגטן המון. דערנאָך איז ער אַריינגעפלאָנטערט געוואָרן איז אַ צווייטן חלום: אָט זעט ער זיך מיט אייניקע פרויען־געשטאַלטן מיט וועלכע ער איז געווען אין נאָענטשאַפט:

אַננאַ, זיין יונגע באַלעבאָסטע, וואו ער האָט נאָך אַלס לערן־ייִנגל, געאַרבעט. אָ, ווי שטאַרק זיין ייִנגלש האַרץ האָט זיך געצאַפּלט פאַר איר, און טאָג און נאַכט געחלומט פון איר... און אָט שוועבט פאַרביי אים „ניקי", די מאָדנע עקסצענטרישע מיידל, מיט אַך אַ שיעור חן אין זיינע אויגן. ער דערמאָנט זיך איצט, הגם „ניקי" האָט זיך געפונען אין סימע דער רויטערס „הייזל", איז ער פונדעסטוועגן גרייט געווען, אין נאָמען פון זיין אידעאַל, אַרויסנעמען איר פון דעם תהום אין וועלכן זי איז אַריינגעפאַלן און אַריינברענגען איר אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און, אפילו פאַרבינדן זיך מיט איר ווי מאַן און פרוי, אַלץ לשם זיין הייליקן אידעאַל...

און אָט איז שאַראַ, ווי דורך אַ נעפּל איז זי פאַרביי אים פאַרביי־געשוואומען און, אין צענטער פון די אַלע פרויען־געשטאַלטן שטייט זי, ראָזאַליע, ווי אַ לעבעדיק געשטאַלט, מיט אַ מילך־עמער אין האַנט, אַזאַ שטראַלנדיקע, אַ לויכטנדיקע, און רופט אים צו זיך...

אַזוי האָבן זיך פאַר אים בייגעטראָגן פריערדיקע און נאָענטע איבערלעבונגען זיינע אין ווי זיך פאַרוועבט אין איין גרויסער נעץ פון חלומות, וואָס האָבן אים אין דער נאַכט פון אַן אינערלעכן אויפברויז

און אומרואיקן געמיט, כמעט ווי נישט אָפּגעלאָזן ביז'ן באַגינען...

ווען יואל האָט פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג: די זון, נאָך דעם נעכטיקן רעגן און שווערע כמאַרעס, איז איצט שוין געשטאַנען אַזאַ לויטערע און באַשטראַלט מיט זוניקער פרייד דעם גאַנצן אַרום מיט אַזאַ וואַרעמער פרישקייט.

פּיער איז שוין לאַנג געווען ביי די פערד אין שטאַל. ראָזאַליע האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיטן מעלקן די קו. ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט נאָך פאַרשלאָפן, ווען ניט „נעגרי", וואָס האָט מיט זיינע פאָדערשטע לאַפּעס געדראַפּעט די טיר פון יואלס צימערל און הינטיש געברילט ער זאָל אַרויסקומען. „נעגרי", פּונקט ווי זיינע באַלעבאַטים, האָבן זיך געחידושט וואָס ער, יואל, זאָל זיך פאַרשלאָפן?! דאָס איז דאָך מחוץ זיין טבע ! זינט ער איז ביי זיי האָט נאָך אפילו איינמאָל ניט געטראָפן ער זאָל זיך פאַרשלאָפן אָדער מיט עפּעס זיך פאַרשפּעטיקן. פאַרקערט, ער איז כסדר פריער, ווי זיינע באַלעבאַטים, אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט.

יואל האָט אין געאייל אַרויפגעכאַפּט אויף זיך זיינע אַרבעטס־מלבושים, איז תיכף אַריינגעלאָפן אין שטאַל, וואו ער האָט נאָך געטראָפן פּיערן באַרשטן דעם בולאַנעם. ער האָט באַגריסט פּיערן, האָט זיך גע־פילט ווי אַ שולדיקער און געבעטן ביי אים ער זאָל אים פאַרגעבן פאַר זיין פאַרשלאָפן זיך. ער האָט תיכף אַ כאַפּ געטאָן זיין קאַם און באַרשט און פליסיק גענומען קעמען און באַרשטן „רובי"ן. אויך „רובי" האָט דאָס מאָל אומגעוויינלעך אומגעדרייט איר קאָפּ צו אים און אָנגעקוקט אים מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן, ווי זי וואָלט אים אַ פרעג געטאָן: היתכן, טאַקע וואָס עפּעס היינט זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט?—אָפּנים זיך טאַקע גוט פאַרשלאָפן היינט, מ'סיע פּיער—האָט יואל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט, אַ זאָג געטאָן, און האָט נאָכאַמאָל געבעטן ביי אים אַנשולדיקונג.

— אָ, זשועל, ס'מאַכט ניט אויס, ס'טרעפט אַמאָל אַזאַ זאַך; דאַרפסט זיך אַזוי שטאַרק ניט נעמען צום האַרצן. אַגב איז נישטאָ וואָס זיך צו איילן היינט: די ערד איז נאָך היפשלעך נאַס פון נעכטיקן גוס־רעגן. זאָל נאָר די פרימאָרגן־זון אַ טרוקן טאָן אַביסל די ערד, וועט זי נישט קלעפּן זיך אַזוי שטאַרק צום אַקעראייזן.

— וועסט פאַרטיק ווערן מיט „רובין" און מיט דער אַרבעט אין שטאַל וועסטו אַריינקומען פרישטיקן.

— אַ דאַנק, מוסיע פּיער— האָט יואל שוין אַביסל אַ דערמוטיקטער פון זיין פריינדלעכקייט, אַ זאָג געטאָן...

ביים אַנבייסן איז יואל געזעסן אַ שוויינגנדיקער. ער האָט געפּילט זיך אַביסל ווי אַ פאַרשולדיקטער: צוליב דעם וואָס ער האָט זיך דאָס מאָל פאַרשפּעטיקט פאַר פרישטייק — האָט ער ניט געוואוסט מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן פאַר איר... חוץ דעם געוויינלעכן „גוט־מאָרגן" צו ראַזאַליען, ביים אַריינקומען אין הויז, האָט ער כמעט ווי גאָרנישט גע־זאָגט. ראַזאַליע האָט אים אָבער באַגעגנט מיט אַ באַזונדער וואַרעמען ליבן שמייכל, וואָס דאָס האָט אים געמאַכט צו פילן אַביסל גרינגער אויף זיך געמיט און וואָס ס'האָט געמיינט אַז ער דאַרף זיך פאַר איר נישט אַנטשולדיקן פאַר זיין פאַרשפּעטיקונג היינט צום פרישטיק; פאַרקערט, ס'האָט גאָר אויסגעזען פון איר האַלטונג, אַז זי איז גאָר צופרידן וואָס זי קאָן אים „באַדינען" ביים פרישטיק, ווייל ער איז אַליין ביים טיש, אָן פיערן. זי אַליין פילט זיך אין דעם מאָמענט אַ סך פרייער, ווען זי איז מיט אים אויג־אויף אויג, דאַרף נישט דערדריקן אין זיך אַ ליבן בליק און שמייכל פאַר אים, ווי זי טוט עס ניט ווילנדיק אין פיערס אַנוועזנקייט...

## קאַפּיטל זעכצן

די פּאָסט האָט געבראַכט אַ בריוו צו יואלן פון זיין ברודער, צבי פּינחס פון אַמעריקע. ער שרייבט אים:

מיין ליבער ברודער יואל:

מיך וואונדערט זייער שטאַרק וואָס דו שרייבסט מיר נישט קיין „לעטערס" (בריוו). אויך די מאַמע באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַז דו שרייבסט איר נישט קיין זאַך. וואָס איז מיט דיר געוואָרן, יואל? אין דיין לעצטן בריוו האָסטו מיר געשריבן, אַז דו האָסט פאַרלאָזט פּאַריז און אַרבעטסט איצט אויף אַ פאַרם! פרעג איך דיר, ברודער מיין, איז דאָס אַן אַרבעט פאַר דיר? ווי קומט צו דיר צו ווערן אַ פויער, אַן ערד־אַרבעטער? וואָס־זשע קענסטו שוין נישט געפינען קיין בעסערע באַשעפטיקונג? און וואָס איז מיט דיין פאַך? קענסט נישט „מאַכן קיין לעבן" ביי דעם?

אָט פאָלג מיך, יואל, דו קום בעסער אַריבער אַהערצו־צו, קיין נעוו־יאָרק (ניו־יאָרק). דאָ וועסטו קריגן אַרבעט ביי דיין פאַך און וועסט זיך מיט דער צייט צו עפּעס דערשלאָגן. איך אַרבעט דאָ ביי מיין פאַך, סטאָלעריי; דאָ רופט מען עס „קאַרפּענטעריי". כ'פאַרדין נישט שלעכט.

שרייב מיר גלייך אויב דו ביסט מרוצה צו קומען א̇הערצו, וועל איך זען א̇רויסשיקן צו דיר א̇ שיפסקא̇רטע. כ'הא̇ף א̇ז דו הא̇סט זיך שוין נישט פא̇רדרייט דא̇רט מיט א̇ פרא̇נצויזקע, און אפשר גא̇ר חתונה געהא̇ט ר"ל. דער גוטער יא̇ר ווייסט דיר דא̇רטן, א̇ז דו שווייגסט ווי א̇ ספינקס, שרייבסט גא̇רנישט ניט . . .

א̇לזא̇, מיין ליבער ברודער, טרא̇כט וואס ווייניקער: דו שרייב מיר נא̇ר א̇ז דו ווילסט קומען, וועל איך שוין טא̇ן דא̇ס איבריקע. כ'בין זיכער א̇ז דו וועסט דא̇ גלייכן. א̇ סך בעסער ווי אין דיין פרא̇נקרייך. דא̇ הא̇בן מיר א̇ סך יידן פון אונדזערע מקומות: לא̇נדסמא̇נשא̇פטן, ארגא̇ניזא̇ציעס און פא̇רטייען. איך א̇ליין בא̇לא̇נג שוין אויך אין א̇זא̇ מין א̇רגא̇ניזא̇ציע: „א̇רבעטער רינג". דא̇ס איז א̇זא̇ מין הילפס־א̇רגא̇ניזא̇ציע פון יידישע א̇רבעטער און סא̇ציא̇ליסטן. מען העלפט איינער דעם צווייטן, ווען מען איז אין נויט א̇דער חלילה קרא̇נק; און בכלל איז מען דא̇ צווישן יידן, ניט אין דער פרעמד.

די מא̇מע שרייבט מיר, א̇ז אין דער היים איז זייער שלעכט. זינט דער דורכגעפא̇לענער רעוואָלוציע, און איצט מיט סטא̇ליפינען אין דער שפיץ איז נא̇ך א̇ סך ערגער געווא̇רן פא̇ר די יידן; די א̇נפא̇לן און פא̇גרא̇־מען ווידערהא̇לן זיך איצט זייער א̇פט. די קא̇נסטיטוציע הא̇ט א̇פגענא̇רט און דער א̇נטיסעמיטיזם איז נא̇ך שטא̇רקער געווא̇רן.

מיין פלא̇ן איז, יואל, א̇ז ווען דו וועסט שוין זיין דא̇, וועלן מיר זיך מוזן בא̇מיען אויך א̇ריבערנעמען די מא̇מע א̇הערצו. ס'איז גא̇רנישט קיין תכלית זי זא̇ל דא̇רטן אין דעם רוסישן גיהינום בלייבן איינע א̇ליין. דא̇ס איינציקע וואס הא̇לט איר דא̇רטן איז, דער טא̇טע ע"ה, אויפן בית־עולם. דא̇ וועט זיין פא̇ר איר בעסער און פא̇ר אונדז געזונטער און בא̇קוועמער. מיר וועלן דא̇ דינגען א̇ דירה פא̇ר אונדז מיט דער מא̇מען, וועלן מיר ניט דא̇רפן זיך קיין „בא̇רדערס" (קווא̇רטירא̇נטן) און אויך נישט דא̇רפן עסן אין די רעסטא̇רא̇נען און פא̇רדא̇רבן זיך דעם מא̇גן.

א̇רום און א̇רום וועט עס זיין א̇ סך, א̇ סך בעסער פא̇ר אונדז א̇לעמען.

א̇לזא̇, לייג עס נישט א̇פּ אין דער לא̇נגער בא̇נק, יואל; א̇זוי גיך ווי דו וועסט בא̇קומען דעם בריוו, ענטפער מיר תיכף, א̇ז דו ביסט גרייט צו פא̇רן און שרייב מיר אויך א̇ן א̇דרעס וואו איך זא̇ל שיקן די שיפס־קא̇רטע פא̇ר דיר.

זיי געזונט, מיט דער הא̇פענונג דיך צו זען בקרוב:

דיין ברודער, צ ב י פ י נ ח ס

יואל האָט איבערגעלייענט דעם ברודערס בריוו, איינמאָל און נאָכ־אַמאָל און האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם אָנבאָט פון זיין ברודער: דאָס הייסט, ער זאָל קומען קיין אַמעריקע.

— און טאַקע, וואָס האַלט מיך דאָ צו? — האָט ער גענומען נאָכ־טראַכטן, ווי זיין שטייגער איז געווען. — ווען האָב איך דאָ און וואָס האָב איך דאָ? דאָס לעבן פאַר מיר דאָ איז אַן אומרוחניותדיק טרוקענער. יעדן טאָג די זעלביקע רוטין: אַרבעטן, עסן און שלאָפן און, גוואַלדיק איינזאַם דערצו כ'בין דאָ עלנט ווי אַ יתום, אָן אייגענע, אָן נאָענטע און פריינט, און דער עיקר, אָן אַ גייסטיקער סביבה. אמת, די באַלעבאַטים, פיער און ראָזאַליע, זיינען טאַקע וואוילע גוטע מענטשן, אָבער אידעאָלאָ־גיש און גייסטיק אינגאַנצן מיר פרעמד. אמת, איך האָב דאָ גענוג צום עסן, אָבער: „לא על הלחם יחיה האדם“! מיט ברויט אַליין לעבט דאָך ניט אַ מענטש! און בעיקר אַזעלכער ווי איך, מיט אַ קעמפעריש־ענערגישער נאַטור, מיט אַן אידעאַל און אַ שטרעבונג פאַר אַ בעסערער און פרייערער וועלט, איז ווי קען איך זיך איינשליסן אין די דלד־אמות פון אַ קליין אינ־דזעלע, אָפּגעזונדערט פון וועלט־פּאַסירונגען און געשעענישן? ווי קען איך בלייבן אַ פּאַסיווער באַאָבאַכטער פון דעם אַרבעטנדיקן מענטשן, דעם אַרבעטער קלאַס? איך, וועלכער איז אַליין געווען אין די ערשטע רייען פון די קעמפערישע מאַסן אין מיין אַלטער היים; אַליין אויך געמונטערט און גערופן אַנדערע צום קאַמף פאַר אַ וועלט אַ פרייע, זאָל אַליין דאָ ווערן פאַרחומרט און פאַרפויערט, מיט פערזענלעכע קליינבירגערלעכע אינטערעסן ? . . .

יאָ, צבי פּינחס, מיין ברודער, איז גערעכט. ס'איז גאָרנישט קיין תכלית פאַר מיר צו בלייבן דאָ אין אָט־דעם דאָרף. יאָ, נאָך היינט אָוונט וועל איך אים אָנשרייבן אַן ענטפער אויף זיין בריוו, אַז איך וועל זיין גרייט צו פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ, אַזוי גיך ווי די שיפסקאַרטע וועט אָנקומען. פאַר די עטלעכע חדשים וואָס איך אַרבעט דאָ האָב איך שוין באַוויזן אָנצוקלייבן היפּשע עטלעכע פראַנק, וואָס וועט מיר זייער גוט צוניץ קומען, סיי אויפן וועג און סיי אויך דעם נייעם לאַנד. דער עיקר אין אָנהייב ביים אָנקומען, איידער איך וועל געפינען באַשעפטיקונג.

מיט דעם געדאַנק און באַשלוס איז ער געזעסן נאָך יענעם אָוונט ביי זיך אין צימערל און געשריבן אַ בריוו צו זיין ברודער אין אַמעריקע...

## קא̈פיטל זיבעצן

דער סוף זומער האָט זיך שוין באַלד אָנגעהויבן דערנעענטערן, הגם די זון האָט נאָך היפּשלעך געוואַרעמט און געוואָרפן אירע זוניקע שטראַלן אויף דער נאַקעטער צעאַקערטער ערד, וואָס יואל און פּיער האָבן פאַר די לעצטע עטלעכע טעג געהאַלטן אין אויפברעכן, כדי צו־צוגרייטן דעם באָדן פאַר דעם אָנקומענדיקן האַרבסטיקן פאַרזיי. דער „בולאַנער" איז געווען איינגעשפּאַנט צו איין אַקעראייזן, געפירט פון פּיערן, און „רובין" צו אַ צווייטן אַקער, געפירט פון יואלן און נאָכגע־פאָלגט פּיערן. די שניידמעסערס פון זייערע אַקעראייזנס האָבן טיף זיך איינגעשניטן אין דער ווייך־געוואָרענער ערד פון די לעצטע רעגנס און האָבן איבערגעקערט גאַנצע פלאַכטס פּעטע, שוואַרצע ערד, מיט אירע ווילד־גראָזן און פאַרדעקט זיי אין דער אינגעווייד פון דער ערד. אַ סטייע ראָבן האָבן נאָכגעפאָלגט די אַקערערס און פון דער פריש אויפגעבראָכע־נער ערד האָבן זיי אויפגעכאַפּט מיט זייערע שנאָבלען די צאַפּלענדיקע ווערים, וואָס די שניידמעסערס האָבן אַרויסגעוואָרפן אויף דער אויבער־פלאַך.

די זילבער־שטאָלענע מעסערס האָבן שפּיגלדיק געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון, און ביידע, פּיער און יואל, האָבן גראַדליניק און איינפאַרעמדיק פאַראַקערט דעם באָדן ביז די לעצטע צעאַקערטע בייטן פון דעם שטיק לאַנד האָבן זיך באַגעגנט, איינגעשלאָסן זיך און צוזאַמען געוואָרן איין גרויס צעאַקערט שטיק פעלד. ווען זיי האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דעם אַקערן, איז די זון נאָך געשטאַנען גאַנץ הויך זיי האָבן אַריינגעבראַכט פון פעלד זייערע פערד און אַקעראייזנס, אָפּגעטאָן זייער געוויינלעכע רוטין־אַרבעט אַרום די פערד און אין שטאַל און זיך אָפּגעפּאַרטיקט דאָס מאָל אַ סך פריער ווי תמיד.

פּיער איז געווען גאָר באַזונדער גוט אויפגעלייגט און צופרידן פון דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט: דאָס אויפברעכן פון דעם שטיק פעלד, וואָס איז געלעגן אַ שטיק צייט און געשלאָפן, איז געווען פאַרוואַקסן מיט כל־ערליי ווילדגראָזן און נישט באַרירט פון אַן אַקעראייזן און פאַרזיי, איז איצט ענדלעך אויפגעבראָכן, גרייט צו פאַרזייען אַ ווינטער־ווייץ, וואָס ער האָט שוין לאַנג בדעה געהאַט דאָס צו טאָן; און איצט, מיט דער הילף פון יואלן, איז זיין וואונטש רעאַליזירט געוואָרן.

איידער זיי זיינען אַריינגעקומען אין הויז, האָט פּיער, ווי אויפגע־

כאַפּט פון אַ פּלוצלינגדיקן געדאַנק, מיט אַמאָל אַ פרעג געטאָן יואלן:

— זאָג מיר, זשועל: האָסט עפּעס ליב צו פישן?...

יואל האָט אויפן מאָמענט ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן: זאָגן אים דעם אמת, אַז קיינמאָל אין זיין לעבן איז ער ווען עס איז גאָר אינגאַנצן געגאַנגען כאַפּן פיש! האָט ער עפּעס געפילט אַז מיט מיט אַזאַ ענטפער וועט ער אפשר פאַרלירן ביי פיערן דעם חשובן אָנזען, וואָס ער האָט זיך ביי אים דערוואָרבן. וואָרעם פונוואַנען זאָל יואל טאַקע געוואוסן וויסן צי ער האָט יאָ ליב צו כאַפּן פיש צי ניט, אַז ניט ער, ניט זיינע חברים און אַוודאי ניט זיין טאַטע ע"ה האָבן ווען עס איז אין זייער לעבן אַזאַ זאַך געטאָן! און כדי זיך אַרויסדרייען פון אַ דירעקטן ענטפער אויף ניין, האָט ער אים געענטפערט:

— שוין לאַנג, זייער לאַנג, אַז כ'האָב נישט געהאַלטן אפילו קיין ווענטקע אין האַנט און כ'האָב באַלד פאַרגעסן אפילו די גרויסע הנאה וואָס אַ געניטער פישער האָט פון דעם ספּאָרט. אַגב, האָט ער צוגעגעבן מעשה ידען, אַז פאַר אַ הצלחהדיקן פיש־פאַנג הענגט עס אויך אַ סך אָפּ אין אַביסל מזל. און מיט אַביסל מזל וואָלט זיך אפילו ביי אַזאַ ניט־געניטן ווי איך בין אויך געכאַפּט פיש...

— יאָ, זשועל, דאָס איז אפשר אמת, דאָך מוז מען אָפטער פּראַקטי־צירן, ווי אין יעדער זאַך, כדי צו זיין געשיקט און דערפאָלגרייך.

— ווייסט אַנטקעגן וואָס איך פרעג דיר דאָס, זשועל?

— ניין — האָט אים יואל געענטפערט אַביסל פאַרוואונדערט.

— כ'האָב געטראַכט: אַזוי ווי מאָרגן איז אַ יום־טוב און אונדזער אַרבעט האָבן מיר שוין אויך אָפּגעטאָן, וועלן מיר זיך לאָזן מאָרגן אַביסל וואַוווילגיין. מיר וועלן איינשפּאַנען פערד און וואָגן און גאָר אַרויספאָרן צום טייך ביי דעם „סעין", פּרואוון, ווי דו זאָגסט, אונדזער מזל! אפשר וועלן מיר טאַקע האָבן אַ מזלדיקן טאָג און כאַפּן אַ מענגע מיט פיש?! ביי דעם בויג פון דעם „סעין", וואו מיר פאָרן, זיינען די קאַרפּן גרעסער ווי אַנדערשוואו, און זיס ווי האָניק!...

— גאָרנישט קיין שלעכטער געדאַנק, מוסיע פיער — האָט יואל אים צוגעגעבן מיט אַביסל אופגערוימקייט, זעענדיק ווי זיין באַלעבאָס איז אַזוי פאַרכאַפּט מיט דעם ענטוזיאַזם פון דעם פּלאַן אַרויסצופאָרן כאַפּן פיש.

— ווייסט נאָך וואָס כ'וועל דיר זאָגן, זשועל, אַז ראַזאַליע וועט זיך גאָר פרייען מיט דעם פאָרשלאָג אונדזערן. מיר זיינען זייער לאַנג נישט געווען ביי דעם טייך „סעין" און דאָרטן איז גאָר אַן אויסנאַם זיך צו באָדן

אויך! און רא̇זאַליע הא̇ט דא̇ך אַזוי ליב זיך צו בא̇דן! און וויסן זאָלסטו, אַז זי איז אַן אויסערגעוויינלעך גוטע שווימערין... און דו זשועל, קא̇סט עפּעס גוט שווימען?

— אַ יאָ, כ׳בין זייער אַ גוטער שווימער — הא̇ט יואל כמעט ווי מיט שטאָלץ אים געענטפערט. מיט דעם, הא̇ט ער געטראַכט, וועט ער אפשר פאַרגיטיקן זיין ניט בקיאות אין דעם ענין פון פיש כאַפּן...

פּיער הא̇ט אַ לייכטן שמייכל געטאָן, און דערנאָך באַרימעריש אַ זאָג געטאָן צו יואלן: — הם, ס׳קאָן אפשר זיין אַז דו ביסט אַ גוטער שווי־מער, זשועל, אָבער קיינמאָל נישט אַזוי בראַוועריש ווי מיין רא̇זאַליע! הא̇סט געדאַרפט זען ווי רא̇זאַליע טוט זיך אַ וואָרף אַראָפּ פון אַ גאָר הויכן שפּריג־ברעט, אין טיפן וואַסער אַריין; פאַרשווינדט אונטערן וואַסער און באַווייזט זיך ערשט נאָכדעם אין אַ וויטן שטח. אַלע וואָס זעען עס צו, באַוואונדערן איר געוואַגטקייט אוימגעהויער שטאַרק...

— הם, אינטערעסאַנט, טאַקע אינטערעסאַנט צו זען — הא̇ט יואל מיט ניט ווייניק בייגער צוגעגעבן.

ביים אוונט־ברויט איז פּיער נאָך אַלץ געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. רא̇זאַליע הא̇ט עס ניט באַר אינטואיטיוו דערפילט, נייערט זי הא̇ט עס ממש אַראָפּגעלייענט פון זיין געזיכט, אַז ער קלייבט זיך באַלד מיט עפּעס זי צו איבעררא̇שן. זי הא̇ט נישט געוואָלט אים פרעגן ביים מאַלצייט, הא̇ט זי געדולדיק געוואַרט ביז ער וועט אַליין מיט דעם אַרויסקומען...

— ווייסט, רא̇זאַליטשקע, אַז מאָרגן איז אַ יום־טוב?

— כ׳ווייס, כ׳ווייס — הא̇ט רא̇זאַליע געמאַכט זיך גלייכגילטיק צום ענין.

— אָבער דו ווייסט נישט וואָס מ י ר האָבן פאַרטראַכט צו טאָן מאָרגן? — הא̇ט ער שוין אויך יואלן אַריינגענומען אין דער „פאַרשווערונג.“

ווען רא̇זאַליע הא̇ט דערהערט דאָס וואָרט „מ י ר“ איז זי שוין טאַקע אויף אַן אמת בייגעריק געוואָרן צו וויסן: וואָס אַזוינס האָבן זיי פאַרטראַכט צוזאַמען? זי איז געבליבן שטיין מיט אַ טעלער און האַנטוך אין האַנט, ווישנדיק דאָס געשיר, און הא̇ט ברייט געעפנט מיט פאַר־וואונדערונג אירע טיפע אויגן, אָט צו פּיערן און אָט צו יואלן, טראַכטנדיק אין דעם מאָמענט: וואָס אַ שטייגער האָבן זיי ביידע פאַרטראַכט מיט וואָס זיי ווילן זי איבעררא̇שן?...

— ראַזאַליע! מיר וועלן מאָרגן, זשועל, דו און איך, אויפשטיין גאַנץ פרי, מיטן שפּראַץ אויפן טאָג, און אַרויספאָרן צום „סעין" ביים בויג נעבן „קלאַרעט"; מיר זיינען שוין לאַנג דאָרטן נישט געווען. דאָרטן איז זייער גוט צו פישן. דו ווייסט אַז איך האָב ליב צו פישן! און איר, דו און זשועל, וועלן זיך דאָרטן אויך קאָנען באָדן!... וואָס דענקסטו וועגן דעם, איז עס ניט אַ גוטער איינפאַל?...

— וואָס איך דענק? אָ לאַ־לאַ! — האָט ראַזאַליע אויסגערופן מיט גרויס באַגייסטערונג — ס'איז „מאַגניפיק"! ס'איז וואונדערלעך, פּיער!... זי האָט אַזש אַ שפּרונג געטאָן פאַר פרייד, ווי אַ יונגלינג וועמען מ'זאָגט אָן די גוטע בשורה, אַז מ'עט מיטנעמען אין שטאָט אַריין זען עפּעס נייע זאַכן, חידושים . . .

— ווייסט וואָס נאָך, ראַזאַליע? זשועל זאָגט מיר אַז ער איז אויך אַ גוטער שווימער! אָבער איך גלויב קוים אויב ער קאָן זיך פאַרגלייכן צו דיר. קענסט מיט אים מאַכן אַ פאַרמעסט פונדעסטוועגן...

— אפשר — האָט ראַזאַליע, ניט דרייסט, ווי פאַרטראַכט, אים געענטפערט . . .

די שטימונג דעם גאַנצן אָוונט איז געווען אַ גאַר געהויבענע. זיי האָבן אַלע דריי אָנגעהויבן זיך גרייטן צו דער מאָרגנדיקער געפּלאַנטער נסיעה. זיי האָבן שוין טאַקע שטאַרק געפילט אַ באַדערפעניש פאַר אַן איבערברוך פון דער טאָג־טעגלעכער רוטין און איינטאָניקייט. אפילו איין טאָג אַן איבערבייט, האָבן זיי געפילט, וואָלט זיי אָפּגעפרישט אַביסל און גוט געטאָן. פּיער האָט זיך באַשעפטיקט דעם גאַנצן אָוונט צוצוגרייטן זיינע פיש־פאַנג מכשירים; געפּוצט די ווענטקע, פאַרגרייט ווערים־שפּייז צו פאַרנאַרן די פיש אויף דער ווענטקע. יואל האָט אים צוגעהאָלפן אַרום די אַלע זאַכן. זיי האָבן באַטראַכט יעדע קלייניקייט, צי אַלץ איז אין אָרדענונג, אַז קיין זאַך זאָל ניט פעלן.

ראַזאַליע, באַוועלטיקט מיט דער גוטער שטימונג פאַר דעם פאַר־שטייענדיקן און דערוואַרטעטן פריידיקן מאָרגן, איז איצט געשטאַנען ביי אַ קופערט מיט זאַכן, אָפּקלייבנדיק אַלץ וואָס נויטיק אויף מיטצונעמען, און האָט אונטערגעברומט אַ לידל. זי האָט אָפּגעלייגט וועש, האַנטוכער און אויך אַ באָד־קאָסטיום, האַלטנדיק אין האַנט. אין דעם מאָמענט איז איר אויפגעקומען אַ מחשבה: און וואָס איז מיט זשועלן? ער האָט דאָך אָוודאי נישט קיין באָד־אנצוג, און ער איז דאָך אַ גוטער שווימער, האָט ער דערציילט פּיערן. און געוואָלט האָט זי אים זען אין אַ באָד־אנצוג —

זען אים אין זיין גאַנצער שלאַנקער מענלעכקייט. אויך האָט זי אַליין געוואָלט זיך ווייזן פאַר אים אין אַזאַ פּאָזע, אַ שווימענדיקע; איר שלאַנקע געשטאַלט וועט זיכער בלייבן איינגעקריצט אין זיין זכרון; זאָל ער זיך קענען דערמאָנען און טראַכטן פון איר... יאָ, זי וואָלט שטאַרק וועלן, זיי זאָלן זיך ביידע זען באָדנדיקע און זיין נאָענט איינע נעבן די אַנדערע. ראָזאַליע האָט געוואוסט פון דער צוויזייטיקער מאָראַל איך אונדזער געזעלשאַפט: אַ פרוי וועט זיך אפשר נישט ווייזן פאַר אַ פרעמדן מאַנצ־ביל ביי זיך אין הויז אין אַ באָד־אַנצוג; זי וואָלט עס באַטראַכט פאַר ניט שיין, אפשר גאָר פאַר ניט מאָראַליש; עס ווערט אָבער מאָראַליש און אפילו נאַטירלעך פאַר דער זעלביקער פרוי זיך ווייזן מיט אַ באָד־אַנצוג ביים וואַסער־ברעג און באָדן זיך צוזאַמען מיטן מאַנצביל...

— יאָ, דאָרטן וועל איך זיך באָדן מיט אים צוזאַמען; מיר וועלן אַ שווים טאָן אין די ווייטע וואַסערן און כ׳וועל זיין פריי צו קענען זיין נאָענט נעבן אים. פיער באָדט זיך דאָך קיינמאָל נישט אין ים אָדער טייך, וועט ער, ווי כסדר, זיין פאַרטיפט מיט זיין פיש־פאַנג... מיט אָט־די מחשבות איז איר מוח אין דעם מאָמענט געווען באַשעפטיקט...

ווען ראָזאַליע האָט אָפּגעלייגט די אַלע נויטיקע זאַכן פאַר דער מאָרגנדיקער נסיעה, האָט זי גענומען אַ פאָר האַנטוכער, אַ ליילעך, און צווישן די זאַכן אויך אַריינגעלייגט אַ באָד־אַנצוג פאַר יואלן; אפשר האָט ער ניט אַזעלכן? און איז אומבאַמערקט פון פיערן און יואלן אַרויס פון הויז און אַריינגעברענגט די זאַכן צו יואלן אין צימערל...

ווען יואל איז שפּעטער אַריינגעקומען צו זיך אין צימערל און האָט צווישן די האַנטוכער און וועש־זאַכן אויך דערזען דעם באָד־קאָסטיום, איז ער שטיין געבליבן כמעט ווי אַ געפּלעפטער. ער האָט אויף דעם מאָמענט ניט געקענט עס פאַרשטיין און מיט וואָס דאָס צו דערקלערן...

— וואָס איז עס? איז עס די מאַמעשע גוטסקייט אירע, וואָס זי וויל מיר רק אַרויסווייזן?! האָט מיך מיט אַלץ אין זינען ס׳זאָל מיר קיין זאַך ניט פעלן דאָ. צי איז עס אפשר גאָר אירער אַן אייגנליבע־געפיל, וואָס גרענעצט זיך מיט פרויאישע ניט גלייכגלטיקייט צום פרעמד־מאַנצביל?.. און וואָס איז עס מיט דעם עפּיזאָד און שפּיל, וואָס זי איז דווקא נאָר באַשטאַנען מיך אוסצולערנען מעלקן די קו? — איז פאַר אים מיטאַמאָל אַרויפגעשוואומען אויך יענע פּאַסירונג... — זיכער איז עס נישט קיין צופאַל און אויך נישט איינגאַנצן צוליב מיין טובה וועגן!... גיכער איז עס אירער אַ קאַפּריז אַזאַ, אָדער גאָר אַ געוויסע באַפרידיקונג פון אַן אונטער־

דריקטן געפיל אירן צו דעם יונג, זשועל, וועלכער רופט אפשר אַרויס ביי איר אַ באַשטימטן ניט דערפילטן ערטיש באַגער?...

ער איז פאַר אַ לענגערער צייט געלעגן אויף זיין בעטל און די טראַכ־טענישן און מעדיטאַציעס האָבן אים ווידער פאַרפירט צו כלערליי משונה־דיקע פאַנטאַזיעס, אילוזיעס און רעמיניסענצן, ביז ער איז ענדלעך אַ מיד־אויסגעשעפּטער אַנטשלאָפן געוואָרן...

## קאַפּיטל אַכצן

אויף מאָרגן, מיטן שפּראָץ אויף טאָג, זיינען זיי אויפגעשטאַנען, נאָך איידער די זון האָט זיך באַוויזן איבער די מזרח־בערג. זיי האָבן זיך תיכף אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער גויטיקער אַרבעט אַרום די בעלי־חיים. ראַזאַליע האָט אַלץ פאַרגרייט אין הויז פאַר צדה־לדרך, און ווען זיי האָבן אָפּגעפּרישטיקט איז יואל און פּיער אַרויס איינשפּאַנען די סוסים צום קלענערן וואָגן אויף דעם אַרויסצופאָרן; ראַזאַליע האָט דערנאָך אַרויס־געבראַכט אַ שטרוי־קוישל, אַ פול־געפּאַקטן, מיט דעם מאָלצייט פאַר דעם טאָג, און די מאַנצבילן האָבן אַלץ וואָס מ'האָט פאַרגרייט איינגעשטעלט אין וואָגן און נאָכדעם האָבן אַלע דריי איינגעמאָסטעט זיך אויף דער קעלניע און זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער נסיעה צו געוואונטשטן פּלאַץ.

„נעגרין", דעם געטרייען הונט זייערן, האָט מען געלאָזן אויפן פאַרם היטן די ווירטשאַפט. ער איז מיט גרויס בילעריי און געוואוי נאָכגעלאָפן דעם וואָגן, ניט געוואָלט בלייבן אַליין, אָבער אויף דעם אָנגעשריי פון פּיערן האָט ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שטילן גראַמבל זיך אומ־געקערט צוריק צו זיין הינטישן חוב אַלס שומר...

ווען זיי זיינען אַרויס אויפן ברייטן וועג, איז די זון שוין געהאנגען איבער די בערג אַ העלע, אַ לויטערע אין איר פולן גלאַנץ און פּראַכט און באַשטראַלט דעם וועג, די לאַנדשאַפט אַרום, מיט אַ בלענדנדיקן ליכט און שאָטן. דער וועג האָט זיך געצויגן פּאַזע פלאַכע פעלדער מיט אָפּ־געשניטענעם ווייץ און האָבער־זאַנגען. די געלע, קורץ־אָפּגעשניטענע שטאָמען פון די זאַנגען, האָבן אַרויסגעשטאַרטשט פון דער ערד, ווי האָר־וואָרצלען פון אַ קורץ־געשוירענער באָרד. אויך די באַשניטענע וויינטרויבן־קוסטעס, וואָס זיינען אין זייער בלי־צייט געדיכט באַבלע־

טערט און באַלאָדן מיט טרויבן, זיינען איצט ס׳רוב שוין געווען הוילע, אָן בלעטער; בלויז זייערע פאַרדרייט־צעקנאָדערטע שטאַמען מיט די דינע צווייגן־ריטלעך, ווי פון אַ בעזים, זיינען געשטאַנען אין זייערע לאַנגע, גלייכע רייען, טרוקענע, אָפּגעבליטע און אָפּגעלעבט זייער צייט פון זמן...

די פיבערדיקע אַרבעט אויף די פעלדער איז שוין אומעטום געווען כמעט ווי אָפּגעטאָן, ווי כסדר פאַרן הארבסט; דאָ און דאָרטן האָט זיך באַוויזן אַ פויער אַרום זיין ווירטשאַפט און באַלעבאַטישקייט. אויף די פעלדער האָט מען קיינעם ניט געזען — ס׳האָט זיך געפילט דער יום־טוב...

פיער איז פאַרנומען געווען מיטן אַנטרייבן פערד און וואָגן. ראָזאַליע און יואל האָבן שטיל באַוואונדערט די לאַנדשאַפט אַרום. ראָזאַליע איז געזעסן צווישן פיערן און יואלן. אַזוי ווי צו גראַם אויף דער קעלביע איז עס ניט געווען, האָט זי זיך ביי יעדן וואַקל פון וואָגן מער אַ בויג געטאָן צו יואלס זייט; אירע קני האָבן האַרט באַרירט זיינע און איר קערפּער האָט זיך פון מאָל צו מאָל צוגעפּרעסט צו זיינעם. פון איר אָטעם האָט זיך געפילט אַן אנגענעמע פרויאישע פרישקייט; פון אירע האָר האָט זיך געטראָגן דער אַראָמאַט פון פריש־אָפּגעשניטן היי...

יואל האָט געפילט אַ געוואַלדיקע רעגונג אין זיין גאַנצן געבוי, פון דער נאָענטער באַרירונג מיט איר. ער האָט נישט געמאַכט קיין פאַרזוך אָפּצוזויגן זיך אַביסל. אויף דעם אנגענעמען פאַר אים באַריר, האָט ער אָפּגעענטפערט פון מאָל צו מאָל מיט אַ בכיוונדיקן שטאַרקן צודרוק צו איר. ס׳הייסט, אַז זיי האָבן זיך ביידע גוט פאַרשטאַנען, אָן ווערטער, אַז די געפילן און באַגערן איינער פאַרן אַנדערן זיינען האַרמאָניש און קעגנזייטיק . . .

יואל האָט פון מאָל צו מאָל צוגעוואָרפן אַ זייטיק באַהאַלטענעם בליק צו פיערן, בעת יענער איז אינגאַנצן פאַרנומען געווען מיט דעם אַנטרייבן דעם געשפּאַן: דעם בולאַנעם און רובין. זייענדיק גוט אויסגערוט פון נעכטיקן קורצן אַרבעטס־טאָג, האָבן זיי איצט אויפן גלייכן שליאַך גאַלאָפּירט פריי אָן איבעריקער אָנשטרענגונג.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צום באַשטימטן פּלאַץ, ביי דעם בויג־אויסגוס פון דעם „סעין״, האָבן זיי תיכף אויסגעשפּאַנט די פערד פון וואָגן, אַראָפּגענומען פון זיי די כאָמעטן און צוימלעך, צוגעבונדן די פערד צום וואָגן, איבערגעלאָזט גענוג היי און האָבער פאַר זיי צו כראָמטשען און אַליין האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט זיך צום טייך צו. פיער מיט זיין ווענטקע און אַנדערע הצטרכותן פאַרן פיש־פאַנג, האָט זיך פאַרנומען צום בריקל

איבערן טייך, וואו אַנדערע ווי ער, פישער־ליבהאָבער, זיינען שוין גע־שטאַנען מיט זייערע ווענטקעס פאַרוואָרפן אין וואַסער; און אַנדערע זיינען געזעסן אויפן דיל פון בריקל, די פיס אַרונטערגעלאָזן צום וואַסער, מיט די ווענטקעס אין די הענט און געדולדיק רואיק געוואַרט אויף דעם געוואונטשטן פיש־פאַנג . . .

ראָזאַליע און יואל האָבן זיך פאַרנומען צום באָד־פּלאַץ מיט זייערע זאַכן. זיי זיינען אַריין אין זייערע באַשטימטע אָפּטיילונגען איבערצוטאָן זיך. ווען יואל איז אַרויסגעקומען צום וואַסער און אַרומגעקוקט זיך, האָט ער צווישן די באָדנדיקע, ראָזאַליען שוין געטראָפן אין וואַסער און זי האָט אים מיט איר האַנט גערופן צו זיך. ער איז ראַפּטאָם צוגעשוואו־מען צו איר, וועלכע איז איצט געשטאַנען פאַר אים אַזאַ לויכטנדיקע, אַ שטראַלנדיקע פאַר פרייד...

— לאָמיר אַרויסשווימען אַביסל ווייטער, זשועל, האָט זי כמעט ווי באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן. זיי האָבן ביידע ריטמיש און גראַציעז זיך אַ לאָז געטאָן אין די טיפע וואַסערן פון דעם טייך, און דערנאָך צוגע־שוואומען צו אַן אָפּרו־פּלעצל, אַ מין קליין אינדזעלע פון אַנגעוואָרפענע אָדער פון נאַטור אַרויסגעוואַקסענע שטיינער. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גרויסן האַלב־פלאַכן שטיין. פאַר עטלעכע מינוטן זיינען זיי ביידע שטיל געזעסן, באַטראַכט דעם קלאָר־בלויען הימל און די שטילע גרוי־גרינע וואַסער כוואַליעס, וואָס האָבן פון מאָל צו מאָל זיך אָפּגעשלאָגן אָן די מאַסיווע שטיינער פון אינדזעלע. ביידע האָבן אַפּנים געוואַרט ווער דער ערשטער וועט אָנהייבן עפּס צו ריידן. אָנגעהויבן האָט ראָזאַליע:

— ענדלעך זיינען מיר אַליין, זשועל! — האָט ראָזאַליע אַ זאָג געטאָן באַרירנדיק זיין האַנט. כ׳האָב געדולדיק געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט און געקומען איז עס אַזוי אומדערוואַרטעט! אַזוי אומדערוואַרטעט!

יואל, אַביסל פאַרשעמט אָבער מיט געוואַגטקייט, האָט אָן אַ וואָרט צו זאָגן, אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט און זי צוגעטראָגן צו זיינע פיבערדיקע ליפּן. זי האָט זיך געגעבן צו אים. ער האָט פיבערדיק געקושט אירע נאַקעטע רונדע אָרעמס, די שפּיץ פינגער פון אירע הענט און ווען זייערע קערפּערס האָבן האַרט־נאָענט באַרירט איינע די אַנדערע, האָט אַ פלאַ־מיקע תאווה אין זיי ווי אַ פייער זיך צעצונדן...

זיי זיינען געזעסן אין נאָענטער באַרירונג און געשוויגן, ווי ניט וועלנדיק פאַרשווערכן זייער מאָמענטאַנע גליקלעכע פרייד מיט איבריקע רייד. . .

פלוצלינג, ווי פארכאפט פון א בליציקן געדאנק, האט ראזאליע זיך אווארף געטאן אין וואסער, איבערלאזנדיק אים זיצן אויפן שטיין. פון דעם שפרונג און פליוסק פון וואסער האט זי אים ווי בכוונה שטיפעריש אפגעשפריצט, דערוואַרטנדיק אַז ער וועט זיך נאך איר א יאג טאן אין וואסער. ער איז אבער געבליבן האלב שמייכלענדיק זיצן אויפן שטיין, באוואונדערנדיק איר גראציעז שלאנקן געשטאלט. זי איז ארומגעשוואומען ארום אינדזעלע, באווייזנדיק זיך פאר אים מיט פארשיידענע בריהשקייטן אין וואסער. אט איז זי ארונטער אונטערן וואסער און אט איז זי ארויס, איבערגעדרייט זיך, פלאך אויסגעצויגן אין איר גאנצער לענג מיטן פנים ארויף, שטיל, כמעט אומבאוועגלעך געלעגן אויף דעם פלאך פון וואסער.

יואל האט מיט באוואונדערונג נאכגעפאלגט איר יעדן ריר. די שיינע ליניען און קאנטורן פון איר, אויפן וואסער אויסגעצויגענעם קערפער, האט פארכאפט זיין אויג. דורך דעם דינעם דורכגענעצטן שטאף פון איר באד־אנצוג האט ער בולט געזען אירע ווי פון אלבאסטער אויסגעטאקטע אברים; אירע אויסגעפילטע יונג־פרויאישע בריסט, אירע רונדע אקסלען, היפטן און בויך; אירע שיין־געטאקטע שלאנקע פיס — אלץ פון איר האט ארויסגעזונגען א ריטמיש געזאנג פון תאווה און לוסט און א פלאמיקער באגער האט אים ארומגענומען צו זיין מיט איר...

זיי זיינען דערנאך געזעסן אויף דעם פלאכן שטיין אין באענטער בארירונג, באוועלטיקט מיט זעלישן און פיזישן באגער איינער פארן אנדערן... זיי זיינען אבער תיכף צו זיך געקומען: די פראקטישקייט פון דער פרוי האט אונטערגעזאגט ראזאליען, ניט איבערצוכאפן די מאס...

— קום, זשועל, האט זי מיט אמאל א זאג געטאן — לאמיר שווימען צוריק און באגעגענען פיערן. מען דארף אים נישט געבן קיין געלעגנהייט צו האבן וועלכע עס איז ספקות אדער שלכטע מחשבות וועגן אונדז...

— ביסט גערעכט, ראזאליע — האט יואל זיך א כאפ געטאן — מ'טאר אים נישט ווי טאן. — א הייסער קוש האט פארזיגלט דעם אנהייב פון זייער אינטימער באענטשאפט... זיי זיינען תיכףביידע צוגעשוואומען צום ברעג. ביידע זיינען אריין איבערטאן זיך. יואל האט זיך ניט געאיילט; ער האט ניט געפילט אין דעם מאמענט צוצוקומען צו פיערן צוזאמען מיט ראזאליען. א שולד־געפיל האט אים פארנומען; אים האט זיך געדוכט, אז ער וועט נישט קאנען קוקן פיערן גלייך אין די אויגן

אַריין. אַליין צו קומען אָן ראַזאַליען, האָט ער געפילט, וועט אים די באַגעגעניש זיין אַ סך גרינגער...

ווען ער איז דערנאָך צוגעקומען צום בריקל וואו פּיער איז געזעסן, פאַרנומען מיט זיין פיש־פאַנג, איז שוין ראַזאַליע געזעסן ביי זיין זייט און אים ליבלעך געצערטלט: — „אויפן גנב ברענט דאָס היטל״ — האָט יואל אַ טראַכט געטאָן זעענדיק דאָס. פילנדיק זיך שולדיק קעגן פּיערן, האָט ראַזאַליע געוואָלט מיט איר גוט זיין צו אים, די עוולה פאַרגיטיקן.

— געהאַט עפּעס אַ גוטן שווים? — האָט פּיער אַ פרעג געטאָן יואלן, גלייך ווי ער איז צוגעקומען.

— יאָ, מוסיע פּיער, אויסערגעוויינלעך גוט! לאָזט מיר אייך איבער־נעמען בעסער און איר גייט אויך כאַפּן אַ שווים.

— ניין, זשועל, ניט איך באָד זיך אין טייך און ניט איך שווים.

— און איר, מוסיע פּיער, האָט געהאַט עפּעס אַ גוט מזל היינט מיט אייער פיש־פאַנג?

— ניט שלעכט, זשועל, גאַרניט שלעכט! טו אַ קוק אין זעקל, וועסטו זען וואָס פאַר אַ פיינע העכטלעך איך האָב דאָ געכאַפּט!

— איצט, ראַזאַליע טייערע, וועלן מיר זיך פאַרנעמען און גיין עפּעס עסן. דו און זשועל, נאָכן באָדן, מוזן שוין אוודאי זיין גוט אויסגעהונגערט — האָט פּיער גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן.

זשועל האָט גענומען דאָס זעקל מיט די פיש, פּיער האָט פאַרוויקלט זיין ווענטקע און זאַלבעדריט זיינען זיי צוגעקומען צום וואָגן, וואו די פערד זייערע זיינען שוין געווען אַביסל אומרואיק און געטראַמפּלט מיט די קאָפּיטעס אויף דער זאַמדיקער ערד, געהירזשעט אויס דורשט נאָך וואַסער. זשועל האָט גענומען דעם בולאַנעם און רוביץ, צוגעפירט זיי צו אַ זייטיק לויפנדיק וואַסער פון טייך און זיי אָנגעטרונקען. ווען ער האָט צוריקגעבראַכט די פערד צום וואָגן, אונטערגעלייגט נאָך אַביסל פרישן היי און האָבער, האָבן די באַלעבאַטים אין דער זעלביקער צייט זיך מתעסק געווען מיט צוגרייטן דעם מאָלצייט.

ניט ווייט פון דעם געשפּאַן, אויף אַ גראַזיק אָרט, איז שוין געווען אויסגעשפּרייט אַ ווייס און רויט קעסטלדיק טישטוך, ווי אַ שאַך־ברעט, און אויף דעם דאָס עסן און געטראַנקען, וואָס ראַזאַליע האָט פאַרגרייט. זיי האָבן זיך הרחבהדיק באַזעצט אַרום און מיט גרויס אַפּעטיט צוגעכאַפּט זיך צו דער אכילה און פאַרטרונקען מיט ביר. אונטערן פרייען העל־בלויען

הימל האָבן זיי נאָכן מאָלצייט געמיטלעך אויסגעצויגן זיך אויף דעם גראָזיקן באָדן.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען און פּיער איז גאַנץ געשמאַק איינגעשלאָפן. ניט ראָזאַליע און ניט זשועל האָבן געקענט איינדרימלען. סיי זי און סיי ער זיינען געווען איבערגעוועלטיקט מיט געהויבענע געפילן פון איבער־געלעבטע פריידיקע מאָמענטן. ביידע האָבן איצט געחלומט אויף דער וואָר, באַהויכט מיט די זעלביקע עמאָציעס...

פּיער איז געלעגן אין מיטן, צווישן זיי, ווי אַ מחיצה, אָבער שטאַרק פאַרכאַפּט פון אַ שווערן און שטאַרקן שלאָף. יואל האָט אימפּולסיוו אַריבערגעשטרעקט זיין האַנט און באַרירט מיט זיינע פיבערדיקע פינגער ראָזאַליעס האַנט. די פינגער פון ביידנס הענט האָבן זיך איינגעשלאָסן איינע אין די אַנדערע און ווי אַן עלעקטריזירנדיקער שטראָם פון אַ צאַפּל־דיקער פרייד האָט זיך איבערגעטראָגן פון איינס צום אַנדערן...

ווען פּיער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען נאָענט צום פאַר־נאַכט. אויפזועצנדיק זיך האָט ער אַ זאָג געטאָן צו די וואַכנדיקע, ראָזאַליע און יואל.

— נו, קינדער, אויפגעשטאַנען זאָל ווערן! צייט צו גרייטן זיך אין וועג אַריין. ביז וואַנען מירן קומען אַהיים וועט שוין זיין שטאַרק פינצטער.

יואל האָט ראַפּטאָם זיך אויפגעהויבן, צוגעקומען צו די פערד און זיי איינגעשפּאַנט צום וואָגן. ראָזאַליע און פּיער האָבן צוזאַמענגענומען די אַלע מכשירים און איינגעפּאַקט אין וואָגן און האָבן, ווי פריער, איינ־געשטעלט זיך אין דרייען אויף דער קעלניע און, הײַדאַ אויפן וועג אַהיים־צו.

דער וועג איז איצט געווען אַביסל שווערער ווי אין פרימאָרגן. צוליבן יום־טוב זיינען אויף די וועגן געווען מער פורן און דראָזשקעס ווי אין די וואָכן־טעג. מ'איז געפאָרן פון פאַרשיידענע אָפּרו און פאַר־ווײַלונגס ערטער, איז דער פאָרן דעריבער געווען אַ פיל לאַנגזאַמערער. די זון האָט זיך שוין גענומען זעצן און איז ביים האָריזאָנט פאַרגאַנגען אין אַ בלענדענדיק־רויט, ווי פון גליענדיקע קוילן.

די נאַכט איז מיט אַמאָל צוגעפאַלן. זיי זיינען געזעסן ווי איינגע־פרעסטע אויף דער קעלניע און כמעט ווי געשוויגן. זיי האָבן געקוקט פאָראויס אויף דער וועג וואָס איז געווען ווייניק באַלויכטן, כמעט פינצ־טער. דאָ און דאָרט האָט פון אַ פּויעריש הויז אַ ליכט זיך באַוויזן און באַלד פאַרשוואונדן.

ראָזאַליע און זשועל זיינען אומגעשטערט באַמערקט צו ווערן פון פיערן צוליב דער פינצטערניש, געווען צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן, „געהאַלטן זיך הענט". פון מאָל צו מאָל, ביים שפּרונג פון וואָגן, האָט ראָזאַליע זיך אויך אַ נויג געטאָן נאָענט צו פיערן, כדי אָפּצואווענדן זיין אויפמערק פון איר נאָענטקייט מיט יואלן...

ווען זיי זיינען אַריינגעפאָרן אין הויף פון פאַרם איז שוין געווען היפּש שפּעטלעך אין אָוונט. „בעגרי" איז אַ פריידיק אויפגעהייטערטער אַרומגעשפּרונגען פון איינעם צום אַנדערן: אַט אויף יואלן און אַט אויף ראָזאַליען און פיערן. זיי האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד, אַריינגעפירט זיי אין שטאַל, אַלץ געבראַכט אין אַ סדר. ווען זיי זיינען אַריין אין הויז, האָט ראָזאַליע שוין געהאַט גרייט דעם טיש. זיי האָבן מיט אַ צופרידענעם געמיט געגעסן זייער אָוונט־ברויט, געשמועסט אַביסל, און זייענדיק אַביסל מיד און דערשעפּט פון דעם טאָג פאַרווײלן, האָבן זיי „געמאַכט נאַכט" פריער ווי געוויינלעך.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט אַן אומפאַרגעסלעכער טאָג פון עקזאַל־טירנדקיע פרייד און אַן אָנהייב פון אינטימע איבערלעבונגען צווישן די צוויי באַגערנדיקע, איינע פאַר די אַנדערע — ראָזאַליע און זשועל...

## קאַפּיטל ניינצן

„טרייבסט אַרויס די ליבע דורך דער טיר, קומט זי צוריק דורכן פענצטער"; וואו דו זאָלסט ניט זיין, איינמאָל ביסטו פאַרכאַפּט פון איר, וועט זי דיך נאָכיאָגן, דיך נישט אָפּלאָזן; אומעטום איז זי מיט דיר, אויף דער וואָר און אין חלום... הגם ראָזאַליע און יואל האָבן זיך געזען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, האָבן זיי אָבער געטראָגן אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט איינע פאַר די אַנדערע. אַוודאי האָבן זיי נישט געקענט פריי און אָפן זיך אָפּגעבן איינס מיט דעם צווייטן, אויסדריקן זייערע עמאָציעס און בענקשאַפטן; דאָך האָבן זיי געפילט, אַז איצט, ווען פאַר זיי פערזענלעך איז שוין מער קיין סוד נישט זייערע געפילן און באַגערן, איז אפילו ווען זיי זיינען אַליין, אָפּגעזונדערט, זיינען זיי אויך מער נישט אַליין! מחמתביידע טראַכטן און חלומען איינע פון די אַנדערע. און, ווען זייערע בליקן באַגעגענען זיך, איז גענוג אַז אַ פריידיקער שמייכל פון

גליקזעליקייט זאָל זיך באַווייזן אויף זייערע געזיכטער. יואל פילט דאַן ווי זיין האַרץ זינגט אין אים, ווי ער וואָלט פליגל באַקומען און אַ גליק־לעכע פרייד שטראָמט פון אים אַרויס...

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז ראָזאַליע און יואל זאָלן האָבן געזוכט איינע די אַנדערע, און מיט גרויס פאַרזיכט אָנגעהויבן באַגעגענען זיך ביי כלערליי געלעגנהייטן, כדי צו זיין נאָענט און אינטימער...

כל זמן דער גוטער צו זיי ווי אַ פאָטער, פיער, האָט זיי אין קיין זאַך ניט חושד געווען, האָבן זיי זיך געטראָפן צוזאַמען, ביי זיכערסטע געלעגנ־הייטן. באַזונדערס ביי זיין אָפּוועזנקייט פון דער פאַרם: אַמאָל אין שפייכלער ביי דעם סטויג היי, אָדער גאָר ביי יואלן אין קליין צימערל...

אין אַזעלכע מאָמענטן האָבן ביידע זיך געפילט איבערגליקלעך. יעדן מאָל ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען האָט דער שטורעם פון ליידנ־שאַפט אויפגעכאַפּט זיי אויף זיינע ווילדע ווינטן און אַוועקגעטראָגן זיי וויט פון דער טרוקענער ערדישערווירקלעכקייט, אין אַ ספערע פון אַבסאָלוטער פרייד און טאָטאַלער פאַרגעסנקייט...

יואל האָט אָט־די אומבאַגרעניצטע פרייד אין זיך שטיל געטראָגן, און אַלץ אין אים און אַרום אים איז געווען איבערפילט מיט ליריש געזאַנג: ערד און גראָז, בוים און בלום, פויגל און שמעטערלינג — אויף אַלץ האָט גאָטס ברכה גערוט, און צוזאַמען מיט דעם אַלץ פריידיקן אַרום האָט זיין האַרץ נאָך פריידיקער געזונגען און זיין ליבע צו ראָזאַליען איז נאָך טיפער און באַגערנדיקער געוואָקסן...

הגם יואלן איז ניט פרעמד געווען די פריידיקע איבערלעבונג און דערפאַרונג צו זיין אינטים נאָענט מיט אַ פרוי, האָט ער אָבער זיין איצטיקע איבערלעבונג מיט ראָזאַליען באַטראַכט ווי אַ גליקלעכע שיקונג פון גאָט. ער האָט ביז איצט ניט געקענט זיך אויף אַזוי פיל משער זיין, אַז אַ פרוי זאָל אין זיך באַזיצן אַזאַ ים מיט צערטלעכקייטן, און אין זעלביקן מאָמענט אויך אַזוי פלאַמיק־טעמפּעראַמענטפול ליב האָבן...

דאָס זיינען געווען ביי אים די פריידיקסטע טעג פון זיין לעבן. מיט הייסער דאַנקבאַרקייט און מיט אַ ברכה אין זיין האַרץ פלעגט ער מיט אַ לויב־ליב פאַר איר אויף זיינע ליפּן טראָגן...

נאָך זייענדיק אין פּאַריז האָט ער זיך ניט ווייניק אָנגעהערט דער־ציילן וועגן דעם קאָמפּלעקס פון דער פראַנצויזישער פרוי בכלל. די ווערזיע איז געווען, הייסט עס, אַז די פראַנצויזישע פרויען זיינען ס׳רוב פריוואָלע, עראָטיש פרייער, ווי די פרויען פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן;

מחמת דעם האָט זי פאַר דעם דורכשניטלעכן מאַנצביל אַ גאַר באַזונדערן רייץ און באַגער. הגם ראָזאַליע, איר גאַנץ וועזן־געשטאַלט, האָט שטאַרק גערייצט זיין פאַנטאַזיע, האָט ער אָבער איר באַנעמונג און באַציאונג צום מין באַנצביל גאַר אַנדערש אויפגעפאַסט: ניט אין דעם געוויינלעכן וואולגאַרן באַטראַכט און באַצי צו דער פאַריזער פרוי, פון דעם דורכשניט מענטשן פון גאַס. ראָזאַליע איז געווען אַ קינד פון דער נאַטור, מיט אומבאַגרעניצטער ליבע פאַר אַלץ וואָס וואָלט איר געגעבן גליק און פרייד צו איר נאַטירלעכן באַגער פון איר געפילפול בענקענדיק האַרץ... זי האָט די ליבע געליבט ווי אַ שיכור זיין געטראַנק. אין מאָמענטן ווען זי איז באַהערשט געווען פון אַ ליבע־דראַנג, האָט אַ בענקשאַפט זי באַנומען: זי איז געוואָרן אַנרעגנדיק סענטימענטאַל און דערהייבן צו אַן עקסטאַז פון פאַרלאָרנקייט... זי איז באַשאַפן געוואָרן צו ליבן און זיין געליבט...

דער אמת איז — האָט יואל מיט זיך געחקירהט — איז ליבע ניט עפּעס סתם אַ וועזן, נייערט אַ קינד פון דעם בשר ודם... דאָס איז דער פשוטער אמת און אַלע אַקטואַלן בשייכות מיט דעם, באַשטעטיקן עס — נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס געליבטע און פאַרליבטע ווילן אָט־דעם פשוטן אמת ניט אַנערקענען... אין יואלן האָט איר שיך לויכטנדיק געשטאַלט ווי אַ פייער־פלאַם געצונדן. עפּעס ווי זי האָט מיט איר באַריר אַן אים אויפגעעפנט אַלע קוואַלן פון גבורה, תאווה און הסתפקות...

די ליבע צו איר אייגענעם געזעצלעכן מאַן, פּיער, הגם זי האָט געהאַט פאַר אים אַ סך רעספּעקט און לויב פאַר זיין גוט מענטשלעך האַרץ און פריינדלעכע נאַטור, האָט זי מיט שכל און טאָלעראַנץ געדולדיק פאַר־טראָגן, ווי ס'איז דער פאַל מיט ניט גלייכע פיזיש צוגעפּאַסטע פּאָרן. אָט ווי מען פאַרטראָגט אָפט מאָל אַ נישט פּערפעקטע, ניט צו־באַטעמטע שפּייז, מחמת מען מוז דאָך עסן! און אויך, ניט תמיד קען מען דאָך צוריקקווייזן דעם אייגענעם מאַנס פאַרלאַנג! מוז מען נאָכגעבן אין אַ סך זאַכן צוליב שלום־בית וועגן און אַנדערע באַדינגונגען...

גאַנץ אַנדערש איז ראָזאַליע געווען צו דעם, צו וועלכן זי האָט אַן אמתן ליבע־באַגער אַרויסגעוויזן. אַזעלכע מאָמענטן זיינען אויך ביי איר געווען די שענסטע און הייליקסטע אין לעבן. אַ פייערלעך שטראַלנ־דיקער גלי האָט אַרויסגעלויכטן פון אירע טונקל־ברוינע אויגן, און דאָס פּנים אירס האָט דאַן געלויכטן פון גליקזעליקייט און פרייד...

„סוף גנב לתליה" — זייער ביידנס גליק וואָלט אפשר ניט איבער־געריסן געוואָרן אַזוי גיך — ווען... ווען איינמאָל גאַר אַזוי פּלוצלינג,

אומדערוואַרטעט, אומבאַמערקט פוןביידן, איז פּיער געווען אַרום דער שטאַל, און ראַזאַליע האָט דורך אַן אומפאַרזיכטיק, אינטים־ליבלעך וואָרט צו יואלן, זיך אַליין פּראָוואָצירט און דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט געפירט צום סוף פון זייער ליבע אַוואַנטור. פון אָט־דער אומדערוואַרטעטע איבערגעהערטע אינטימע באַמערקונג, פון ראַזאַליע צו יואלן, איז פאַר פּיערן קלאָר געוואָרן, אַז צווישן ביידן, הינטער זיינע אויגן, גייט באַשטימט עפּעס אָן...

הגם ער האָט נישט געקענט אָדער אפילו נישט געוואָלט זיך משער זיין אַז די באַציאונגען צווישן ביידן האַלט שוין טאָקע גאָר, גאָר אַזוי ווייט, ווי ס'איז באמת געווען אויף דער וואָר, דאָך האָט ער באַשלאָסן עפּעס צו טאָן גלייך, כדי אויסצומיידן אַ דראַסטישע האַנדלונג שפּעטער...

פּיער איז געווען אַ פּשוטער אָבער אַ פּראַקטישער דאָרפס־מענטש, מיט אַ נאַטירלעכער אינטעליגענץ און פאַרשטאַנד. ער האָט דווקא נישט געדאַרפט פונקט זיי כאַפּן ביים האַנט אין זייערע נאָענטע באַציאונגען כדי זיך צו איבערצייגן! פאַר אים איז געווען גענוג זייערע אויגן־באַגעגענישן און דער אינטים־ליבלכער שמייכל פון ראַזאַליען צו יואלן בכלל און גאָר באַזונדער דער איבערגעהערטער ליבע־אויסדרוק אירער צו אים, אַז די ביידע, צוויי יונגע, נאַטירלעך געזונטע, מיט באַגער איבערפילטע אייגער פאַרן צוויטן, זאָל פירן סוף־סוף צו ערנסטע קאָנסעקווענצן . . .

איז צו וואָס וואַרטן?... ער האָט געהאַלטן פון דער באַוואוסטער פאַר־מולע אָדער אַקסיאָמע — „פאַרמיידן איז בעסער ווי היילן"...

„מ'עט צונעמען די פּוטער פון דער קאַץ, וועט זי פאַרשפּאָרן זוכן צו נאַשן". . .

און, ניט קיין סך געטראַכט, און קיין תירוץ אויף אַוועקצושיקן יואלן האָט ער אויך נישט געדאַרפט זוכן, און דווקא נישט פאַר דעם פאַל! דעם זעלבן טאָג נאָך, האָט פּיער שוין געהאַט אַ שמועס מיט יואלן:

— זשועל — האָט פּיער, זייענדיק מיט אים אַליין אין שפּייכלער, אַ רוף געטאָן — שוין פאַר די לעצטע פאַר וואָכן, אַז כ'האָב געוואָלט מיט דיר האָבן אַן ערנסטן שמועס, כאָטש ס'איז מיר ווייט נישט אנגענעם. כ'מיין, מכוח דיין ווייטערן בלייבן מיט אונדז אויף דער פערמע. דעם אמת וויל איך דיר זאָגן, יואל, ביסט געווען אַ וואוילער און געטרייער פאַרם־יונג; דעם בעסטן וואָס מיר האָבן דאָ ווען געהאַט! אָבער... איך גלויב, אַז דו ווייסט און זעסט אַליין, אַז כ'האָב נישט קיין אַנדער אויסוועג.

דער האַרבסט קלאַפּט שוין שטאַרק אין אונדזער טיר; וואָלקנס און רעגנס זיינען ביי אונדז אָפטע געסט און באַלד, באַלד וועט דער ווינטער, מיט די אומפאַרמיידלעכע שנייען און זאַווערוכעס אָנקומען; און, ווי דו זעסט אַליין, איז שוין איצט אפילו נישט פאַראַן צופיל צו טאָן אויף דער פּערמע. בכן, וועלן מיר זיך מוזן שיידן, זשועל...

יואל האָט, פאַרשטייט זיך, עס דערוואַרט אַזוי, אַז קיין צו־גרויסע איבעררעשונג איז פיערס ווערטער פאַר אים נישט געווען.

— יאָ, מוסיע פיער, כ'זע עס אַליין אויך איין. כ'האָב די לעצטע עטלעכע טעג שוין אַליין זיך געקליבן מכוח דעם מיט אייך צו ריידן, אַז כ'בין דאָ איינגנטלעך איצט כמעט ווי אַן איבעריקער, אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. וויל איך טאַקע ביי דער געלעגנהייט אייך האַרציק באַדאַנקען פאַר אייער באמת גוטער פריינטשאַפט, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן. איר זיינט געווען צו מיר ווי אַן אייגענער, ווי אַ טאַטע צו אַ זון, און ניט ווי אַ באַלעבאָס צו זיין פועל. און לאָזט מיר אייך זאָגן, מ'סיע פיער, אַז כ'האָב אַ סך, גאָר אַ סך פון אייך געלערנט, סיי אַלס מענטש און סיי אַלס ווירטשאַפטלער. . . .

דעו זעלביקן אָוונט האָבן אַלע דריי צוזאַמען געהאַט זייער לעצטן מאָלצייט. פיער האָט מיט סטאָאישער איינגעהאַלטנקייט און מענטשלעכע פאַרשטענדעניש, מיט קיין וואָרט אויף אָנצוהערעניש זועגן דעם וואָס ער האָט היינט פרימאָרגן איבערגעהערט אין שטאַל פון ראָזאַליען צו יואלן. ער האָט בכלל ניט געמאַכט זיך ווויסנדיק וועגן דעם. פאַרקערט, ער האָט געזוכט צו זיין פריינדלעכער צו יואלן, מערער ווי כסדר; אַזוי פריינדלעך, ווי מ'איז צו אַ נאָענטן פריינט, וואָס פאַרלאָזט דיך באַלד...

ראָזאַליע האָט אינטואיטיוו דערפילט, אַז פיער שטויסט זיך יאָ עפּעס אָן: ער האָט אַוודאי עפּעס דערשנאָפּט אָדער באַמערקט, אַז די באַציאונגען צווישן איר און יואלן זיינען ניט קיין געוויינלעכע. און ווי דער רוב פרויען מיט אַ שולד־קאָמפּלעקס אין אַזאַ פאַל, האָבן אַ ספּעציעלן חוש צו לייענען דעם מאַנס געדאַנקען און דערפילן אינטואיטיוו, אַז דער מאַן איז זיי אין עפּעס חושד; אַזוי אַז ראָזאַליע האָט תיכף דערפילט פיערס אינערלעכע אומרואיקייט; הגם ער האָט מיט גוטע פריינדלעכע רייד און געהויבענער שטימונג, געזוכט זיין אמתן געפיל און געמיט פאַרבאַהאַלטן, פאַרדעקן...

ראָזאַליע האָט באַשטימט נישט געוואוסט, ווי ווייט פיער ווייסט וועגן איר נאָענטשאַפט מיט יואלן. זיכער איז זי אָבער יאָ געווען, אַז ער

שטויסט זיך אָן עפּעס אָן. און דאָס האָט איר פאַרשאַפט אַביסל פּיין און עגמת־נפש. ס'איז געווען מאָמענטן וואָס זי האָט שוין בעסער געוואָלט ער זאָל אויסשרייען, וואַרפן איר דעם ברוטאַלן נאַקעטן אמת אין פּנים אַריין, וואָס ער דענקט וועגן איר. אָבער סוף־סוף איז זי אים אין האַרצן זייער און זייער דאַנקבאַר געווען פאַר זיין איבערמענטשלעכער גוטסקייט צו איר און צו זשועלן און בעיקר פאַר דעם ערלעכן און טיפן פאַרשטיין זי...

אויף מאָרגן אינדערפרי, תיכף נאָכן אָנבייסן, האָבן זיי זיך זייער פריינדלעך צעזעגנט מיט יואלן. ראָזאַליע האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע נאָענטערע האַלטונג צו יואלן. ניט מערער ווי פריער אין אָנוועזנקייט פון פּיערן. זי איז געווען נאַטירלעך, ווי כסדר, ווען זיי זיינען אַלע דריי געווען צוזאַמען. זי האָט אָנגענומען זיין פאַרלאָזן די פאָרם זייערע, פאַטאַל, נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. ס'האָט אַנדערש נישט געקענט זיין... זיי האָבן ביידע זיך שטיל פאַרשטאַנען, אָן ווערטער... די צאַרטע און שטורמדיקע ליבע־אַפּערע, וואָס זיי ביידע האָבן דורכגעלעבט אין משך פון די עטלעכע וואָכן, איז געווען אַ נאַטירלכער בונד פון צוויי נאָרמאַל־געזונטע מאַן און פרוי, מיט דעם אומפאַרמיידלעכן אור־באַגער פון צוויי סעקסועל צוגעפּאַסטע געשלעכטער...

יואל האָט אויסגעשטרעקט צו ראָזאַליען אַ וואַרעמען האַנד־דרוק פון פריינטשאַפט און דאַנקבאַרקייט, פאַר דער גרויסער עקזאַלטירנדיקער פרייד און גליק וואָס זי האָט אים געשענקט. אַ טרער אין די ווינקלען פון זיינע אויגן האָט זיך אין דעם מאָמענט ביי אים באַוויזן, וואָס נאָר ראָזאַליע האָט עס באַמערקט.

פּיער האָט צוגעפירט יואלן צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע. ער האָט זיך פריינטלעך צעזעגנט מיט פּיערן און ער איז אָפּגעפאָרן צוריק צו דער צויבערלעכער, לעבהאַפּטיקער און פריילעכער פּאַריז, וועלכער ער האָט ערשט מיט אַ זעקס חדשים צוריק, אַ שטאַרק אַנטוישטער, מיט אַ זייער צעבראָכן געמיט — פאַרלאָזן...



# קאַפּיטל צוואַנציק

יואל איז איצט געזעסן אין דער באַן, וואָס האָט אים געפירט צוריק צו דער גרויסער מעטראָפּאָליע — פּאַריז. די עטלעכע שעה אין דער באַן מיט זיך אַליין, האָט ער נאָכגעטראַכט און אָפּגעגעבן זיך אַ שטיקל חשבון־הנפש וועגן זיין איצטיקן מצב און אויך פון זיינע איבערלעבונגען אין די קורצע עטלעכע חדשים אויף דער פערמע ביי די פּיערס. אַן איבער־געלעבטער חלום אויף דער וואָר. אַ דערפאַרונג וואָס נאָר די השגחה, האָט ער געטראַכט, האָט אויך גורם געווען אים צו פאַרהיטן פון אַ מעג־לעכע אומאָנגענעמע סיטואַציע, וואָס וואָלט חלילה געפירט, ווער ווייסט, צו וואָס פאַראַ אומאַנגענעמע קאָנסעקווענצן...

— פריער אָדער שפּעטער וואָלט פּיער זיך דערוואוסט אָדער גאָר באַמערקט אונדזערע אינטימע באַציאונגען — האָט ער נאָכגעטראַכט — און ווער ווייסט ווי אַזוי אַט־דער באמת גוטער און איידעלער פּיער וואָלט דאַן געהאַנדלט?... און ווייל ער האָט נאָר חושד געווען, זיינען מיר זיך צעגאַנגען כמעט ווי גוטע פריינט. איז גוט וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויס־געלאָזט, און אויך ראָזאַליע האָט אויסגעמיטן אַן אומאַנגענעמע סיטואַציע.

אַן אנגענעמער געפיל האָט אים איצט אַרומגענומען, וואָס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזן: „גם זו לטובה!" — ס'וואָלט דאָך געקאָנט זיין אַזוי שלעכט! אַזוי שלעכט! וואָלט ער געווען אַ גלויביקער, וואָלט ער געדאַנקט דעם רבונו־של־עולם, וועלכער האָט אים באַשיצט און אָפּגעהיט פון אַזאַ מעגלעכער צרה . . .

יואל האָט איצט ערנסט גענומען טראַכטן וועגן זיין נסיעה וואָס דער־וואַרטעט אים באַלד נאָך אַמעריקע. אין פאַריז וואַרט שוין אויף אים אַ שיפסקאַרטע, וואָס זיין ברודער צבי פּינחס האָט פאַר אים אַרויס־געשיקט. אין די פאַר וואָכן, ביז די שיף וועט זיין גרייט אָפּצופאָרן, וועט ער האָבן די געלעגנהייט אַביסל אַרומקוקן זיך, זען זאַכן וואָס ער האָט פאַרפעלט צו זען פריער; מחמת ניט האָבנדיק ס'רוב קיין גראָשן ביי דער נשמה. די אָפּגעשפּאַרטע געלדער וואָס ער האָט אָנגעקליבן ביי די פּיערס אויף דער פערמע, וועט איצט זייער גוט צונוץ קומען. פון דעם געפיל אַז ער האָט איצט אַ גאַנץ פיינעם פאַרמעגן אין מזומן, האָט אים אַ שטאָלצער פרייד אַרומגענומען. קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ער עס געהאַט! זיינע פאַרדינסטן זיינען כסדר געווען מאָגערע; געלעבט האָט ער פון „האַנט אין מויל" און צווישן די אָרעמסטע פון די אָרעמע. איצט האָט

ער א̇ טראַכט געטאָן, ווען ער קענען זיך פאַרגינען אַ בעסערן מאָלצייט, צו וועלכן ער האָט זיך גיך צוגעוואוינט ביי פיערס. צו גוטע זאַכן גע־וויינט מען זיך גיך צו; איז גוט וואָס איך וועל קאָנען, מער־ווינציק, אָנ־האַלטן דעם סטאַטוס וואָס ער האָט ביי זיי געהאַט.

מיט אַט־דער זיכערקייט און, ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם, אין אַ גוטן געמיט, איז ער אַריינגעקומען אין פּאַריז.

דאָ האָט ער תיכּף איינגעהאַנדלט פאַר זיך: אַן אנצוג, אַ פּאָר נייע שיך און אַן אויבערמאַנטל. אָן אויסגעפּוצטער אין זיינע נייע מלבושים, מיט די אַרויפגעצויגענע אויף זיך עטלעכע פונטלעך פון ראַזאַליעס גע־שמאַקע קעסט; מיט אַ פּולבלוטיק, פון זון פאַרברוינט פּנים, און אַ פּייער־גלי אין די אויגן פון אַ זאַרגלאָז קאָנטענטן, האָט ער איצט אויסגעזען גאָר אַן אַנדער יואל! ניט דער דערשלאָגענער, אַנטווישטער און ניט זיכע־רער מיט זיך, ווי ער איז עס געווען מיט חדשים צוריק אין זעלביקן פּאַריז . . .

כאַראַקטעריסטיש, וואָס אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין, האָט זיין פּסיכיק, בנוגע אַ סך זאַכן און אַספּעקטן, כמעט ווי זיך געביטן: ער האָט אָנגעהויבן קוקן אויף זאַכן אַביסל אַנדערש ווי פריער, געגעבן זיי אַן אַנדער אויסטייטש און באַגריף. דאַכט זיך וואָס?... פון אַן עושר צו זיין איז ער נאָך ווייט, זייער ווייט. קיין עקאָנאָמישע פאַרזיכערונג לעת־עתּה האָט ער נאָך אויך נישט, און דאָך האָבן די אָפּגעשפּאַרטע פראַנקן אין קעשענע ביי אים אַזוי דעצידירט, ער זאָל גאָר אַנדערש אָנהייבן צו טראַכטן און פילן....

— אַי, ווי גוט ס'איז ווען אייגער פילט זיך מער־ווינציק זעלבסט־שטענדיק, פריי מיטן גראָשן, און דאַרף נישט רק טראַכטן פון באַלדיקן מאָרגן אויף זיין אויסקומעניש! — האָט ער טראַכטנדיק אין דער הויך צו זיך אַ זאָג געטאָן — דאַרפסט ניט ברעכן זיך דעם מוח, וואו צו נעמען אויף אַ מאָגערן מאָלצייט, אָדער גאָר אפילו וואו איבערצונעכטיקן...

ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויס געשעפט מיט גרויסע שפּיגלען. ביים פאַסאַד פון אַריינגאַנג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי איינעם פון זיי. באַטראַכט זיין הלבשה פון אַלע זייטן אין די שפּיגלען, אין זיין גאַנצן גרויס און אויסזען, און אַ צופרידענער מיט זיך האָט אַ לייכטער שמייכל זיך פאַרשפּרייט אויף זיין פּנים . . .

מיט דער שיפסקאַרטע אין קעשענע, וואָס ער האָט באַקומען פון

זיין ברודער אין ניו־יאָרק, האָט ער גאָר באַזונדער איצט הייפּערדיק געפילט זיך.

— אַמעריקע! — האָט ער אין דעם מאָמענט מיט צופרידנקייט געטראַכט — איז דאָך אַ גאָלדענע מדינה, זאָגט מען! דאָרטן איז דאָך טאַקע פאַראַן כלערליי געלעגנהייטן פאַר אַלעמען. מענטשן ווערן דאָרטן רייך כמעט איבער נאַכט... איז גוט וואָס איך פאָר אַהינצוצו. אפשר, אפשר וועט עס אויך מיר אָפּגליקן און וועל נאָך אויך אַמאָל רייך ווערן!...

אָבער וואָס טראַכט איך לכתחילה גאָר אינגאַנצן פון אַזעלכע נאַריש־קייטן, וואָס? אומזין אַזוי צו טראַכטן! דאָס איז דאָך טאַקע אמתע בור־זשואַזע מחשבות! געדאַנקען פון אַ קליין־בירגער און קרעמער! ער האָט גענומען זיך פאַרוואַרפן, הלמאי איז אים, דעם סאָציאַליסט, גאָר אַרויפ־געקומען אפילו אַזעלכע פרעמדע דמיונות? . . .

— איך אַ פּועל שבפּועל, מיט אַ צוקונפט אידעאַל אין לעבן, מיט אַ פּראָלעטאַריש קלאַסן אידעאָלאָגיע און קאָנצעפּציע, מיט אַ שטרעבונג פאַר דער טאָטאַלער אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַציע און כ'בין תמיד געווען גרייט צום קאַמף פאַר אַן אָרדענונג געבויט אויף יושר און צדק; איז ווי קום איך גאָר אינגאַנצן צו אַזעלכע קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזנע טראַכטענישן ! ? . . .

— וואָס באַווייזט עס, יואל? — האָט ער גענומען מיט זיך חקרנען

— אַז קוים האָסטו דערשמעקט אַ ביצוץ פון עפּעס אייגנס, האָסט נאָר דער־הערט דעם קלאַנג פון אייגענע מטבעות אין דיין קעשענע, האָבן זיך שוין צוביסלעך גענומען אַריינגנבענען מחשבות, וואָס זיינען פרייער, ווען דו האָסט גאָרנישט געהאַט, לחלוטין פרעמד געווען צו דיר... איז דען אַ וואונ־דער וואָס דער בליאַסק און גלאַנץ פון גאָלד פאַרבלענדט און פאַרפירט?...

ער האָט זיך געלאָזט איצט גיין צו דער אַלטער קינסטלער קאַפעי „קלאָזערי", וואו ער פלעגט זייער אָפט טרעפן זיך מיט זיין יוגנט־חבר, מאַרק, דער מאַלער. ווען ער איז אָבער צוגעקומען צום אַריינגאַנג פון דער קאַפעי, האָט ער זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. ער האָט אויפן מאָמענט געשלאָגן זיך מיט דער דעה, צי ער זאָל אַריינגיין צי ניט? אים האָט זיך יאָ און נישט געוואָלט באַגעגענען מאַרקן, און ווידער, וואָרום ניט? זאָל ער זען זיין איצטיקן מצב! פון דער צווייטער זייט אָבער, האָט ער נישט געוואָלט אויפוועקן אַן אַלטע וואונד און פאַרדרוס. דאָך איז די נייגעריקייט זיינע צו וועלן וויסן, צי מאַרק איז נאָך מיט שאַראַן, האָט אין דעם מאָמענט גובר געווען, און אומאַנטשלאָסן איז ער דאָך אַריין אינווייניק, אפשר וועט ער ביידן דאָרטן טאַקע טרעפן?...

אַלץ איז דאָרטן, אין קאַפּעי, געווען ווי פריער. ער האָט מיט די אויגן אַרומגעוואַנדערט איבער די באַזעסענע טישלעך, אפשר וועט ער דאָך דערזען זיין חבר מאַרק. ניט זעענדיק אים, האָט ער זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט ביי אַ קליין טישל. אַ קעלנער איז צו אים תיכף צוגעקומען פרעגן, צי וויל ער עפּעס באַשטעלן. דער קעלנער איז גראַדע געווען אַ נייער אין דעם פּלאַץ; האָט יואל אים אַ פרעג געטאָן, צי דער הויפּט־קעלנער, וואַלטער, איז דאָ. ווען וואַלטער איז צוגעקומען האָבן זיי זיך באַגריסט און ער האָט קודם באַשטעלט פאַר זיך אַ גלאָז טונקעלן ביר מיט שווייצער־קעז, און האָט שוין, אַגב, אויך אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, מ'סיע וואַלטער, קומט נאָך אַריין אַהערצו דער שיינער מאַרק, דער מאָלער?

— אָ, מאַרק! „ווי־ווי", יאָ, יאָ, מאַרק קומט אַהער זייער אָפט, אין באַגלייטונג פון אַ וואונדערלעך שיינער מאַדמואַזעל!

אויף מער האָט ער שוין נישט געדאַרפט זיך נאָכפרעגן. אַזוי האָט ער זיך משער געווען און פאַראויסגעזעצן... אַרויפגיין צו מאַרקן אין סטודיאָ האָט ער נישט געוואָלט. וואָלט ער זיי אומדירעקט ערגעץ יאָ באַגעגנט, מהיכי־תיתי. און אפשר איז בעסער אַזוי, האָט ער געטראַכט, צו וואָס אויפוועקן אַלטע געפילן און אומאַנגענעמע רעמיניצענסן. ער האָט באַצאָלט דעם קעלנער און איז אַרויס פון דער קאַפּעי מיט אַביסל אַ שווערן געמיט.

— הייסט עס — האָט ער דערנאָך צו זיך אַליין באַמערקט — אַז מאַרק און שאַראַ זיינען טאַקע יאָ צוזאַמען, ווי כ'האָב עס פאַראויס געזען און דערוואַרטעט . . .

— אָט, אַ גליקלעכער טייוול! אָט דער מאַרק... נו, ניטאָ וואָס צו ריידן, פאַרפאַלן! נו, זאָל אים וואויל באַקומען...

כדי אויפצומונטערן אַביסל זיין אייגענעם געמיט, האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן: — יואל! האָסט זיך גאָרנישט וואָס צו באַקלאָגן! וואָס שייך אַביסל ליבע־גליק, נאָך וועלכן יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש איז אַזוי שטאַרק להוט, האָט דער גורל דיך אויך ניט באַ'עוול'ט... האָסט עס געהאַט מער־ווינציק אין אַ באַפרידנדיקער מאָס... אמת — האָט ער מעדיטירט און געחקירה'ט — אַז אויך איך האָב ערנסט געטראַכט מכוח אַ פאַמיליען־בונד, ווי דער שטייגער אין לעבן איז; אַז אויך איך האָב ערנסט געטראַכט וועגן דעם מיט שאַראַן, אַז זי וואָלט געווען פאַר מיר

דער פּאַסיקסטער זיווג. האָט אָבער דער פּאַטאַלער גורל געוואָלט אַנדערש, הפּנים! . . .

כדי צו רעכטפאַרטיקן זיין אָריענטאַציע און האַנדלונג בנוגע דעם ענין פון הייראַט און זיין איצטיקן מצב, האָט ער צוהילף גענומען זיין שוין פון פריער בעגאַטיווע טעאָריע פון פאַמיליע, הייראַט פאַרבינדונג וכדומה . . .

— מילא, אַט־די אַלע שיינע רעדעלעך מכוח „זיווג", „באַשערטע", „אייביקע ליבע" און די אַזויגערופענע „הייליקייט פון פאַמיליע", דאָס אַלץ איז אפשר זייער שיין, מאַנירלעך און שטאַטלעך; אָבער ס'רוב אויבערפלעכלעך נאַר, און מיט ניט ווייניק צביעות און אָפּנאַרעריי. דער עיקר פון אַלע עיקרים, און דער פועל־יוצא פון אַלעם דעם איז — אַ געזונט, נאָרמאַל און עכטער צוזאַמענקום און באַהעפטונג פון מאַן און פרוי!... פעלט אַט דער דאָזיקער עיקר פיזישער אַטריבוט אין דער פאַראייניקונג פון ביידע געשלעכטער, ווערט דער גאַנצער בנין צע־שעדיקט און האַלט זיך ס'רוב, בעל־כרחו'דיק, אויף משקולת...

אַזוי האָט ער מעדיטירט און מיט זיך אַליין געחקירהט וועגן די געדאַנקען און אידייען וואָס האָבן אים אין דעם מאָמענט באַוועלטיקט.

די עטלעכע טעג, וואָס איז אים נאָך געבליבן צו פאַרוויילן אין פּאַריז איידער ער וועט דאַרפן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער אויסגענוצט די צייט צו זען פּאַריז, אַט־די גרויסע צוויבערלעכע שטאָט מיט אירע וואונ־דערלעכע וואַריאַנטן. פריער האָט ער נישט געהאַט די מיטלען און במילא ניט די געלעגנהייט צו זען זאַכן און אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט זען. דעם מאָל האָט ער געוואָלט זיך פאַרגונען. ווער ווייסט צי אים וועט נאָכאַמאָל אויסקומען דאָ ווידער צו זיין? האָט ער יעדן טאָג אַרומגע־וואַנדערט איבער די פאַרשיידענע היסטאָרישע פּלעצער און מאָנומענטן; די כלערליי מוזעאומס און קונסט־גאַלערייען; דעם פּאַנטעאָן מיט פאַר־שיידענע פּרעסקאָס פון „פּיואַוויס דע שאַוועון"; ער האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט די מאַלערייען פון פּאָול סעזאַן, סיניעג, וואַן־גאָג, פּיקאָסאָ, קאָרעט, מאָדיגליאַני, ליבערמאַן און צענדליקער אַנדערע. ער האָט אויך נישט פאַרפעלט צו באַזוכן די באַרימטע „ריוויעראַ" מיט אַזוי פיל רחבות, לוסט און אַזאַרט־שפּילן. אין קאָנטראַסט צום גרויסן רייכטום, האָט ער נישט פאַרפעלט צו זען דעם אָרעמען לאַטייניש קוואַרטאַל מיט זיין גאַנצן באַהעמישן חן; די מאָנמאַרטע מיט די אָרעמע מאַלער־קינסטלער, טרעפנ־דיק זיי ביי די איזלען, מיט פאַרב און פּינזל, צו פאַרדינען זייער מאָגערע

אויסקומעניש. דאָס „פלעצל“ אין בעלוויל, דער אָרעמער יידישער געגנט מיט די אַלטע הייזער, פאַררויכערטע, פאַרחושכטע, צוזאַמענגעפּרעסטע. דער האַנדל און וואַנדל מיט די בלערליי חפצים און אַלטוואַרג — אַט־די ספּעציפֿישע יידישע פּרנסות, וואו אומעטום אין דער אָרעמשאַפט פון דעם תחום המושב היהודים.

די „קאָמונע“ וואו מירקין האָט געבאַלעבאַטעוועט, האָט יואל אויס־געפונען, איז זיך גאָר אינגאַנצן צעפאַלן; טאַקע באַלד נאָכדעם ווען שאַראַ האָט זי פאַרלאָזן און איז אַוועק וואוינען מיט מאַרקן. מיט שאַראָס פאַר־לאָזן האָט מירקין מער נישט געהאַט קיין אינטערעס אויפצוהאַלטן דאָס הויז. שאַראַ איז דאָך געווען דער מאַגנעטישער כוח, וואָס האָט דער גרופּע געהאַלטן צוזאַמען. צוליב איר פלעגן אויך אַריינקומען אַנדערע פריינט און באַקאַנטע פון דער עמיגראַציע און צוליב דעם האָט די „קאָמונע“ געהאַט אַ שטיקל אָנזעץ פון אַ געזעלשאַפטלעכן פונקט.

אין „פלעצל“, וואו דאָס רוב פון זיינע באַקאַנטע פון דער עמיגראַציע האָבן זיך געפונען, האָט ער פון זיי גאָר ווייניק שוין געטראָפן. כמעט אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיטן שטראָם וואָס האָט זיך געצויגן קיין אַמעריקע; ווער צו קרובים, ווי ער, און אַנדערע אויף אייגענע אַחריות, מיט בלויז עטלעכע דאָלאַרן צו באַוויזן ביים אַריינקום אינעם נייעם לאַנד. אַ געפיל פון צופרידנקייט האָט אים אַרומגענומען, וואָס ער איז נישט דער איינציקער וואָס פאַרלאָזט פאַריז און וואָס אויך ער וועט אין עטלעכע טעג שוין זיצן אויף אַ שיף וואָס וועט אים פירן צום פיל צוגע־זאָגטן לאַנד, וואו ער וועט אָנהייבן גאָר אַ ניי קאַפּיטל פון זיין וואַנדער און נסיונות . . .

ער איז פאַרבייגעגאַנגען די „פּלאַזאַ דע לאַ באַסטיליע“, וואו די טרויעריק באַרימטע באַסטיליע איז אַמאָל געשטאַנען. אויף דעם זעלביקן אָרט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די קאָלאָסאַלע „לאַ קאָלאָנע דע זשוילעט.“ ער האָט אַ טראַכט געטאָן אין דעם מאָמענט וועגן דער גרויסער בלוטיקער פאַרגאַנגענהייט, וועגן דער ערשטער גרויסער רעוואָלוציע פאַר מענטשן־רעכט און פרייהייט; וועגן די אומגעקומענע קאָמונאַרן — אָט יענע בראַווע קעמפער פאַר „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכ־קייט“, וואָס איז נאָכדעם געוואָרן דער לאָזונג און שטרעבונג פון יעדן פרייהייט־ליבנדיקן מענטשן אין דער גאַנצער וועלט. אין פאַרבינדונג מיט דעם איז אויפגעשוואומען פאַר אים די פּאַטעטיש־רעוואָלוציאָנערע געשטאַלט פון דער אומדערשראָקענער קעמפערין, לואיזע מישעל, וועלכע

האָט זיך אָנגעקגעגעבן מיטן גאַנצן ווען אירן פאַר די אידייען פון דער „פאַריזער קאָמונע“, און איז געוואָרן אַ סימבאָל פון אויפאָפּעראונג פאַר דעם גליק און פרייהייט פון דעם מענטשן...

בשייכות מיט דעם געדאַנק איז פאַר אים אויפגעשוואומען די אידעלע געשטאַלט פון אונדזער אייגענעם דיכטער, דוד עדעלשטאַט. ווי וואַרעם נאָענט איז עס אים געווען פאַריז, דאָס וויגעלע פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק משפיע געווען אויף אַ סך שיין־גייסטער און פריידענקער, צו יענער צייט, און ווי ערלעך עדעלשטאַט האָט דעם קאַמף און דעם העראָאיזם פון די פאַריזער קאָמונאַרן, קעמפער און מאַרטירער פון דער באַסטיליע, באַזונגען אין זיינע לידער:

איך ליב דיך, פראַנקרייך! איך ליב דיך פּאַריז!
איך ליב דיך, באַגייסטערטער, קעמפנדער ריז,
מיט דיין רויטן פאַנצער און שאַרפער שפּיז —
איך ליב דיר, פאָלק־באַפרייער!

יואל האָט דערנאָך אַרומגעוואַנדערט אין די קאָרידאָרן און זאַלן פון די באַרימטע לואווער און לוקסעמבורג מוזעאומס. אַ גרויס יראת הכבוד האָט ער געפילט און געטראַגן מיט זיך פאַר די גרויסע וועלט־באַרימטע קינסטלער און זייערע קונסט־ווערק, וואָס ער האָט מיט אַ סך אינטערעס און וואַרעמקייט באַטראַכט. די גרויסע קאָלאָסאַלע מאָלערייען, „מיוראַלס“, פון היסטאָרישע געשעענישן און די מענטשן, ווי לעבעדיקע, פון פלייש און בלוט אויסגעפורעמט, האָבן צו אים אויסגעזען כמעט ווי באַוועגלעך. זיין אויג האָט זיך ממש נישט געקאָנט אָפּרייסן פון זיי, אַזאַ טיפן רושם האָבן די לייוונטן געמאַכט אויף אים...

דאָ האָט ער אויך געזען מאָלער און סטודענטן מיט זייערע איזלס, קעסטלעך פאַרבן, לייוונטן און פּינזלס, קאָפּירן פון וויכטיקע וועלט־באַרימטע קונסט־ווערק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן זייער אַרבעט: טייל זיינען געווען אָנגעהויבענע, נאָך רוי, אין פּראָצעס פון שאַפן, און אַנדערע כמעט ווי פאַרענדיקטע. ער האָט זיי מקנא געווען, וואָס זיי האָבן מיט ליבע און עקשנות זיך צוגעבונדן צו דער מאָל־קונסט. אַ פאַרדרוס צו זיך אַליין האָט אים אין יענעם מאָמענט באַנומען, וואָס ער האָט עס פאַרלאָזן און ניט דערמוטיקט אין זיך דעם אינערלעכן דראַנג צו מאָלן, וואָס האָט געטליעט אין אים. ס'קאָן דאָך זייער געמאָלט זיין, האָט ער געטראַכט, אַז מיט אַביסל מער עקשנות און גלויבן אין זיך,

און וויניקער זעלבסט־קריטיק, וואָלט ער אויך עפּעס דערגרייכט, אפשר ווי זיין חבר מאַרק; לכל הפּחות וואָלט ער געטאָן אַן אַרבעט אַ שעפערישע, וואָס איז אים צום האַרצן, און ניט בלייבן אַ פּשוטער הויז־פאַרבער...

ער האָט באַאָבאַכטעט און אַריינגענומען אין זיך אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט, כדי עס זאָל בלייבן איינגעקריצט אין זיין געדעכעניש. ווער ווייסט — האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן — צי וועל איך נאָך ווען עס איז אין מיין לעבן דאָ ווידער אַמאָל זיין און דאָס אַליין קאָנען זען? האָט ער אַ'ומגעוואַנדערט איבער די גרויסע בולוואַרן און פּאַרקן, היס־טאָרישע בנינים און מאָנומענטן פון גרויסע פּערזענלעכקייטן, שריפט־שטעלער, דענקער, פילאָסאָפן, און קעמפער פון פאַרגאַנגענע יאָר־הונדערטער, וועלכע האָבן געשאַפן וועלט־געשיכטע. ער האָט זיך דער־פילט דערהייבן און פאַרכאַפּט פון דעם געדאַנק און סאַטיספאַקציע, וואָס ער האָט געלעבט און געווײלט אין אָט־דער גרויסער וועלט־מעטראָפּאָליע — פּ אַ ר י ז , די שטאָט פון ליכטער, פון לעבן און פריילעכקייט.

— ווי און ווי אַזוי וועל איך מיר איינלעבן אין דער נייער וועלט? וואָס דערוואַרטעט מיר אין דעם נייעם קאָנטינענט — אַמעריקע, אין דעם גרויסן, פיל־רעקלאַמירטן ניו־יאָרק, וואוהין איך וועל באַלד אויס־וואַנדערן ? . . .

מיט אָט־די טראַכטענישן אין דער הויך, האָט ער זיך גענומען גרייטן צו דער גרויסער ים־נסיעה, וואָס וועט אים ברענגען צו דעם פיל־צוגעזאָגטן לאַנד פון כלערליי מעגלעכקייטן — אַ מ ע ר י ק ע ! . . .

## קאַפּיטל איין־און־צוואַנציק

דער האַרבסט האָט זיך שוין היפּשלעך איינגעשטעלט: די בוימער אַרום די גאַסן און בולוואַרן זיינען שוין געשטאַנען נאַקעטע; די אַראָפּ־געפאַלענע געל־פאַרטריקנטע בלעטער זיינען געלעגן אין קופּעס, וואָס די האַרבסט־ווינטן האָבן צוזאַמענגעבלאָזן ביי די זייטן פון די וועגן. די קילע, שאַרפע, האַרבסטיקע לופט האָט זיך נאָך שטאַרקרע געלאָזט פילן ביים האַפן, וואו די שיפן האָב געאַנקערט. די גרויסע מאָנסטער־שיף „אומבריא" האָט פון דעם פרימאָרגן אָן אָנגעהויבן איינשלינגען אין זיך הונדערטער כלערליי פּאַסאַזשירן, צווישן וועלכע ס'איז אויך

געווען — יואל — אונדזער העלד פון דער סיפור־המעשה.

די „אומבריא" האָט זיך לאַנגזאַם אָפּגעריסן פון איר פאַראַנקערונג בײם האַפן און האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין די טיפע וואַסערן פונם שטור־מישן אַנטלאַנטיק. ס'איז געווען די ערשטע ים־רײַזע וואָס יואל האָט זוען דורכגעמאַכט אין זײַן לעבן. אין דעם מאָמענט איז ער באַהערשט גע־ווען פון אַ צווייענדיק געפיל: אַ געפיל פון געאײַטערטקייט און פרייד, וואָס ער איז ענדלעך אויף דער שיף, וואָס פירט אים צו אַ נײַ לאַנד, מיט נײַע פערספעקטיוון און, אַ געפיל פון אומרו, וואָס ער האָט ניט געקאָנט עס פאַר זיך אַליין צו דערקלערן...

די זון איז ענדלעך אַרויסגעשוואומען פון דעם שטאַרק פאַרנעפּלטן הימל און שטיפמוטערלעך געוואַרעמט די פּאַסאַזשירן אויפן דעק, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויפקומען פון דער אינגעווייד פון דער שיף, כדי אַרײַנצוכאַפּן דאָס ביסל זון־שטראַלן, כל זמן זי שיקט זיי נאָך אַראָפּ אויף גאָטס וועלטל.

יואל איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט בײַ דעם פאַרענטש פון דעם דעק און פאַרטראַכט געקוקט אין דער ווײַטער ווײַטקייט צום האָריזאָנט, פון וועלכן די שיף האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער און מערער דערווײַטערט. די שיף האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער און שאַרפער אַרײַנגעשניטן זיך אין די טיפע שטורמישע כוואַליעס, און האָט זיך שוין שטאַרק דערווײַטערט פון דער יבשה, פון מענטשלעכע ישובים, פון באַרג און וואַלד. ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן און איז צוביסלעך פאַרגאַנגען ווי אַ רויט־פײַערדיקער קײַלעך, איז שוין די שיף אַרײַנגעשוואומען צווישן הימל און אומענדלעכע וואַסערן...

די נאָכפליענדיקע ים־פויגל אַרום דער שיף זײַנען וואָס אַמאָל זעלטענער געוואָרן און באַלד זיך מער נישט באַוויזן. די פּאַסאַזשיר־עמיגראַנטן האָבן, ווי אין דער שטיל, יעדער אויף זײַן אופן. געזעגנט זיך מיט דעם אַלטן קאָנטינענט, מיט זייער אַלטער היים, וואו זיי זײַנען געבוירן און דערצויגן געוואָרן; געלעבט און געהאָפט אויף אַ גליקלעכער צוקונפט; איצט האָבן זיי אפשר נישט ווילנדיק פאַרלאָזן פרײַנט, אייגענע און משפחה, אַלץ און אַלעמען אַבערגעלאָזט הינטער זיך, מיט דעם געפיל: ווער ווייסט צי זיי וועלן זיך נאָך ווען עס איז אומקערן, צי מען וועט זיי נאָכאַמאָל זען ? . . .

יואל האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם פאַרענטש, בײַ וועלכער ער איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען מיט דעם פּנים צו מזרח, פון וואַנען די שיף

האָט אים אויפגעגעסן, און מעדיטירט פון כּלערליי מחשבות. ער האָט איצט ווי דורך אַ באַשלוס אומגעקערט זיך מיטן פּנים צום מערב, וואו ער און אַלע אויף דער שיף לאָזן זיך איצט אַוועק באַגעגענען אַ ניי לעבן, אויף נייער ערד, איינוואָרצלען זיך.„ ער האָט אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך, באַטראַכטן די מענטשן, אפשר וועט ער אָנטרעפן אַ באַקאַנט פּנים אָדער גאָר פאַרבינדן אַ באַקאַנטשאַפט . . .

אויף אַ שיף דערפילט מען תיכף נאָענט און היימיש אפילו צווישן פרעמדע; מחמת איין גורל פאַרבינדט אַלעמען צוזאַמען. טרעפט חלילה אַ קאַטאַרטראָפע מיט דער שיף, זיינען אַלע גלייך, נישטאָ קיין מיוחסים. הגם די קלאַסן־צעטיילונג איז דווקא גרויס און שטרענג אָפּגעהיט, אַז אַ „דריט־קלאַסניק" זאָל חלילה ניט אַריינכאַפּן זיך צו דער ערשטער אָדער צווייטער קלאַס! אָבער, אין אַן עת צרה, ביי אַ שיף קאַטאַסטראָפע, דאַן פאַרשווינדט די קלאַסן־דיסטינקציע . . .

צווישן דעם דריטן קלאַס פּאַסאַזשירן, פון וועלכן יואל איז געווען איינער פון זיי, האָט ער דערזען פאַר זיך אַ שטיק פון דער אָרעמער מענטשהייט, אַ מין בונד פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענקום: יידן, פּאָליאַקן, רוסן, איטאַליענער, אַרמעניער און טערקן, דענער און כינעזער, שוואַרצע, געלע און רויטע — אַ געמיש פון כּלערליי נאַציאָנאַליטעטן און ראַסן.

— ווי גלקילעך און פריילעך די מענטשן וואָלטן געלעבט צווישן זיך — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — ווען מען וואָלט זיך בעסער פאַרשטאַנען; ס'וואָלט דאָך באמת געקענט זיין איין גרויסע ברודערשאַפט! טאַקע ווי די גרויסע וועלט־הומאַניטאַריער האָבן כסדר געפּריידיקט; אָדער ווי דאָס רוב פון די וועלט־רעליגיעס שרייבן פאָר. וואָלט כאָטש געווען איין אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך, איין לשון פאַר אַלע פעלקער, אַ מין „עספּעראַנטאָ", וואָלט דאָך גרינגער געווען צו צוזאַמענריידן זיך און אָנהייבן פאַרשטיין בעסער איינעם דעם אַנדערן; ס'וואָלט אָפּגעשאַפט געוואָרן אַ סך איבלען און מיספאַרשטענדענישן, וואָס טיילן פאַנאַנדער וועלט און מענטש . . .

— און צוריק געשמועסט — האָט ער ממשיך געווען דעם וויכוח מיט זיך אַליין — און מענטשן פון איין לאַנד און איין פאָלק אפילו, פאַרשטייען דען יאָ איינער דעם צווייטן? ריידן זיי דען נישט אָפט „באַזונדערע לשונות"? און ביט זעלטן זיינען זיי צווישן זיך אין אַ סך פאַלן דם שונאים!

— יאָ, ס'איז דער „ערשטער קלאַס" פון אויבן, וואָס טיילט זיך אָפּ,

דערלאָזט נישט צו אַחדות, צו פאַרשטענדעניש, צו שלימות. אַלץ צוליב פערזענלעכע אייגננוציקע אינטערעסן פון באַזיצערישן קלאַס, שאַפט מען אַ בכיוונדיקע פאַנאַנדערטיילונג, און מען ברענגט אָפּט מאָל אַריין האַס און שנאה פון איין קלאַס צום אַנדערן און פון איין פאָלק צום אַנדערן.

דאָ אויף דער שיף האָט ער געזען ווי די יידן טוליען זיך איינער צום אַנדערן; איין נאַציאָנאַלער גורל האָט זיי פאַרבונדן. דער כסדר־דיקער פחד־געפיל וואָס פאַרפאָלגט זיי פון דורות, אויף זייער לאַנגן וואַנדער־וועג, האַלט זיי צוזאַמען. האָט מען זיך זייער גיך דערנעענט דאָ, און אפילו באַפריינדעט...

— פון וואַנען אַ ייד? — פרעגט איינער דעם אַנדערן — פון פוילן, פון רומעניע, וואָלין, גאַליציע, ליטע, פון פאַרשיידענע לענדער, מיט כלערליי דיאַלעקטן און תנועות. און דאָך, אַ כאַראַקטעריסטישע יידישע באַעאָנטשאַפט. מיט איין שטרעבונג, מיט איין האָפענונג און מיט אַ פריידיק געפיל, וואָס מ'האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם בלוטקין גיהינום; פון די לענדער פון פאָגראָמען, נגישות, רציחות און רדיפות און, מ'איז אויף דעם וועג צום פיל־צוזאָגנדיקן לאַנד — אַמעריקע...

די יונגע בחורים און מיידלעך זיינען דאָ תיכף געוואָרן איין חברותא. מ'האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, דיסקוטירט צווישן זיך, פון דעם נאָענטן עבר, פון דעם נאָר וואָס פאַרגאַנגענעם נעכטן און האָפנונגס־פולן עתיד. די נייע צייט מיט נייע שטרעבונגען און אידעאַלן האָבן זיך אומעטום, אין אַלע תחומי היהודים, אַריינגעריסן. לאָזונגען און באַקאַנטע מאמרים. ציוניזם, בונדיזם, סאָציאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, האָבן זיך פריי געלאָזט הערן. יעדער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך זיין גאָט און זיין גלויבן. אַ צאָל פרומע יידן אויף דער שיף, אויף זייער אופן, האָבן אומ־געשטערט פון קיינעם, אָנגעפירט מיט אַ מנין. אַ בעל־תפילה האָט מיט גרויס התלהבות געדאַוונט ביי אַן אימפּראָוויזירטן עמוד. די מתפללים האָבן זיך נישט גערעכנט מיט די חוזק־בליקן פון עטלעכע יידישע און ניט־יידישע פּראָסטאַקעס. זיי האָבן תיכף דערפילט די אַטמאָספערע פון פ ר י ה י י ט, אַז זיי פאָרן אויף אַ שיף צו אַ פריי לאַנד, פריי פון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ. די שיף, וואָס האָט זיי געפירט, האָט זיך גערעכנט מיט זייער גלויבן און האָט אפילו אָפּגעהיט פאַר זיי כשרות.

— דאָ איז ניט פוילן און ניט פאָניע־לאַנד — האָט איינער פון די יידן באַמערקט צו יואלן; זעענדיק ווי ער, יואל, איז געשטאַנען ערנסט און צוגעקוקט ווי די יידן זיינען דאָ מתפלל. אָט־דער געפיל פון פרייהייט

האָט געשטאַרקט זייער מוט און אָפּגעווישט דעם פּחד געפיל פאַרן נישט־ייִדישן שכן, וואָס איז געווען אויף דער שיף. אין פּוילן וואָלטן די זעלביקע גויים, אויף אַ שיף אָדער אויף אַ באַן, ווען ייִדן וואָלטן זיך אַוועקגעשטעלט מתפּלל זיין, שטאַרק אָפּגעחוזקט פון זיי און אפילו אָנגעגריפן. יואל איז אָפּט מאָל אַליין געווען אַן עדות פון אַזעלכע פיזישע אָנפאַלן אויף ייִדן ווען זיי האָבן אַזעלכעס געוואַגט צו טאָן. דאָ אָבער האָבן די זעלביקע גויים געהאַלטן זיך נידריקער פון גראָז. זיי האָבן תיכף דערפילט, אַז דאָ זיינען זיי נישט קיין גרעסערע מיוחסים פון די ייִדן.

יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט זיך אָבער געהאַלטן באַזונדער, געקלעפּט איינער צום אַנדערן. יעדער פון זיי האָט מיטגעבראַכט זיין פאָלקס־ליד, פאָלקלאָר, לשון און קולטור. יואל האָט אפילו זיך געוואונדערט, ווי אַזוי אין אַמעריקע אָט־די אַלע פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן קומען דורך צווישן זיך, אָן ערנסטע צוזאַמענשטויסן, ווי ס'איז דער פאַל זייער אָפּט אין דער אַלטער היים ? מיט אַזאַ ערב־רב און געמיש פון שפּראַכן און קולטורן איז עס דאָך אַן אמתער דור הפלגה! דאָך זעט עס אויס, אַז אין אָט־דעם גרויסן שמעלץ־טאָפּ ווערן אַפּנים אַלע מער־וויניקער אַסימילירט, און אין דער קאָמבינאַציע פון די אַלע קולטורן, שמידט זיך אויס אַ נייער מין „ספּעסימען"—„אַמעריקאַנער". זיין פאַנטאַזיע און טראַכטענישן האָט אים ווידער אַוועקגעטראָגן צום לאַנד פון דער צוקונפט, פון אַלע מעגלעכקייטן און אַ סך געלעגנהייטן...

צום אָוונט־ברויט ביים זעלביק טיש, נעבן יואלן, איז געזעסן אַ ייִדישער יונגערמאַן, אַ ניו־יאָרקער, וועלכער פאַרט איצט פון אַ סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אייראָפּע, צו וועלכן ער איז געווען דעלעגירט פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין אַמעריקע. יואל האָט צו אים אויסגעזען, לויט זיין הלבשה און האַלטונג, אַ סך אַנדערש ווי די אַנדערע פּאַסאַזשירן, מער אייראָפּעאיזירט, שטאַלטנער און פרייער, האָט ער זיך מיט אים תיכף צוזאַמענגערעדט.

— מיין נאָמען איז ציגלמאַן, מאָריס ציגלמאַן — האָט דער ייִדיש־אַמעריקאַנער טיש־שכן זיך פאָרגעשטעלט צו יואלן.

— און מיין נאָמען איז יואל, פּשוט יואל, קאָנט איר מיר רופן.

ביידע האָבן זיך פריינטלעך באַגריסט, דריקנדיק זיך די הענט.

— הם, יואל! אַן עכט ייִדישער, ריכטיקער, ביבלישער נאָמען — האָט ציגלמאַן דערנאָך באַמערקט. אין אַמעריקע וועט איר זיכער בייטן אייער נאָמען. ס'רוב פון די אַריבערגעקומענע ייִדישע עמיגראַנטן בייטן

זייערע נעמען. אויך זייערע קינדער גיבן זיי ניט־יידישע נעמען, ווי: סימאָר, סטענלי, דזשעראָם, א. אַ. כאַראַקטעריסטיש, וואָס דווקא די עכטע אַמעריקאַנער, פון דורות הי־געבוירענע, גיבן זייערע קינדער ביבלישע נעמען, ווי: דייוויד, איזעקיעל, דעניעל א. אַ., בעת די „גרינע", די נאָר־וואָס אַריבערגעקומענע, זוכן וואָס שנעלער אָראָפּצעוואַרפן פון זיך ניט נאָר די הלבשה, נייערט אויך דאָס ביסל יידישקייט און שטיי־גערישקייט . . .

— פאָרט איר, הייסט עס, קיין אַמעריקע — האָט צינגלמאַן ממשיך געווען דעם געשפרעך מיט אים, און יואלן האָט זיך דווקא געוואָלט מיט אים שמועסן, כדי וואָס מער באַקאַנען זיך מיט נוסח אַמעריקע.

— יאָ, יאָ, אָט ווי איר זעט. פאָרן יידן קיין אַמעריקע — האָט יואל אים באַשטעטיקט.

— אַלץ הייסט פאָרן — האָט צינגלמאַן אונטערגעכאַפּט — עס זעט אויס ווי אַן אמתער יציאת אייראָפּע! אין די הונדערטער טויזנטער קומען זיי איצט אַריין, מארבע פינות העולם, כן ירבו! אַ סך פון די אַריבערגעקומענע ווערן אפליו אַנטוישט לכתחילה; און ווייסט איר וואָרום מר. יואל? (איר וועט דאָך ניט האָבן אויף מיר פאַריבל, וואָס איך באַטיטל אייך: מיסטער, אַזוי רופט מען ביי אונדז אַלעמען) מחמת מ'האָט זיך דאָרטן, אין דער אַלטער היים, איינגעשמועסט, אַז אַמעריקע איז אַ „גאָלדענע מדינה" און ס'וואַלגערט זיך ממש גאָלד אין די גאַסן...

— איז וויסן זאָלט איר, אַז ס'איז ווייט, זייער ווייט פון דעם: אַן איינרעדעניש, מיין פריינט, אַ פשוטע איינרעדעניש: די רייכע ביי אונדז ווערן וואָס אַמאָל רייכער און די אַרבעטער, די אָרעמע, ליגן ניין איילן אין דער אַדמה... מען פראַצעוועט דאָ אין די שוויץ־שעפּער, מען ווערט אויסגעריסן צוועלף שעה אַ טאָג ביי דער אַרבעט און אַמאָל מער. און, אַז זיי וואָגן צו אָרגאַניזירן זיך און שטרייקן, פעלן דאָ נישט קיין שטרייק־ברעכער. און די פּאָליציי־מאַכט האַלט ס'רוב מיט די באַלעבאַטים.

— דאָס זעלביקע ווי ביי אונדז — האָט יואל צוגעגעבן זיין באַמערקונג.

— אַוודאי דאָס זעלביקע — האָט צינגלמאַן אונטערגעכאַפּט — נישט מער, דאָ זיינען זיי קלוגער, די באַלעבאַטים. זיי וואַרפן צו אַמאָל אַ ביינדל דעם אַרבעטער. ס'רוב רעדט מען אים איין, אַז ער איז דאָ באַלעבאָס איבער זיין אייגענעם גורל. אַלע פיר יאָר גייט ער צום שטים־קעסטל, קלייבט אויס אַ פּרעזידענט, קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן, וועלכע פירן פאַר אים דאָס לאַנד, שאַפן געזעצן פאַר זיין טובה וועגן. אָבער

זעלטן ווען די ווילער קלייבן אויס די ריכטיקע פּאַרטרעטער, וועלכע זאָלן באמת דינען זייערע אינטערעסן. אמת, איידער זיי ווערן דערוויילט, די פּאָליטישנס, זאָגן זיי צו „דאָס טעלערל פון הימל", אָבער נאָכדעם בלייבן זיי, די אַרבעטער, כסדר די אָפּגענאַרטע... דעריבער, אין דער גרויסער אינדוסטריעלער אַמעריקע איז נאָך אַלץ שווער אויסצוקעמפן אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. איך זע, מר. יואל, אַז איר זענט אַן אינטעליגענטער מענטש און איר האָט מסתמא געלייענט אָדער געהערט פון דער שיקאַגער „היימאַרקעט טראַגעדיע"?

— ניין, פּריינט צינגלמאַן, כ'האָב דווקא ניט געלייענט און אויך ניט געהערט; כ'בין אָבער זייער פאַראינטערעסירט און גערן צו וויסן.

— דאָס איז געווען אין יאָר 1887 — האָט צינגלמאַן אים דערציילט וועגן יענעם היסטאָרישן עפּיזאָד — אַ צאָל אַרבעטער אין שיקאַגאָ זיינען אַרויס אין אַ שטרייק פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אין דער אָנפירערשאַפט פונם שטרייק האָבן זיך באַטייליקט ערנסטע און ערנ־האַפטע פירער, און דווקא אמתע אַמעריקאַנער, אָפּשטאַמלער פון דער „מעיפלאַוער". ביי אַ פירדלעכער ערשטער מאַי פאַרזאַמלונג איז דורך אַ פּראָוואָקאַציע געוואָרפן געוואָרן אַ באָמבע און ס'זיינען געפאַלן קרבנות. און דאָ איז געווען די געלעגנהייט אָפּצורעכענען זיך מיט די פירער פון שטרייק: מ'האָט תיכף אַרעסטירט צען פון זיי, און זיי באַשולדיקט אין דעם מאָרד־טאַט. איינער פון די אַרעסטירטע, וועלנדיק ראַטעווען זיין אייגענעם פעל, האָט פאַרראַטן זיינע חברים. איינער איז אַנטלאָפן, די אַנדערע אַכט האָט מען געשטעלט צום געריכט. זיבן האָט מען פאַרמשפּט צום טויט, איינעם אויף אַ לעבן־לאַנג אין תפיסה; פאַר אַ פאַרברעכן, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָכדעם, זיי זיינען ניט באַגאַנגען...

דער פּראָצעס קעגן זיי איז געווען אַ פשוטער פאַרס, אַ פאַרקריפּלונג פון געזעץ. דער פאַקט וואָס דער שפּעטערדיקער גאָווערנאָר פון דעם שטאַט אילינאָי, דזשאָן אַלטגעלד, האָט נאָכדעם איבערגעוועדירט די פאַרהנאַדלונגען פונם פּראָצעס פון די שיקאַגער מאַרטירער, האָט ער דערנאָך עפנטלעך דערקלערט, אַז די פאַראורטיילטע מענער זיינען קרבנות פון אַ פאַרשווערונג פון די פאַבריקאַנטן, פון דעם געריכט און די פּאָליציי. ער האָט פאַרשטייט זיך, די טויטע ניט געקענט לעבעדיק מאַכן, ער האָט אָבער די וואָס זיינען געזעסן אין תפיסה, אין שייכות מיט דער אַפערע, תיכף באַפרייט. יענער פּראָצעס וועט בלייבן אַן אייביקער פלעק אויף דער אַמעריקאַנער יוסטיץ.

יואל האָט מיט גרויס אויפמערק אויסגעהערט דעם דערציילטן עפּיזאָד פון דעם ניט ווייטן עבר, וואָס איז צו אים נישט געווען באַקאַנט און ער האָט אויסגעדרוקט אַ דאַנק צו מר. צינגלמאַן פאַר באַקענען אים מיט דעם אינטערעסאַנטן קאַפּיטל פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג.

— אַז איר זיינט שוין יאָ אַזאַ אויפמערקזאַמער צוהערער, פריינט יואל, לאָמיך אייך שוין באַקענען מיט נאָך אַ פּאָר אַספּעקטן פון אונדזער אַמעריקע, אויב איר האָט נאָך חשק צו הערן?

— אַדרבא, אַדרבא! — האָט יואל אים געמוטיקט — דערציילט, דערציילט.

— איר מיינט אַוודאי אַז נאָר יידן ווערן פאַרפאָלגט? ווען איר וועט שוין זיין אין לאַנד וועט איר אויסגעפינען וואָס פאַראַ אומגלייכהייט און דיסקרימינאַציעס עס איז דאָ פאַראַן קעגן די מינדערהייט־גרופּן און בעיקר קעגן די שוואַרצע. איר וועט הערן, פון צייט צו צייט, פון נעגער לינטשערייען; אין די דרום־שטאַטן טאָר אַ שוואַרצער ניט פאָרן אין דעם וואַגאָן פון ווייסע, און אויב אַ שוואַרצער האָט די חוצפּה צו שענקען אַ ליבן שמייכל צו אַ ווייסער פרוי, איז שוין גענוג סיבה אים צו „לינטשן", אויף אַ בוים אים אויפצוהענגען, און... אין דין ולא דין...

— און אַז מען לאָזט נישט אַריין קיין יידן אין געוויסע האָטעלן, האָט איר געהערט? און אין געוויסע אינדוסטריעס און פאַבריקן שטעלט מען נישט אָן קיין יידישע אַרבעטער, ווייסט איר? און אין געוויסע ענגלישע צייטונגען קאָנט איר אויך געפינען אין די מודעות: „פאַרלאַנגט אַרבעטער" — „דזשענטיילס אָנלי" — נאָר גוים זאָלן זיך מעלדן. און, אין אַ טייל אוניווערסיטעטן איז אפילו פאַראַן אַ נאָרמע פאַר יידן. יאָ, יאָ, מיין פריינט, שויך באַלד כמעט ווי ביי אייך אין פינצטערן רוסלאַנד...

— כ'וואָלט געקאָנט אייך ברענגען נאָך אַ צאָל אומגערעכטיקייטן און דיסקרימינאַציעס קעגן די מינדערהייט גרופּן אינם לאַנד פון די „פרייע און בראַווע" אָבער, איר וועט זיך אַליין איבערצייגן ווען איר וועט אַרויפטרעטן אויף דער אַמעריקאַנער ערד, און, בעיקר, אַז איר וועט נאָר וועלן לערנען און זיך באַקענען מיט דעם אמתן פּרצוף־פּנים פון אַמעריקע.

יואל איז געבליבן אַביסל אַ צעשרויפטער פון דער אומדערוואַר־טעטער אינוואַזיע אויף זיין אויסגעחלומט לאַנד פון פרייהייט און יושר. ער האָט אָבער געוואָלט וואָס מער וויסן און הערן טאַקע פון אַ דאָרטיקן,

װעלכער איז אַליין אויך אַן אַרבעטער און אַ סאָציאַליסט. האָט ער אים אַ פֿרעג געטאָן:

— איר האָט אַלץ דערציילט, מר. צינגלמאַן, די שאָטנדיקע זייט פון אַמעריקע, און וואָס עפעס מכוח די ליכטיקע מאָמענטן פון אָט־דעם נייעם לאַנד? מיר דאַכט, אַז דאָס אַליין וואָס מיליאָנען פאַרפאָלגטע און פאַרוואָגלטע געפינען דאָ אַ פרייען מקום מקלט, דאָס אַליין איז אַ גרויסע זאַך און אַ לויבנסווערטיקע דערגרייכונג...

— יאָ, מר. יואל, איר זיינט טיילוויז גערעכט מיט דעם פונקט. דאָס איז באמת דאָס גרעסטע פון אַמעריקעס פאַרדינסטן: פרייע איינ־וואַנדערונג פאַר אַלע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע. אָבער, לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז אַמעריקע האָט צו די אימיגראַנטן גאָרנישט דערלייגט. ווייסט איר, אַז די אימיגראַנטן האָבן אויפגעבויט אָט־דאָס גרויסע רייכע לאַנד? די איטאַליענער גראָבן דאָ די קאַנאַלן און די סאָבווייס; די פּאָליאַקן ליגן טיף אין די קוילן־מינען און ביי די אייזן־שמעלצערייען. און אונ־דזערע יידן, ווייסט איר דאָך, אַז זיי באַקליידן און באַהיטלען אַמעריקע. און וואָס האָבן זיי פון דעם? ווען זיי אַרבעטן איז נאָך אַ האַלבע צרה, טאָמער אָבער רוקט זיך אונטער אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד, און דאָס איז דאָ ניט קיין זעלטנקייט, האָט דער אַרבעטער ניט מער מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבן, און ער מוז דאַן אָנקומען צו די באַוואוסטע ברויט־רייען, „ברעד־ליינס", פאַר אַ שטיקל ברויט און קאַווע.

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך — האָט יואל אַ פרעג געטאָן דעם באַ־רעדעוודיקן צינגלמאַן — ווי איך פאַרשטיי זענט איר אַ סאָציאַליסטישער פירער, פאַרוואָס אָרגאַניזירט מען נישט די אַמעריקאַנער אַרבעטער, זיי זאָלן קענען אויסקעמפן פאַר זיך אַ בעסערן עקאָנאָמישן מצב?

— איר זייט גערעכט, מר. יואל! אַוודאי אָרגאַניזירן מיר די אַרבע־טער אין די יונאָנס. מיינט נישט אַז מיר שווייגן און זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט! די אַרבעטער פירער און די סאָציאַליסטן באַמיען זיך שוין גאָר שטאַרק, אַז ניט נאָר זאָלן די אַרבעטער קעמפן פאַר דער פאַרבעסע־רונג פון זייער עקאָנאָמישן מצב, נייערט אויך זוכן מיר זיי צו באַווירקן פּאָליטיש פאַר דעם איינפיר פון אַ סאָציאַליסטישן סדר פון לעבן בכלל...

די ים־כוואַליעס האָבן מיטאַמאָל זיך מוראַדיק צעשפּילט. דער שטורעם איבערן ים איז געוואָרן וואָס אַמאָל מוראַדיקער און האַפטיקער; גאַנצע פליאַכטעס, ווי וואַנט־כוואַליעס, האָבן משונהדיק און קרעפטיק אָנגעשלאָגן זיך אין די זייטן און אין בויך פון דער שיף מיט אַזאַ אימפעט

און שלאַג־כוח, אַז ס׳האָט די גרויסע מאָנסטער־שיף געוואָרפן ווי אַ מולטער אויף אַ שטורעמדיקן ים פון אַלע זייטן. די לאָמפּן און די לאַמ־טערנס האָבן זיך געוואָרפן הין און צוריק, ווי אַ פּערפּענדיקל פון אַ וואָג־זייגער און גענומען די טיקן און אויסלעשן. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געוואַקלט און געפאַלן פון די פיס ווי שיכורים; די פרויען זיינען געוואָרן היסטעריש; די קינדערלעך האָבן פאַר שרעק זיך צעוויינט און צעיאָמערט; אַלע האָבן זיך געשאַרט ביי די ווענט פון די קאָרידאָרן און קוים זיך דערשלעפּט צו זייערע נאַרעס, אין די ווינקלען, און אין שרעק און מורא מיט שווערע אַנגסטן געקרעכצט אויף זייער ביטערן גורל. דער שטורעם האָט אַזוי אָנגעהאַלטן און געמאַרודעוועט אַ פּאָר טעג און נעכט, און צוליב דעם היפּש פאַרלאַנגזאַמט די רייזע.

דער רוב פון די פּאַסאַזשירן זיינען געלעגן אויף די נאַרעס און מוראדיק געליטן פון דער אַזוי־גערופענער ים־קראַנקהייט, און ניט געקענט אַרויסקומען אין עס־צימער ווען דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען אין צייט פון די מאָלצייטן; ס׳האָט אַלעמען פּשוט פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט עפּעס צו עסן. . .

ווען דער שטורעם האָט אָנגעהויבן נאָכלאָזן, מ׳האָט זיך צעביסלעך צוגעוואוינט צו דער וואַקלעניש פון דער שיף, האָבן די יונגערע און שטאַרקערע אָנגעהויבן צוביסלעך אַראָפּקריכן פון די נאַרעס. אַ טייל זיינען אפילו אַרויף אויפן דעק פון שיף, אָפּצוכאַפּן אַביסל דעם אָטעם, אָפּפרישן זיך פון דער פאַרשטיקנדיקער, געזאַלצענער, צום חלשות שטינקענדיקער לופט פון אונטן.

די זון האָט זיך ווידער באַוויזן און האָט אין נאָענטער דיסטאַנץ זילבערדיק זיך געשפּיגלט אָן די וואַסער־כוואַליעס פון ים. דער כוואַ־ליעדיקער וואַסער־שפּיגל איז געווען ווי אַ שיינענדיקער ליכט־זייל פאַראויס, נאָך וועלכן ד ישיף האָט זיך ווי נאָכגעיאָגט.

— וואָס זאָגט איר נישט, ווי דער בייזער ים־שטורעם האָט זיך עס צעשפּילט אַביסל! — האָט אָפּגערופן זיך אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, צווישן אַ געזעמל פון פרויען אויפן דעק, וועלכע זיינען געשטאַנען איינ־געוויקלט אין שאַלן און איבערדערציילט איינע פאַר די אַנדערע זייערע מוראדיקע שרעק־איבערלעבונגען פון די לעצטע פּאָר מעת־לעת.

— וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, ווי ס׳האָט מיט מיר געוואָרפן, ווי אין אַ קדחת ר״ל, און אין בויך האָט געדרייט סכנות נפשות! הערט איר, ווען כ׳וויס נישט אַז „כ׳בין מיט זיך זיכער״... וואָלט איך אַנדערש

ניט געדענקט, נאָר אַז כ׳גיי צו קינד — האָט זיך אָפּגערופן נאָך אַ גאַנץ יונגע פרוי, וואָס אויף איר פנים און געשטאַלט האָט זי אויסגעזען ווי אַ יונג מיידל.

— פון וואַנען ווייסטו עס די אַנגסטן און ווייען פון „גיין צו קינד״?

— האָט זיך אָפּגערופן אַביסל אַן עלטערע פרוי פון געזעמל — ביסט, דאַכט מיר, נאָך אַליין אַ קינד!...

די אַרומשטייענדיקע פרויען ביים געזעמל האָבן זיך ברייטלעך צעשמייכלט אויף דער לעצטערס שאַרפע באַמערקונג און האָבן, ווי מיט חשד, אָפּגעמאָסטן דער יונג־פרוי פון קאָפּ ביז די קנעכל...

יואל איז געשטאַנען אויפן דעק אַריינגעטומען אין מאַנטל; אַרום האַלדז אַ קאַלירט וואַרעם שאַליקל, אויפן קאָפּ אַ שוואַרץ „בערעטל״. ס׳האָט אים געגעבן דעם אָנזען פון אַ פּאַריזער, אַ מאַלער, אָדער סתם „אַן עפּעס״... נעבן אים איז געשטאַנען זיין ניי־באַקאַנטער יידיש־אַמעריקאַנער פריינט, מר. ציגלמאַן, און זיי האָבן אויך געשמועסט צווישן זיך וועגן דער שיער־ניט ים־קאַטאַסטראָפע, וואָס זיי האָבן אַלע איבערגעלעבט צוליב אָט־דעם פּלוצלינגן שרעקלעכן ים־שטורעם.

— הערט איר, פריינט יואל, כ׳בין געלעגן די גאַנצע צייט פון דעם שטורעם ווי אין אַן היגערפּלעט — האָט ציגלמאַן זיך פאַר אים באַקלאָגט — עפּעס אַזעלכע מאָדנע משונהדיקע חלומות האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אָן אַן אויפהער, איינער ווילדער און משונהדיקער פון אַנדערן. אָבער מער פון אַלץ האָט זיך מיר געחלומט.

— די שיף גייט אונטער. די פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעהויבן זיך יאָגן און שפּרינגען איינע איבער די אַנדערע אויף געהרגעט צו ווערן. יעדער איינער האָט געזוכט, קודם כל, זיך צו ראַטעווען און ניט אין זינען געהאַט זיין שכן. די מאַנשאַפט האָט מיט געוואַלד איינגעהאַלטן די צעווילדעוועטע, די היסטערישע. צוערשט האָט מען געזוכט צו ראַטעווען די מאַמעס מיט די קליינע קינדער, דערנאָך די זקנים און זקנות, און ערשט נאָכדעם האָט מען זיך אויך אויף מיר מרחם געווען און צוגעלאָזט צו אַ רעטונג־שיפל און אַ שווים־גאַרטל. יאָ, כ׳האָב בשעתו שטאַרק באַדויערט דעם ביטערן גורל פון מיין ווייב און קינד. יאָ, אין מיין לעטאַרגיע האָב איך זיך שוין געזען ווי מיט מיר איז קאַפּוט, נאָך אַלעמען...

— וואָס, איר זיינט פאַרהייראַט, מר. ציגלמאַן? — האָט יואל, אַביסל פאַרוואונדערט, אים אַ פרעג געטאָן.

— וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי? וועלכער ייד האָט עס נישט קיין

ווייב און קינדער? אַ מענטש קען ניט זיין אַליין ווי אַ שטיין, לעבן פאַר זיך בלויז. כ׳גלויב אין פאַמיליען־לעבן, אין דערציאונג פון קינדער, אין פאַרפלאַנצן אַ דור וואָס זאָל ממשיך זיין מיינע אידעאַלן... כ׳בין איבערראַשט אייך צו זען פאַרוואונדערט!...

— ניין, פריינט צינגלמאַן, כ׳וואונדער מיך ניט וועגן דעם ענין סתם פאַמיליען־לעבן! כ׳האָב נאָר געספקט אַביסל וועגן אייך. עפּעס האָב איך נישט געטראַכט וועגן אייך ווי פון אַ פאַרהייראַטן פאַמיליען מאַן, ווי פון אַ פאַרבונדענעם . . .

— טאַקע ? אינטערעסאַנט ! — האָט צינגלמאַן מיט אַן הנאה־שמייכל זיך אָפּגערופן.

— וואָס מאַכט אייך אַזוי צו דענקען, פריינט יואל? זע איך טאַקע אויס אַזוי יונג בחוריש, וואָס?...

— ניין, ניט דווקא אַזוי יונג, נאָר אַזוי האָב איך געהאַט דעם איינדרוק די גאַנצע צייט זינט מיר האָבן זיך דאָ באַגעגנט. באַמערקט האָב איך, אַז איר בחורט זיך עפּעס די גאַנצע צייט; כ׳האָב אייך נאָכגעפּאָלגט אַביסל, ניט שפּיאָנירט חלילה ! כ׳האָב פּשוט געוואָלט אייך אַנאַליזירן אַביסל פון אַ דיסטאַנץ, ווען איר זיינט אַליין אַן מיר. כ׳האָב געוואָלט זיך דערגרונטעווען וואָס פאַר אַ מענטש איר זיינט, חוץ סאָציאַליסט. כ׳האָף איר וועט מיר מוחל זיין פאַר מיינע געוואַגטע אָפענע רייד מיט אייך. אַזאַ טבע האָב איך שוין: כ׳גריבל זיך אין מיין אייגענער נשמה, חקירה מיט זיך אַליין, וועגן מיינע אייגענע האַנדלונגען; וואַרף זיך אָפּט אַליין פאַר מיינע אייגענע קאָמפּלעקסן. און, מיט מענטשן וועלכע איך באַקען זיך צופעליק אָדער אינטים, וועל איך זיי, פאַר מיין אייגענער שטודיע, דורך זייערע נטיות, באַוועגונגען און אויפפירונגען, מער־ווייניק לערנען און דערקענען...

— אַזוי, למשל, האָב איך באַמערקט אייערע פאַרחלומטע מיט בענקשאַפט בליקן, וואָס איר שענקט אַזוי גערן און דורכדרינגלעך יעדע יונג־פרוי וואָס קומט אייך אַנטקעגן. אייער גאַלאַנטער פלירט און ליבע־בליק זיינען מער אַטריביוטן און מידות פון איינעם וואָס איז שטאַרק אויסגעהונגערט נאָך אַביסעלע פרויען־צערטלעכקייט און ליבע... ס׳קאָן זיין אַז איך מאַך אַ טעות, ס׳איז אָבער אַן אַבסאָלוטער טרואיזם, אַז אַט־די פלירט־אייגנשאַפט און די תמיד׳דיקע בענקעניש נאָך דער פרעמד־פרוי ווערט אויך אַ קאָמפּלעקס אפילו ביי דעם ראָמאַנטיש פאַרהייראַטן מאַנסביל, אויב... ער געפינט נישט די פרייד פון זיין ליבע־גליק אין זיין

אייגענער גֶעסט... נאָכאַמאָל, זייט מיר מוחל, פריינט ציגלמאַן, פֿאַר מיינע אפשר צו געוואָגטע דיבורים...

— ניין, ניין, פריינט יואל, אדרבא ואדרבא! מיר געפעלט דווקא יאָ אייערע אָפנהאַרציקע און פרייע מיינונגען. זעלטן ווען מיר קומט אויס צו שמועסן מכוח אַזעלכע אינטימע ענינים. איר ווייסט דאָך, מ׳איז שטענדיק פֿאַרנומען מיט דאגות פרנסה און יעדע פרייע מינוט, מיט „ראַטעווען די מענטשהייט”, און זעלטן מיט זיך און פֿאַר זיך...

— כ׳האָב באמת הנאה צו שמועסן מיט אייך, און איך מוז אייך אויך קאָמפּלימענטירן פֿאַר אייער גראַדן שכל, און בעיקר אייער דער־פֿאַרונג אין לעבן איז עפּעס מער ווי פון איינעם אין אייער עלטער און יוגנטלעכקייט. באמת אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט! און ווייסט איר וואָס נאָך כ׳וועל אייך זאָגן, פריינט יואל, איר זיינט, ווי מ׳זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע: „אַ באָי פון די באָיעס.” גאַנץ פשוט, פריינט יואל, איר זייט פון מיינע מענטשן!...

— כ׳ווייס נישט — האָט יואל אים געענטפערט — ס׳קאָן זיין אַז כ׳בין עס יאָ, ווי איר זאָגט, פון „אייערע”, ס׳קאָן אָבער אויך זיין, אַז ניט. מיר זיינען נאָך לעת־עתה ניט אַזוי אינטים באַקאַנט, איך זאָל עס קאָנען זאָגן מיט באַשטימטער זיכערקייט, אַז איך טייל שוין אייערע מיינונגען גאָר אינגאַנצן. דאָס וואָס איך האָב וועגן אייך געזאָגט איז בלויז באַמערקונגען, אויבערפלעכלעכע איינדרוקן, וואָס מיין אויג האָט אויפגעכאַפּט. ס׳קאָן אויך מעגלעך זיין אַז איך מאַך אַ טעות, און אויך איר קאָנט מאַכן אַ טעות אין מיר...

— ניין, איך מאַך נישט קיין טעות. איר זייט גערעכט אין אייער אָבזערוואַציע. און וואָס שייך מכוח דעם אַנאַליז וואָס איר האָט געמאַכט איבער מיר, אין שייכות מיט מיין באַזונדער אויפמערק צו פרויען, וועט איר ערשט דאָ, אין דער ציוויליזירטער, פרייער און אפילו פּוריטאַנער אַמעריקע, קענען געפינען אַ סך לעבעדיקע מוסטערן פֿאַר אייער ווייטערן און טיפערן אַנאַליז פון אייער, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, ליבלינג טעאָריע... דאָ וועט איר ערשט אויסגעפינען, אַז מ׳קאָן זיין פֿאַרהייראַט, האָבן אפילו קינדער, פירן „פֿאַר לייטן” אַ גראַדן אָנגענומענעם פֿאַמיליען שטייגער לעבן, און דאָך... זאָל דער געזעצלעכער מאַן זוכן אַביסל פרויען צערטלעכקייט און ליבע־גליק ערגעץ אַנדערשוואו, ביי אַן אַנדער פרוי, וואָס איז אויך געזעצלעך פֿאַרבונדן... דאָס איז אַזוי געוויינלעך ביי דעם מאָדערנעם ציוויליזירטן מענטשן פון אונדזער תקופה. אַוודאי

זיינען פאַראַן כלערליי גרינטלעכע סיבות פאַר אַזעלכע האַנדלונגען, וואָס איז קעגן דער אָנגענומענער מאָראַל און קאָדעקס אין אונדזער געזעל־שאַפט... אָבער אַזעלכע דערשיינונגען זיינען אַזוי שווער צו פאַרמיידן אָדער צוימען, ווי ס'איז שווער צו צוקומען דאָס לעבן זעלבסט...

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, פריינט יואל? איר געפעלט מיר זייער. אַזאַ איינער ווי איר טאָר נישט פאַרלאָרן גיין אין דעם גרויסן תהום פון אַמעריקאַנער „שמעלץ־טאָפּ". איר מיט אייער אַרט דענקען און כוח אויפצונעמען זאַכן און דערשיינונגען, דאַרף זיך דערשלאָגן צו עפּעס מער ווי צו זיין אַ פּשוטער אַרבעטער! איר דאַרפט קודם כל זען מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסצולערנען גוט די שפּראַך פון לאַנד, באַקומען אַ העכערע בילדונג, אויסשטודירן אויף דאָקטאָר, אַדוואָקאַט אָדער אַן אַנדער אינטעליגענטע פּראָפעסיע. אַזעלכער ווי איר, מיט אייער כוח הדיבור און פּערזענלעכקייט, קאָן זיך דערהויבן אויף דעם לייטער פון דערפאָלג, און דאָס וועט אייך גאַראַנטירט שאַטן צו בלייבן אַ גוטער סאָצי־אַליסט און זיך שטאַרק נוצלעך מאַכן פאַר אונדזער אידעאַל און באַוועגונג.

— אַ דאַנק, פריינט צינגלמאַן, פאַר אייער גוטער מיינונג וועגן מיר, אָבער מכוח דעם ענין פון לערנען זיך פאַר דאָקטאָר אָדער אַן אַנדער פּראָפעסיע, דוכט מיר, אַז ס'איז ניט אַזוי איינפאַך און פּשוט. אויף וויפיל איך האָב געהערט, פאַרשטיי איך, אַז אפילו ביי אייך אין אַמעריקע מוז מען אויך האָבן מאַטעריעלע מיטלען פאַר דעם, כדי דאָס צו דערגרייכן, ניט אמת?

— יאָ, דאָס איז טאַקע אמת, אָבער אויך צו דעם גיט מען זיך אַן עצה! אַז מען וויל שטאַרק דערגרייכן אַ ציל געפינט מען אויך דעם וועג און מיטל פאַר דעם. לאָמיר אייך אויפקלערן מיט עפּעס, אפשר וועט עס אייך שפּעטער צונוץ קומען: ווען איר וועט אַרויפקומען אויף דער יידישער איסט בראָדוויי, גרענד עוועניו, אָדער אין דער יידישער ברוקלין, וועט איר זען אַ היפּשע צאָל מעשענע געפּאָלישטע פלאַקן־ברעטלעך, מיט די נעמען פון יידישע דערפאָלגרייכע דאָקטוירים. טייל האָבן אַ דאַנק כלות אָדער וויבלעך, זייערע קאַריערעס דערגרייכט. איר פרעגט, ווי אַזוי? גאַנץ פּשוט: די כלות אָדער די ווייבלעך זייערע זיינען פאַרשוואַרצט געוואָרן אין די שעפּער, שווער געאַרבעט, געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, כדי דער חתן אָדער דער מאַן זאָל ביכולת זיין אויסצושטודירן אויף דאָקטאָר. איר פאַרשטייט דאָך, אַז דער מאַן איז דאָקטאָר, איז די ווייב די דאָקטאָרשע, און פאַר אַזאַ טיטל האָבן ניט וויניק ווייבלעך און

מיידלעך אָפּגעפּראַצעוועט אַ שטיק פון זייער יוגנט כדי צו דערגרייכן אַט־דעם האָפענונגספולן ציל...

— זאָגט־זשע מיר, פריינט צינגלמאַן, זיינען די דאָזיקע היירעַטן, פון די אַזויגערופענע דערגרייכטע דאָקטאר־דיפּלאָמעס, טאַקע שלימות־דיק, דערפאָלגרייך?...

— ניט כסדר, פריינט יואל, טייל פילן זיך מאָראַליש פאַרפליכטעט צו זייערע פרויען, וועלכע האָבן אַ שטיק פון זייער לעבן אָפּגעגעבן צוליב זיי. אויב איינער אַזעלכער איז אַן אידעלער מענטש, מיט אַ צאַרטע נאַטור און געוויסן, און קאָן נישט צוזען דעם צער פון דער פרוי, וועלכע האָט צוליב אים פאַרלאָרן איר יוגנטלעכקייט, איר צויבער, שווער אַר־בעטנדיק צוליב אים, וועט אַזעלכער בלי ברירה זיך עלטערן מיט איר, מעג ער אפילו ניט האָבן צו איר דעם שטאַרקן ליבע באַגער... אָפט מאָל לעבן אַזעלכע דורך שטילע טראַגעדיעס... דער פועל־יוצא איז: זוכט אַזעלכער אַביסל ליבע־גליק אינם שויס פון אַ געליבטער, און דאָס איז ניט נאָר אַן איינצעלנער פאַל, נייערט צענדליקע און צענדליקע פאַלן און דערשיינונגען אַזעלכע אויף איין אָדער אַנדערן אופן... דאָס וואָס איך דערצייל אייך, פריינט יואל, איז נישט סתם אַן אויסגעטראַכטע מעשה; וויסן זאָלט איר, פריינט יואל, אַז עס רעדט צו אייך אַ מענטש פון איבערגעלעבטע דערפאַרונגען...

יואל האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם לעצטנס באַמערקונגען. אים איז אין דעם מאָמענט אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען און, אַז זיין טעאָריע וועגן דער צביעות־דיקייט פון דער „הייליקער היירעַט”, האָט ער געטראַכט, איז מער אין איינקלאַנג מיט דעם אמת; און אַז די אַזויגערופענע מאָנאָגאַמיע, און די געזעצמעסיקייט און פאָרם פון אונדזער שטייגער לעבן אין דער איצטי־קער ציוויליזאַציע איז — באַנקראָט . . .

דער גלאָק האָט זיך מיט אַמאָל צעקלונגען רופנדיק צום מאָלצייט. די פּאַסאַזשירן, אויסגעהונגערט אַביסל נאָך דער שווערער ים־קראַנקייט פון דעם לעצטן שטורעם, האָבן איצט זיך אַ לאָז געטאָן אַרונטער פון דעק צום עס־זאַל. דער מאָלצייט איז דעם מאָל באַשטאַנען פון מאַרינירטע פיש, בולבעס מיט סמעטענע און טיי מיט קוכן.

די שיף האָט נאָך די צוויי שטורעמדיקע מעת־לעתן זיך פאַרמאָסטן איצט אָפּצוכאַפּן די פאַרלאַנגזאַמקייט פון דער צייט, און האָט איצט ריט־מיש און אין שאַרפן געאייל געשניטן די שטיל־געוואָרענע ים־כוואַליעס.

די פּאַסאַזשירן האָבן שוין איצט גענומען זיך גרייטן צו דער דער־נעענטערונג פונעם לאַנד פון זייערע האָפענונגען. אַ טאָג פאַר דעם אָנקומען צום ניו־יאָרקער האַפן, זיינען די פּאַסאַזשירן באַהערשט געוואָרן פון אַן אומרו און פון אַ פריידיק געפיל: אָט־אָט, נאָך איין טאָג און זיי וועלן באַטרעטן באָדן — די ערד פון דעם נייעם לאַנד. און, ווען די ערשטע ים־פייגל און „סי־גאַלס" האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַרום דער שיף, זיינען שוין אַלע געווען איבערצייגט אַז די שעה'ען פון זייער ים־רייזע זיינען שוין געציילטע.

אין אָוונט האָט די שיף זיך דערנעענט צום האַפן פון „קעסל־גאַרדן". די פרייהייט־סטאַטוע, ווי אַ ליכט־טורעם אויף דעם אינדזל, האָט געוואָרפן איר ליכט־שיין, ווי אַ באַגריסונגס אויפנאַמע צו דער אָנקומענדיקער שיף מיט פרישע, נייע אימיגראַנטן.

פון וויטנס האָט זיך אויך באַוויזן אַ ריי מיט בלענדנדיקע ליכטער פון די ניו־יאָרקער טורעמדיקע הימל־קראַצער. זייערע ליכטער האָבן באַהעלט דעם טונקל פאַרנעפּלטן הימל מיט אַ בלאַסן שיין, וואָס האָט ווי אַ מילך־וועג באַגלייט די גרויסע שטאָט ניו־יאָרק.

ס'איז געווען די לעצע נאַכט אויף דער שיף. דאָס רוב עמיגראַנטן זיינען די נאַכט כמעט ווי נישט געשלאָפן: אָט, דאַכט זיך, ביים סוף פון דיין דערגרייכטן ברעג, און דאָך איז מען נישט פריי אַראָפּצוגיין...

אין פרימאָרגן האָט מען שוין אָנגעהויבן אויסשרייבן די אימיגראַנטן: יעדער האָט באַוויזן די קליינע נויטיקע סומע, ניט ווייניקער פון פינף דאָלער, אין זיין אָדער איר באַזיץ און, די באַטרעטונג אויף דעם אַמערי־קאַנעם באָדן איז געווען פאַר זיי פריי.

אויף די מערסטע האָבן שוין געוואַרט פריינט, קרובים אָדער משפּחה און מען האָט זיי גענומען אונטער זייער השגחה.

אויך יואלס ברודער, צבי פּינחס, האָט שוין אויף אים געוואַרט. ביידע האָבן זיך ברודערלעך אַרומגענומען און וואַרעם זיך צעקושט.

שוין ביים פאַרלאָזן דעם האַפן איז מיטאַמאָל לעבן יואלן אויסגעוואַקסן דער מר. ציגעלמאַן:

— פאַרגעסט נישט, פריינט יואל, ביי אייער ערשטער געלעגנהייט אַריינצוקומען אין אונדזער סאָציאַליסטישן אַרבעטער קלוב, אויף איסט בראָדוויי. מיר דאַרפן דאָ אין דעם לאַנד, אַזעלכע באַוואוסטזיניקע, יידיש סאָציאַליסטישע יונגע לייט ווי איר, אין אונדזערע רייען.

קומט אַריין, למען השם, פאַרגעסט ניט!...

# סיימאָן סאַפּיר

## "A SELF MADE MAN"

סיימאָנ'ס קינדהייט, זיין היים און שטוב־אַטמאָספּערע, איז ניט געווען קיין גאָר אידעאַלע. ער איז ניט געקומען אויף דער רשעות'דיקער וועלט אין אַ „זיידן העמדעלע.” געבוירן ביי אָרעמע עלטערן; די מאַמע: אַ קראַנקע, און דער טאַטע זיינער — תמיד אַ בייזער, אָן אַ פונק פון טאַטעשן נאָענטן אויפמערק, ווי עס טרעפט אין היימען וואו עס הערשט ניט קיין שלום בית. צום ייִנגל'ס אומגליק איז אים די מאַמע זיינע, פון גרויס עגמת־נפש און אָפטער קראַנקהייט, געשטאָרבן, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט. איז ער געבליבן כמעט ווי אַ קיילעכדיקער יתום, אָן די ליבע פון אַ צערטלעכער מוטער, נאָר מיט אַ טאַטן, אַ ייד אַ מרוק, אַ בעל־כעסן, אָן אַ גראַפּיל פון אַחריות, וועלכער האָט מער אין זינען געהאַט אַזאַרט־שפּילן אין „פערדלעך” ווי זיין בן־יחידל דעם יתום. איז ער טאַקע לאַנג נישט געבליבן קיין אַלמן. אַ קאָרג יאָר נאָך דער ווייבס פּטירה, האָט ער אָפּגעזוכט אַן עלטערע מיידל פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיק, מיט אַ צענדליק יאָר ייִנגער פון אים, און האָט חתונה געהאַט.

בערל סאַפּיר, סיימאָנ'ס פאָטער, האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג; אַ ווינט־מענטש; האָט געהאַט גרויסע השגות און ווייניק פּרנסה. אָבער דער נייער ווייב זיינער האָט ער צוגעזאָגט כלערליי גליקן; זיך באַרימט פאַר איר, אַז ער איז אַ גרויסער פאַרדינער. האָט זי מסכים געווען צום שידוך און אויך מושווה געווען צו האַלטן דאָס ייִנגל אין שטוב. אַז פון די אַלע שיינע הבטחות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, איז די ווייב זיינע תמיד אַרומגעגאַנגען אַן אומצופרידענע און האָט מיט דעם טאַטן זיינעם זיך רק אַרומגעקריגט, און פלעגט אים אָפט פאָרוואַרפן, אַז ער האָט זי מיאוס אָפּגענאַרט:

— האָסט פאַר מיר זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ פאַרמעגלעכער, אַ גרויסער פאַרדינער, ס'וועט מיר קיין זאַך ביי דיר נישט פעלן; לסוף ווער איך אויסגעריסן; האָסט קיינמאָל ניט געגוג אויף דער הויז־הוצאה; אין צוגאָב דאַרף איך נאָך געבן עסן דעם ממזר דיינעם! — האָט זי אים, דעם ייִנגל, ממש ניט פאַרגונען דעם ביסן אין מויל.

— אַן אומזיסטיקער פּרעסער אין שטוב! — האָט זי ביי יעדער געלעגנהייט אויף אים געגוואַלדעוועט: — גיי אין גאַס עפּעס פאַרדינען! וועסט נאָך אויסוואַקסן אַזאַ גאַרבישט, אַזאַ „באָם“ און פּויליאַק, ווי דער טאַטע דיינער! ביי לייטן אַ יינגל ברענגט שוין אַריין עפּעס אין שטוב צושטייער אויף דער הוצאה!...

ווען די שטיף־מאַמע זיינע האָט שוין געבוירן אַן אייגנס, איז דעם יינגלס אָרט אין שטוב נאָך ערגער געוואָרן, און געמוזט נאָך טאָן כלערליי הויז־אַרבעטן און שליחותן...

איינמאָל איז דער צען־יאָריקער סיימאָן אַהיים געקומען פון „סקול“ און זיך גענומען אויסמייסטרעווען אַ „שוך־קעסטל“. האָט איינגעקויפט ברוינעם און שוואַרצן „שו־וואַקס“, אַ פּאָר בערשטלעך און לייוונטענע „פּאַליישערס“ און האָט נאָך סקול־צייט אָוועקגעשטעלט זיך ביים ראָג נעבן דער יידישער מעקאַליסטער גאַס אין סאַן פראַנציסקאָ, און איז געוואָרן אַ „פּאָלנער“ שוך־פּוצער. די דורכגייער פאַרביי אים האָט ער נאָכגערופן: „שיין, מיסטער“? „בייס שיין“!...

ער האָט אויף גיך „אויפגעכאַפּט דעם שניט“ ווי און וויאַזוי דאָס צו טאָן, און איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ „פאַרדינער“. די קליינע פאַרדינסטן זיינע פלעגט ער ברענגען אַהיים און אָוועקגעגעבן דער שטיף־מאַמע זיינער, וועט זי אים אפשר אויפהערן יאָדען און מאַטערן...

סיימאָן, אַ קלוג און ספּריטנער בחורל, האָט זיך צוגעקוקט צו די אַנדערע חברים פאַרדינער אין דער גאַס; האָט ער דערנאָך אויפגעגעבן דאָס שוך־פּוצעריי און זיך גענומען פאַרקויפן צייטונגען אין די פאַרנאַכטן און אויך טאָן אַנדערע שליחותן אַרום די יידישע געוועלבן. די גאַס איז געוואָרן זיין שולע פון לעבן. דאָרטן האָט ער געלערנט אַז דאָס לעבן, פּאָר אַזעלכע ווי ער איז איין שווערער און טאָג־טעגלעכער געיעג צו פאַרדינען אויף דאָס בידנע שטיקל עקזיסטענץ...

צו סיימאָנ׳ס זעכצענטן געבוירנטאָג, הגם ער האָט געהאַט כלערליי מכשולים און שוועריקייטן אין דער היים, האָט ער דאָך פאַרענדיקט די הויך־שול. כאָטש ער האָט געהאַט דעם ווילן און תשוקה ממשיך צו זיין דאָס לערנען, האָט ער אָבער ניט געהאַט די מיטלען און אויך ניט די דערמוטיקונג, ניט פון טאַטן זיינעם און אויך ניט פון זיין שטיפמאַמען. האָט ער איינמאָל אָנגעשלאָסן זיך אָן אַ גרופּע יונגע בחורים, ווי ער, הויך־שול חברים, וועלכע זיינען וואַרבירט געוואָרן פון אַן ענגלישער צייטונגס־אַגענטור, אַרומצופאָרן מיט אַן עלטערן פון זיי, אַ „סופּער“־

פאַרוואַלטער, צווישן די פאַרמערס און די ישובים פון צפון און דרום קאַליפאָרניע, צו סאָליסיטירן אַבאָנימענטן פאַר אַ פּאָפּולערן זשורנאַל.

די גרופּע יונגע בחורים האָבן גיך זיך אויסגעלערנט דעם פּיזמון: „היות מיר זאַמלען אַבאָנימענטן אויף דעם „מעגעזין" בכדי צו באַקומען אַ פּרעמיע פון „סקאָלערשיפּ" אויף אַריינצוקומען אין „קאָלעדזש", בכן, בעטן מיר אייך, גוטע מענטשן, זיך אַבאָנירן אויף אָט־דעם אינטערעסאַנטן מעגעזין, וועלן מיר דורך דעם קענען מעגלעך מאַכן אונדזער ווילן צו לערנען"...

טייל פון די פאַרמערס פלעגן זיך אַבאָנירן אויס רחמנות צו די פיינע יונגעלייט, וועלכע ווילן זיך לערנען נאָר האָבן ניט קיין אַנדער וועג און מיטל ווי דאָס צו רעאַליזירן...

סיימאָן האָט זיך מיט דעם באַשעפטיקט עטלעכע זומערן. ער האָט אַרויסגעוויזן אויף דעם געביט פון „סיילסמאַנשיפּ" אַ גאָר באַזונדערע פעאיקייט; אַזוי אַז דער „סופּער"-פאַרוואַלטער פון דער אַגענטור האָט אים איבערגעגעבן אַ פרישע גרופּע יונגלעכע „איינצוברעכן" זיי אין אָט־דער אַרבעט פון זאַמלען סובסקריפּציעס פאַר דעם פּאָפּולערן זשורנאַל.

במשך פון עטלעכע זומערן באַשעפטיקונג מיט דער אַרבעט אַרום די פאַרם־ראַיאָנען פון קאַליפאָרניע ביז אָרעגאָן, האָט סיימאָן גאַנץ ניש־קשהדיק פאַרדינט, סיי פון די „קאָמישאַנס" און סיי פון עקסטרע „באָנו־סעס", פאַר זיינע אויסצייכענונגען אויף דעם פעלד. אין דער צווישנ־צייט פון איין זמן און אַנדערן, האָט די אַגענטור אים שוין אויך געהאַלטן באַשעפטיקט אַרום דעם זשורנאַל־פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. ער איז געוואָרן גוט דערפאַרן אַרום דעם געביט און גאַנץ גוט פאַרדינט. אָבער, דאָס איז ניט געווען סיימאָנ'ס אַמביציע און ציל פאַר זיין צוקונפט... אַרומפאָרנדיק צווישן די פאַרמערס האָט ער זיך שטאַרק פאַראינטערע־סירט מיט דעם מצב פון די פאַרמס און זייער אַרט לעבן.

סיימאָן, הגם אַליין אַן אויפגעצויגענער אין דער גרויסשטאָט, האָט אים דאָס שטיל, רואיק, אידיליש לעבן פון די דאָרפס־מענטשן, אויף אייגענער ערד, מיט אייגענע נחלות, מער אימפּאָנירט ווי דאָס שטאָטישע יאָגעניש און האַרבעדיקע קאָנקורענץ. ער האָט געזען, אַז ווער ס'איז דאָרטן מער איינגעפונדעוועט, ווער וויניקער, אָבער דאָס רוב פון זיי, אפילו מיט אַ מינימום אַמביציע, פילן פאַר זיך אַ זיכערקייט מיט דעם מאָרגן; אַ סך זיכערער און רואיקער פון דעם שטאָטישן אַרבעטער און קרע־מער, וועלכער איז אין שטענדיקן געיעג נאָך דעם זיכערן „שטיקל ברויט."

במשך אַ לענגערע צייט האָט דער געדאַנק אים באַוועלטיקט: די מחשבה, אַז זיין צוקונפט וואָלט ער וועלן בויען ביי דער נאַטור, ציען זיין יניקה פון דער מאַמע־ערד, איז געוואָרן ביי אים אַן איינגעשטעלטע פיקס־אידייע. אָט־דער געפיל האָט ביי אים געטליעט, ווי אַ צעפלעמל־טער פונק, וואָס האָט זיך שוין ניט געלאָזט אויסלעשן....

סיימאָן איז געקומען צו דער מסקנא, אַז זיין צוקונפט וועט ער בויען אויף דעם יסוד פון ערד־באַאַרבעטונג, אויף אַן אייגענער פאַרם־ווירטשאַפט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער נאָכגעפרעגט זיך וועגן דעם ענין, איינגעזאַפּט אין זיך יעדע פּראַקטישע אינפאָרמאַציע און ידיעות בשייכות מיט דעם. אָבער — איך וועל זיך ניט נעמען צו פאַר־מעריי — האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט — אָן דער געהעריקער צוגרייטונג, הן וויסנשאַפטלעך והן מאַטעריעל. איידער כ'וועל דעצידירן אַזאַ אונטערנעמונג אָנצוהייבן, וועל איך קודם כל גרינדלעך דערלערנען דעם אַגראַר־וויסנשאַפטלעכן ענין און אַלע זיינע אַספּעקטן.

רשית כל, האָט ער פאַר זיך אויסגעלייגט אַ פּראָגראַם, ווען און ווי אַזוי וועט ער זיין חלום קענען רעאַליזירן.

— כ'וועל פריער אויפנעמען אַן אַגראַר קורס אין דעם אַגריקולטור קאָלעדזש אין בערקעלי. און אַז כ'וועל פאָלקאָם פאַרענדיקן דעם קורס, און וויסן געענוי וואָס איך וויל און ווי אַזוי צוטרעטן צו דעם, וועל איך ערשט דאַן אויפזוכן פאַר זיך אַ שטיק לאַנד; זיך „סעטלען" אויף אייגענעם באָדן, חתונה האָבן פאַר אַזאַ מיידל וואָס זאָל מרוצה זיין אַרויסצוקומען אויפן לאַנד און אויסבויען פאַר אונדז אַ רואיקע און זיכערע נעסט, און פירן דאַן אַ סאָליד באַלעבאַטיש לעבן, ווי די אומצייליקע פרייע, גליקלעכע ווירטשאַפטלער, וואָס כ'האָב אויף מיינע וועגן צווישן זיי אָפּט באַגעגנט.

במשך די עטלעכע יאָר פון זיין באַשעפטיקונג ביי דער צייטונגס אַגענטור, האָט ער אָפּגעשפּאָרט עטלעכע הונדערט דאָלער. שפּאָרזאַם איז ער געווען פון קינדווייז אָן, און געוואוסט האָט ער זייער גוט די ווערט פון דאָלער. אין ד ע ר געזעלשאַפט, האָט ער געלערנט, איז דער דאָלער דער הויפּט יסוד פון דעם יחיד'ס עקזיסטענץ...

„אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט" — גייט דאָס ווערטל...

מיטאַמאָל! אומגעריכט און אומדערוואַרטעט — „פּ ו י ר ל ה אַ ר־ב אָ ר! דער פאַררעטערישער, מערדערלעכער איבערפאַל פון יאַפּאַן אויף אַמעריקע!

דאָס גאַנצע לאַנד איז דערשיטערט און אויפגערודערט געוואָרן פון

דער קאַטאַסטראָפע: יעדער איינער, יונג און אַלט, איז גרייט געווען צו שטעלן זיך אין דינסט פון לאַנד. אַמעריקע האָט תיכף אָנגעהויבן מאָביליזירן אַלע אירע מיליטערישע און אינדוסטריעלע כוחות. סיימאָן, אַנשטאָט וואַרטן רעקרוטירט צו ווערן, האָט ער פריוויליק זיך אָנגעשלאָסן אין דער יו. עס. אַרמיי.

נאָך עטלעכע חדשים פון האַרבער מושטירונג, איז ער אָפּגעשיקט געוואָר'ן מיט אַ קאָנטיגענט, פריער קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד, דערנאָך צום פראָנט. צו זיין גליק איז סיימאָן, צוליב זיין באַשעפטיקונג אין דער היים ביי אַ פרעס אַגענטור, האָט מען אים אָנגעשטעלט אין דער פרעס און אינפאָרמאַציע דעפּאַרטמענט. הגם דער אָפּטייל איז אויך מיט געגאַנגען אַרום די שלאַכטן, האָט ער אָבער קיין דירעקטן אנטייל אין זיי ניט גענומען. ער האָט אָבער געגוג אָנגעזען זיך מיט כלערליי אומגליקן און רשעותן, מענטשלעכער דעגראַדירונג, בלוט פאַרגיסונג, מאָרדן, קראַנקהייטן און חולאתן, וואָס מלחמה ברענגט מיט זיך. ניט איינמאָל האָט ער שטיל געטראָגן אויף זיינע ליפּן אַ פלוך אויף דעם שרעקלעכן מאָנסטער און מלחמה משחית — אומברענגער פון דער מענטשהייט ! . . .

ענדלעך איז דער פון אַלעמען געגאַרטער סוף צו דער מלחמה געקומען. די וועלט האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און די באַטייליקטע אין איר אַוודאי און אַוודאי. נאָך דעם ענדלעכן און פייערלעכן נצחון איבער דעם מערדערלעכן, ברוטאַלן, ווילד־חיהשן היטלעריזם, האָט אַ טייל פון דער זיגרייכער אַמעריקאַנער אַרמיי אַריינגעמאַרשירט קיין פּאַריז. צווישן די אַריינגעמאַרשירטע זעלנער האָט זיך אויך געפונען סיימאָן סאַפּיר, דער העלד פון דער סיפּור המעשה.

די פרייד פון די פּאַריזער איז געווען אין לשער. די גליקלעך־באַפרייטע פּאַריזער פון דעם היטלעריסטישן יאָך, זיינען אין די מיליאָנען אַרויס אין די גאַסן, יובלענדיק באַגעגענען די אַמעריקאַנער זעלנער. אַ גרויסע, לעבעדיקע, פייערלעכע שטיק מענטשהייט פּאַראיינעקט אין איין גרויסן פייערלעכן יום־טוב פון פרייהייט און נצחון! פרויען און מענער האָבן זיך ליבלעך געאַרעמט און געקושט זיך מיט אַלעמען... אַ יונג, שיין, באַ'חנ'ט פראַנצויזיש מיידל האָט אין דעם פייערלעכן, פון מענטשן טאַנצנדיקן געווירבל, מיטאַמאָל זיך געפונען אין די אָרעמס פון דעם פריילעך זינגענדיקן סיימאָן; און, אַזוי זינגענדיק און טאַנצנדיק האָט די יונגע שיינע מיידל, מיט דעם נאָמען זשעראַלדין, דערנאָך איינגעלאַדן אים אין הויז פון אירע עלטערן.

סיימאָן איז געוואָרן ביי אָט־דער צו פעליק באַקאַנטער מיידל און אירע עלטערן אַן אָפטער בן־בית. יעדן מאָל ווען ער האָט נאָר געהאַט אורלויב פון לאַגער, וואו זיין קאָנטיגענט האָט סטאַציאָנירט, פלעגט ער פאַרפאָרן צו אָט־דער צופעליק באַקאַנטער פראַנצויזישער משפחה. די עלטערן האָבן אים שוין געהאַלטן כמעט ווי אַ אייגענעם. די משפחה איז געווען פון אַ מיטלשטאַנד קלאַס; דער פאָטער איז געווען אַ פּריב־ציפּאַל אין אַ פאָלק־שול, האָט געקענט שוואַכלעך אַביסל דייטש און ענגליש, אַזוי, אַז סיימאָן האָט זיך מיט אים געקענט, מער־ווייניק, צוזאַמענריידן. מיט זשעראַלדין, די מיידל, און דעם יונגערן ברודער אירן, זשאָרזש, איז שוין דאָס צוזאַמענריידן אָנגעקומען אַביסל שווערער; טאָקע נאָר געציילטע עלעמענטאַרע ענגלישע ווערטער האָבן זיי געוואוסט, אויף אַזוי פיל ווי סיימאָן פראַנצויזיש. סיימאָן האָט ערשט דערפילט די אומבאַהאָלפנקייט פון דער פרעמדשפּראַכיקייט צווישן פעלקער.

ווען די טעג פון סיימאָנס פאַרלאָזן פּאַריז האָט זיך דערנעענטערט, האָט זשעראַלדין מיט זשאָרזש פאַרבעטן סיימאָנען אַרויסצופאָרן אין זייער אויטאָ מיט זיי מחוץ פּאַריז, ווייזן אים דאָס לאַנד, באַקענען אים מיט דער פראַנקרייך פון דאָרף און שטעטל.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, אַ פרילינגדיקער, אַ פּרעכטיק־שיינער; ביי די זייטן פון די בעטאָנענע וועגן — רייען מיט געדיכטע, שאָטנדיקע אַקאַציע ביימער; קליינע ישובים צעוואָרפן איבערן לאַנד; די מרחקים פון איין ישוב צום אַנדערן, זיינען די פעלדער דאָ און דאָרטן געווען ריין און גלאַט צעאַקערטע, אויך פעלדער מיט גרינעם אויפשפּראָץ, ווי מיט גרינע טעפּיכער צעשפּרייטע. די קליינע שטעטלעך אַרום, אַזעלכע שטילע, אידיליש־דרימלענדיקע, אין גרויסן קאָנטראַסט צו דעם טומלדיקן, לעבעדיק־פולסירנדיקן פּאַריז. אין אָט־די שטעטלעך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט; דאָ און דאָרטן געטראָפן אַ ביר־סאַלאָן, וואו פאַרלעך זיינען געזעסן, שטיל און געמיטלעך געזופּט פון די פינקלענדיקע גלעזער דעם ביר; אַ בוד־געשעפט אויף דער הויפּט־גאַס; אַ בילדער־געוועלב, כלערליי „בריק־א־בראַק", אַביעקטן וואָס האָבן געהויכט מיט קינסטלערישקייט... סיימאָנען האָט דערמאָנט עס אין זיין קאַליפאָרניער שטעטל: „קאַרמעל־ביי־די־סי" (כרמל ביים ים).

די דריי יונגע מענטשן: זשעראַלדין, זשאָרזש און סיימאָן, פון באַ־זונדערע לענדער און קאָנטינענטן, הגם זיי האָבן ניט גאָר גרינג געקענט זיך צוזאַמענריידן, האָט אָבער די פרייד פון לעבן און יוגנטלעכקייט זיי

האַרמאָניש געאייניקט און אינטים פאַרבונדן דורך דער אינטערנאַציאָ־
נאַלער שפּראַך פון מוזיק און געזאַנג. זשעראַלדין און זשאַרזש האָבן
פאַרצויגן אַ פּאָר טענער פון „קאַרמען" און פון „באַרבער דע סעוויל"
און סיימאָן האָט מיט זיין פיין־לירישן טענאָר מיטגעזונגען אויך אַ פּאָר
אַמעריקאַנער פּאָפּולערע פאָלקס־לידלעך, וואָס די אַמעריקאַנער זעלנער
האָבן איבערגעלאָזט. און ס'האָט זיך געשאַפן פון דעם „דריילינג" אַ
טריאָ פון לעבעדיק, הייפערדיק געזאַנג.

סיימאָן האָט יענע נסיעה מיט זיינע יוגנטלעכע ניי־געפונענע פריינט
אויף די פּרעכטיקע באַבוימערטע שיינע וועגן, צווישן גרין באַוואַקסענע
פעלדער, אונטער פראַנקרייכס בלויע הימלען און שפּעט'דיקע ערד, אַ
צייט־לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן...

נאָך די גרויליקע מלחמה־טעג פון אוממענטשלעכע גרויזאַמע
איבערלעבונגען, זיינען עס אָט־די נאָך־מלחמה טעג, אין דעם פרייען
פּאַריז, צווישן אָט־די פריינדלעכע גוטע מענטשן, געווען פאַר אים טעג
פון איין גרויסע עקזאַלטירנדיקע פרייד און דערהויבנקייט... ניט איינמאָל
האָט ער אַ טראַכט געטאָן: — אָ! ווען מ'לאָזט נאָר לעבן אויף אָט־דער
גרויסער ליכטיקער וועלט! ווען די גרויס־מאַכטן און הערשער וואָלטן
באמת נישט געזוכט צו פאַרפירן מלחמות; ניט אינסטיגירן און אויפרייצן
דורך פראָפּאַגאַנדע איין פאָלק קעגן אַנדערן, וואָלט אפשר דאָס רוב
רשעות מיט דער צייט אויך זיך אויפגעלייזט; אַ סך אומפאַרשטענדלעכ־
קייטן וואָלטן עלימינירט געוואָרן; מענטשן וואָלטן זיך דערהויבן צו
בעסערע און שענערע מעשים; גוטע באַציאונגען פון ראַסע צו ראַסע,
פון מענטש צו מענטש, וואָלט פריער, שפּעטער, זיך איינגעשטעלט...

סיימאָן האָט נאָך יענעם אָוונט האַרציק, וואַרעם זיך צעזעגנט מיט
זשעראַלדין, זשאַרזשן און מיט די עלטערן זייערע. אָט־די צופעליקע
באַקאַנטשאַפט מיט דער גוטער פראַנצויזישער פאָלקסטימלעכער משפּחה
איז געבליבן ביי אים פון די שענסטע לויטערע זכרונות אין יענע נאָך־
מלחמה־טעג, און געהויבן דעם גלויבן ביי אים און דאָס גוטע און בעסערע
אין דעם מענטשן...

עטלעכע געציילטע טעג נאָך דעם געזעגענען זיך איז סיימאָן שוין
געווען צווישן דעם אָפּטייל פון זיין קאָנטינגענט אויף אַ שיף וואָס איז
געשוואומען אויף דעם אַטלאַנטיק צו די שטאַטן. די רייזע איז געווען
אַ גאָר פריילעכע, אַ זינגעוודיקע און אַ היבש טומלדיקע פון די באַפרייענ־
דיקע, אַ היים־פאָרנדיקע זעלנער. סיימאָן, הגם ער איז ניט אָפּגעשטאַנען

פון דער פריילעך־זינגעווודיקע מחנה, איז ער אָבער טיילמאָל געבליבן מיט זיך אַליין און נאָכגעטראַכט:

— אָט פאָרן מיר אַלע צוריק, צו אונדזער באַליבט היימלאַנד; דאַנק גאָט, געזונטע, ניט באַשעדיקטע פון דעם מלחמה־משחית; אַלע פילן זיך גליקלעך, וואָס דער פאַטאַלער גורל האָט אַזוי באַשטימט, אַז מיר זאָלן לעבן בלייבן און צוריק זיך אומקערן צו אונדזער ליבער, גלאָררייכער „יו־עס”. דער רוב פון אָט־דער אופגעהייטערטע, פריילעך זינגעווודיקע מאַסע, קערט זיך אום, ווער צו זיין ליבע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן מיט אַנגסטן און צער אויסגעבענקט זייערע הערצער נאָך זייערע זין, און איצט וועלן זיי מיט מאַמעשער און טאַטעשער ליבע אויפנעמען זיי. אויך, ווער פון זיי פאָרט צו זיינער אַ כלה אָדער ווייב, וועלכע האָט מיט וואַרעמער בענקשאַפט געוואַרט אויף אָט־דער ליבער, זיסער שעה פון זייער הייסן צוזאַמענטרעף... אָבער... איך, סיימאַן סאַפּיר, צו וועמען פאָר איך? ניט די צאַרטקייט פון אַ ליבער מוטער, און ניט די נאָענטשאַפט פון אַ פריידיקן פאָטער וועט מיך מיט וואַרעמער דערוואַרטונג אויפנעמען...

אַ בענקשאַפט האָט אים אין יענעם מאָמענט אַרומגענומען צוזאַמען מיט אַן איינגעוואָרצלט געפיל פון שנאה צו זיין אומפאַראַנטוואָרטלעכן טאַטן זיינעם — דער אומברענגער פון זיין ליבער מוטער. יאָ, אומ־ברענגער! קיין אַנדער וואָרט האָט ער ניט געהאַט פאַר דער ברוטאַלער האַנדלונג פון זיין פאָטער לגבי זיין קראַנקער מוטער.

ער דערמאַנט זיך איצט, פון זיין טאַטנס רשעותדיקער האַנדלונג, קען ער עס אים נישט פאַרגעבן. אַלס קינד פון פינף יאָר, פלעגט ער מוראדיק ליידן צו זען ווי די מאַמע זיינע וויינט. זי פלעגט רק וויינען אויף איר ביטערן גורל. אַמאָל פלעגט דער טאַטע זיינער פאַרפאַלן ווערן אויף עטלעכע טעג, קומען דערנאָך אַהיים אָן אַ פּרוטה אין קעשענע; די קליינע פאַרדינסטן פלעגט ער „פאַרגעמבלען” אין אַזאַרט־שפּילן אָדער וועטן אויף פערדלעך. איינמאָל האָט אים אויסגעפעלט געלט אויף צום „געמבלען” האָט ער אויפגעזוכט דער מאַמעס דיאַמאַנט־רינג, איר חתונה־מתנה; די מאַמע האָט זיך געשטעלט דאַקעגן, האָט געוואָלט דעם רינג פון אים צונעמען, האָט ער זי אַ שליידער געטאָן פון זיך, און איז אַרויס פון שטוב. זי איז דערנאָך שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן; האָט זיך אָפּגעמאַטערט אַ פאָר יאָר און איז געשטאָרבן. דאָס בילד קען ער עד היום נישט פאַרגעסן. די מאַמע איז געווען אַזאַ גוטע, אַזאַ צאַרטע, שטילע טויב; האָט שטיל געליטן און שטיל געשטאָרבן. זינט דאַן האָט

זיך איינגעגעסטלט ביי סיימאַנען אַ מאַדנער ווידערגעפיל צום טאַטן זיינעם מיט אַ שטילער שנאה צו אים האָט ער זיך אַרומגעטראָגן. שוין דאַן, אַלס קליינער יינגל, האָט ער פעסט ביי זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, זיך פון אים דערווייטערן; נישט האָבן מיט אים קיין שום מגע ומשא. ער וועט אויסשמידן פאַר זיך אַן אייגן לעבן, אויס־טרעטן פאַר זיך אַן אייגענעם וועג...

דאָך, ניט געקוקט אויף דעם אַלץ, און אויך וואָס ער האָט אפילו ניט געזעגנט זיך מיט זיין טאַטן און שטיפמאַמען, און אויך צומאָל אפילו קיין בריוול ניט געשריבן וועגן זיין געביין — און אפשר טאַקע צוליב דעם — וועט ער זיך פונדעסטוועגן יאָ באַווייזן צו דער כלומרשטער משפחה זיינער. ניט וואָס ער דאַרף צו זיי חלילה אָנקומען! ניין, אַט אַזוי זיך — האָט אַ מחשבה אים אונטערגערופעט...

— כ'בין ביז איצט, כמעט פון קינדווייז אָן, „מיין שטעטל מיר אַליין באַשטאַנען" און וועל עס אַזוי טאָן ווייטער. אָ, ווי גוט ס'איז, אַז מ'איז זעלבסטשטענדיק! — האָט ער פאַר זיך אויסגערופן.

זיינע אָפּגעשפאָרטע עטלעכע הונדערט דאָלער ליגן פאַר אים אין באַנק געזיכערטע, נאָך איידער ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. און איצט איז נאָך צוגעקומען, אין צוגאָב פון זיינע אָפּגעשפאָרטע געלטער במשך די פאָר יאָר זייענדיק אין דינסט ביי „אַנקל סעם", שאָפט זיך עס פאַר אים אַן אָפּקלייב פון אַ ניט־קליינעם פאַרמעג.

מיט אָט־די געדאַנקען און זעלבסט־צופרידענע מעדיטאַציעס איז ער אַרונטער פון דער באַן, וואָס האָט אים געבראַכט צו זיין געבוירן־שטאָט, סאַן פראַנציסקאָ.



איידער וואָס־ווען האָט סיימאַן גענומען פאַר זיך אַ צימער אין אַ האָטעל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ביסל איינגעשטעלט, איז ער דערנאָך אַרונטער צו „מאַרקעט סטריט", האָט איינגעקויפט אַ פאָר מתנות פאַר די קינדער, אויך דעם טאַטן און דער שטיפמאַמען ניט פאַרגעסן, און איז צוגעפאָרן צו דער שטוב פון זיין קינדהייט. ווי ער האָט דערוואַרט, האָט ער קיין באַזונדערע פריידיקע אויפנאַמע ניט באַגעגנט. די אָפּגע־פרעמדקייט צווישן זיי האָט געלאָזן שטאַרקע שפורן פון אַ מחיצהדיקע ווייטקייט; איז די באַגעגעניש געווען אַ קאַלטע, אָן אַ צוזאָגנדיקע דערנעענטערונג.

ווען סיימאָנ'ס פאָטער איז אָנגעקומען פון גאַס און האָט דאָ געטראָפן זיין אומדערוואַרטעטן, אָפּגעפרעמדטן פון אים זון, האָט ער אין דעם מאָמענט אימפּולסיוו זיך גענענט און אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט. האָט זיך אויסגעפרעגט אַביסל וועגן זיין געביין:

— האָב געמיינט אַז דו ביסט שוין מער ניט צווישן די לעבעדיקע!

אויך צווישן זון און טאַטן האָט זיך ניט געקענט מער אָנצינדן אַ פונק פון אייגנשאַפט און אינטים בלוטיקע פאַרוואַנדשאַפט.

אין אָט־דער אייז־קאַלטער אַטמאָספערע איז געווען פאַר אים, און מסתמא אויך פאַר זיי, אַן אָפּקומעניש. מ'האָט אפילו פון יוצא וועגן אים ניט פאַרבעטן צו בלייבן אויף אָוונט־ברויט...

פון דער קאַלטער אָנגעצויגענער שטימונג האָט אים שוין אָנגע־הויבן שטאַרק פאַרדריסן וואָס ער האָט גאַר אינגאַנצן באַוויזן זיך צו זיי...

ער האָט איבערגעלאָזט דאָס פּעקל מתנות, וואָס ער האָט מיטגע־בראַכט מיט זיך, און האָט פאַרלאָזט די שטוב מיט אַ קאַלטן געזעגן...

## ב.

סיימאָן האָט ווייניק דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער מלחמה. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פאַרגעסן וועגן דעם גרויליקן קאָשמאַר פון דעם נעכטן און, וואָס גיכער אַריינוואַרפן זיך אין דעם אויפבוי פּראָצעס פון אַ ניי לעבן... זיין פאַרטראַכטן אַ פּלאַן, וואָס ער האָט פאַר זיך אויסגעלייגט און דעטאַלירט אויסגעאַרבעט, נאָך איידער ער איז אַוועק אין דער אַרמיי, געמלעך: נעמען זיך צום שטודירן אַגריקולטור און ווערן דערנאָך אַ ווירטשאַפטלער, אַ לאַנד־באַזיצער. דער געדאַנק האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. איצט, מער ווי פריער, האָט ער געזען פאַר זיך אַ געלעגנ־הייט אַז זיין וואונטש און חלום קען ווערן אַ ממשותדיקע רעאַליטעט.

סיימאָן האָט אָנגעהויבן זיך צוגרייטן אויף אַריינצוקומען אין אוני־ווערסיטעט, ממשיך זיין דאָס לערנען, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אין זיין עלנטער יוגנט. פאַר די מלחמה־וועטעראַנען איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו לערנען, צו דערגרייכן אַ געוואונטשטן ציל און קאַריערע, ווי איצט: דער „דזשי. אַי. ביל", וואָס די מלוכה צאָלט יעדן מלחמה וועטעראַן ניינציק אָדער מער דאָלער אַ חודש, אויב ער וויל ממשיך זיין דאָס איבערגעריסענע לערנען, איז פאַר סיימאָנען געווען ווי אַ שיקונג פון גאָט!

מיט דעם סכום, האָט סאַפיר רעזאַנירט, און אין צוגאָב צו אַרבעטן אַביסל ווען נויטיק, וואַשן געשיר אין אַ רעסטאָראַן, אָדער עפּעס אַנדערש — אַרבעט שרעקט מיך ניט אָפּ! שוין אָפּגערעדט פון די פּאָר טויזנט דאָלער אָפּגעשפּאָרטע אין באַנק, זע איך דאָך פאַר זיך אַן אויסגעפלאַסטערטן וועג, וואָס וועט מיך פירן דירעקט צו דעם רעאַליזירטן חלום מיינעם . . .

סיימאָן האָט ענדלעך אויפגענומען זיין פּלאַנירטן אַגראַר־קורס אין בערקלי אוניווערסיטעט און מיט אַן אומגעהויערן אייפער און התמדה אָנגעהויבן לערנען און שטודירן אַגריקולטור. קיין זאַך האָט אים איצט ניט צוריקגעהאַלטן. מאַטעריעל, מער־ווייניק פאַרזיכערט; באַפרייט פון דער האַרבער עקאָנאָמישער זאָרג, איז אים דאָס לערנען אויך אָנגעקומען אַ סך גרינגער. נאָך פיר יאָר אויף דעם אַגראַר־קורס אין בערקלי און דערנאָך אַ פּאָר יאָר אין „דייוויס" אויף אַן עקספּערימענטאַלער פערמע, וואו ער האָט עקספּערימענטירט מיט כלערליי פלאַנצונגען און זריעות, איז זיין וויסן און ערודיציע אויף דעם אַגראַר געביט אַ סך באַרייכערט געוואָרן מיט וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און פּראַקטישע דערפאַרונג.

במשך די קאַלעדזש יאָרן האָט סיימאָן צוביסלעך אויך געאַרבעט און פאַרדינט אויף זיין אויסקומעניש. איין זומער האָט ער געאַרבעט אין „יאָסעמיטי" טאָל רעזאָרט; אַן אַנדער זומער האָט ער געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, געוואַשן געשיר. אַזוי האָט ער צוגעלייגט אַ דאָלער צו אַ דאָלער און זיין אָפּגעשפּאָרטע נעסט איז געוואָרן וואָס אַמאָל פולער און געשוואָלענער. . .

* * *

ווען סיימאָן סאַפיר האָט פאַרענדיקט זיין אַגראַר־קורס מיט באַזונדערע אויסצייכענונגען, האָט ער דעם אָנבאָט פון דעם פאַקולטעט צו בלייבן דאָרטן אַלס אינסטרוקטאָר, ניט אַקצעפּטירט. ער האָט ליבערשט בדעה געהאַט, ווי ער האָט שוין פון פריער פאַרטראַכט, צו ווערן אַ פּראַקטישער פאַרמער, אַ לאַנד־ווירטשאַפטלער, אויף אייגענעם באָדן; מאַכן נוצן פון זיין אַגראַרישן וויסן. דורך דעם, האָט ער געהאָפט, וועט ער זיך פאַרזיכערן מיט אַ מער זעלבסטשטענדיקער און בעסערער מאַטעריעלער צוקונפט ווי פון לערערײַ. דאָס האָט ער לכתחילה אין זינען געהאַט: ווען ער וועט גרינדלעך דערלערנען דעם ענין, וועט ער דערפילן זיין

וואונטש און דראַנג צו נאַטור, צו ערד און צו פלאַנץ; אויף דעם דרך המלך וועט ער זיך נעמען ביז זיין חלום וועט ווערן אַ ממש, אַ רעאַליטעט...

פאַר דעם פראָפעסאָר לאָוסאָן, דער דיען פון דעם אַגראַר אוניווער־סיטעט, איז סיימאָן בכלל געווען עפּעס אַ פענאָמען, אַ נייע דערשיינונג. ער האָט געוואוסט, מער־ווינציק, וועגן זיין יוגנט, וועגן זיין דערציאונג. ווי אַ יתום, האָט ער מיט זיין אייגענעם ווילן, אַרבעט און עקשנות, זיך דאָך דערשלאָגן צו זיין איצטיקן מצב. בעיקר האָט דעם פראָפעסאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט סיימאָן, וואָס ער האָט דווקא אויסגעקליבן פאַר זיין באַרוף, צו ווערן אַ פראַקטישער לאַנדווירטשאַפטלער! פאַר זיינע צוואַנציק יאָר וואָס ער האָלט דאָ די פראָפעסאָר שטעלע, האָט ער כמעט ווי ניט באַגעגנט צווישן זיינע סטודענטן אַ יידישן יונגנמאַן, וועלכער זאָל וועלן אונטערנעמען אַ שטודיום פון אַגראַר־וויסן. ער ווייסט אַז יידן זיינען דורשטיקע און פלייסיקע לערנער, צייכענען זיך אויס אויף אַלע געביטן פון וועלטלעך וויסן. די אוניווערסיטעטן זיינען פול מיט יידישע יוגנט־לעכע, מענער און פרויען, וואָס שטודירן יוריספּרודענץ, אינזשעניררעריי, כעמיע און פילאָסאָפיע, מעדיצין און מוזיק. אָבער צו לערנען אַגרי־קולטור, פאַר פראַקטישע צוועקן און זיך באַנוצן מיט דעם — אויף דערויף זיינען געווען ווינציק בעלנים. ער ווייסט אויך אַז יידן, צוליב כלערליי באַדינגונגען און באַגרעניצונגען אין געוויסע לענדער, זיינען זיי במשך זייער וואַנדער געווען געצוואונגען צו בלייבן גרויסשטאָטישע, און האָבן ס׳רוב דעריבער זיך באַשעפטיקט מיט כלערליי פראָפעסיעס און פרנסות וואָס די גרויס־שטאָט האָט אַרויסגערופן, ווי: קאָמערסאַנטן, מעקלער, פאַרזיכערונגס אַגענטן, פרוכט און גרינצייג קאָנטראַקטאָרס, קאָרן און ווייץ שפּעקולאַנטן, פלאַקס און וואָל הענדלער, און צענדליקע אַנדערע מאַטעריעלע און גייסטיקע פונקציעס, וואָס זיי פירן דורך אין יעדן לאַנד וואו זיי לעבן.

איז מחמת דעם טאַקע, ווען סיימאָן סאַפיר האָט פאַרענדיקט דעם אַגראַר קורס און ניט געוואָלט אַקצעפּטירן צו זיין אַן אינסטרוקטאָר, נייערט געוואָלט ווערן אַ ווירטשאַפטלער, אַ פאַרמער אויף אייגענעם באָדן, האָט ער זיך דערהויבן אין זיינע אויגן און געוומען אַן אים אַ נאָענטן אינטערעס. פראָפעסאָר לאָוסאָן האָט געזען אין סיימאָנען דעם פּיאָנער, מיט אַן אונטערנעמונגס גייסט; פונקט ווי זיינע עלטערן זיינען עס געווען מיט אַ אַכט צענדליק יאָר צוריק, קומענדיק דאַן אַהערצו אין אַ „קאָווערד וועגאָן״, אין אַ בויד מיט פערד אַזש פון מינעסאָטאָ.

פּראָפעסאָר לאָוסאָן איז געווען אַ קאַליפאָרניער, אַ הי געבוירענער, אַ „ביטיוו סאַן", ווי מען רופט אַזעלכע דאָ עד היום מיט ניט ווייניק שטאָלץ. זיין פאָטער איז ניט געווען פון יענע אַריבערגעקומענע אַוואַנ־טוריסטן „געמבלערס" אָדער „גאָלד־יעגערס" צו יענער צייט. ער איז געווען פון יענע ערלעכע, אַרבעט־ווילקע, צו ערד צוגעבונדענע; אַזעלכע וואָס האָבן זיך צום ווילדן מערב, צום נייעם פיל צוגעזאָגטן און פרוכטיקן לאַנד געצויגן; כדי אויף אָט־דעם קאַליפאָרניער, נאָך דאָן ווייניק באַטראָטענעם באָדן, זיך צו באַזעצן און ממשיך זיין מיט ליבע די ערד־אַרבעט, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו אים בירושה, און וואָס איז שטאַרק פאַרוועבט געוואָרן אין זייך פלייש און בלוט. אָט אַזעלכן פּיאָנער און באַן־ברעכער האָט ער אויך געזען אין סיימאָנען.

ביים געזעגענען זיך האָט דער פּראָפעסאָר סיימאָנען געוואונטשן גליק, ער זאָל מצליח זיין און שטיין מיט אים אין שריפטלעכער פאַרבינדונג.

## ג.

ס'איז געווען אַ העל־זוניקער פרימאָרגן, ווען סיימאָן האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט זיין אויטאָ אויף די ברייטע וועגן פון צפון קאַליפאָר־ניע. ער איז אַרומגעפאָרן די פרוכטיקע טאָלן און אויך צווישן די ווייניק באַזעצטע ישובים. די וועגן זיינען אים געווען גוט באַקאַנט, כמעט איינגן, נאָך פון זיין יוגנט, ווען ער פלעגט מיט נאָך יונגע סטודענטן אַרומפאָרן צווישן די פאַרמערס, אַבאַנירן זיי אויף די כלערליי פּאָפּולערע לאַנד־זשורנאַלן. ענדלעך, נאָכ'ן אַרומפאָרן דעם גאַנצן פאַרמער ראַיאָן, האָט מען אים גע'עצה'ט פון דעם קאַליפאָרניער אַגראַר דעפּאַרטמענט, ער זאָל זיך אָפּשטעלן אין דעם „זוניקן טאָל". דאָרטן, צווישן די „האָמסטעדערס", וועט ער מעגלעך געפינען עפּעס, וואָס וועט באַענטפערן דאָס וואָס ער האָט אין זינען...

אין אָט־דעם „זוניקן טאָל" האָט מען אים און דעם „סעטלמענט" אָנגעוויזן אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט צו אים אימפּאָנירט אַ סך מער ווי וועלכע אַנדערע פּערמעס וואָס ער האָט ביז איצט געזען.

אין דעם טאָל האָבן איצט געלעבט בערך אַ אַכט צענדליק משפּחות, צעוואָרפן איבער גרויסע שטחים, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל מיט אַ קייט פון גרויסע בערג. דער רוב פון די „סעטלערס" האָבן מיט אַ פופצן יאָר צוריק גענומען דאָ „האָמסטעדס", פריי לאַנד פון דער מלוכה אויף געוויסע באַדינגונגען.

אויף איינעם פון אַזאַ „האָמסטעד״ פון 160 אַקער לאַנד, וועלכן דער פריערדיקער „סעטלער״ האָט, צוליב איין סיבה אָדער אַן אַנדערער, געמוזט פאַרלאָזן, האָט סיימאָן זיך אָפּגעשטעלט. דאָס לאַנד איז געווען פאַרוואָרלאָזט, ניט קולטואווירט. חוץ דעם איז געשטאַנען אויף דעם באָדן אַן אַלט אָפּגעלאָזן הויז פון פיר צימערן, אויך אַ קליינע שטאַל כמעט האַלב צעגומען. קענטיק אַז מ׳האָט געבראָכן שטיקער פון דער שטאַל פאַר פייער־האָלץ. די שטוב האָט מען געמוזט פאַרריכטן און איבערפאַרבן; דאָס פּאַפּיר אויף די ווענט איז געווען לויז, ערטערווייז אַראָפּגעהאָנגען; די קאַלך אויפן סופיט, ברודיק; די גלאָז־טאַפּלעס פון די פענצטער אויסגעבראָכן — אַ שטיק חורבה! „האָבאָס״, דורכגייערס, האָבן הפּנים געמאַכט דאָרט זייערע נאַכטלעגערס.

סיימאָן האָט ווי געהעריק עס אַלץ באַטראַכט און געזען די פּאָטענציעלע מעגלעכקייט, אַז מ׳קען פון דער שטוב מאַכטן אַ „לייט״. איז דאָס פּלאַץ און דאָס לאַנד אַרום אים גראַד געפעלן געוואָרן. בעיקר, אַז ער וועט קענען איבערנעמען אָט־דעם פאַרוואָרלאָזטן „האָמסטעד״ כמעט פאַר אַ שיבוש...

סיימאָן האָט ניט פאַרלאָרן קיין צייט. ער איז אויף מאָרגן טאַקע אַנגעקומען קיין סאַקראַמענטאָ אין דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט, אויסצוגעפינען די פּרטים וועגן דעם פאַרוואָרלאָזטן „האָמסטעד״ און האָט דערנאָך אַריינגעגעבן זיין אַפּליקאַציע, אַז ער איז מוכן ומזומן איבערצונעמען דעם „האָמסטעד״ און אַז ער פאַרפליכטעט זיך נאָכצוקומען אַלע נויטיקע געזעצלעכע איינריכטונגען אויפן לאַנד, ווי: אַ גדר אַרום אַ צאָל אַקער און אַ ברונעם פאַרן היימישן געברויך. נאָכדעם ווי ער האָט אונטערגעשריבן די פאָרמעלע דאָקומענטן און אָפּגעצאָלט די פאַרבליבענע שולדן פון דעם פריערדיקן „סעטלער״ איז ער במשך די וויטערע פאַר וואָכן געוואָרן דער געזעצלעכער אייגנטימער פון דעם פאַרלאָזטן „האָמסטעד״ פון הונדערט מיט זעכציק אַקער לאַנד.

דאָס וואָס די שטוב און דאָס לאַנד איז געווען אין אַ פאַרלאָזטן מצב, האָט ער עס ניט באַטראַכט פאַר אַ צו גרויסער מניעה. ער האָט געפילט, אַז ער וויל דווקא אָנהייבן פון בראשית, טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך אַליין, כדי אַרויסצובאַקומען די פולע מאָס פרייד פון אייגענער אַרבעט און באַשאַף. ער וועט דערנאָך מיט נחת קענען פילן, אַז ער האָט מיט זיין מוח דאָס אַלץ פאַרטראַכט, מיט זיין וויסן און כוח פאַרוואַנדלט אָט־דעם פאַרוואָרלאָזטן באָדן און נחלה אין אַ שיינעם בליענדיקן

גאָרטן. דאָ, אין אָט־דעם „זוניקן טאָל", האָט ער געהאַט די וויזיע, וועט ער האָבן די געלעגנהייט צו קענען וואַקסן און פּראָספּערירן.

סיימאָן האָט איבערגעשלאָגן דעם „האָמסטעד" סוף זומער. קיין צו דרינגלעכע אַרבעט אויף דעם לאַנד איז ניט געווען, האָט ער תיכּף גענומען זיך צו פאַרריכטן די שטוב און אַרום דער נחלה. דאָ האָט ער שויבן אין די פענצטער, אויף דעם אָרט פון די צעבראָכענע, אַריינגע־שטעלט; דאָרט האָט ער אַ טיר אויפגעהאַנגען; דאָס „טאָר"־פּאַפּיר אויפן דאַך, וואו ס'איז געווען אויפגעריסן, האָט ער פאַרפּעסטיקט, פאַרריכט און באַוואָרנט איידער די האַרבסט־ווינטן און רעגנס שטעלן זיך. די סטעליעס און די צימערן האָט ער אָפּגעווייסט; די ווענט מיט פרישן פּאַפּיר טאַפּעצירט און דאָס האָלץ, אינעווייניק און פון דרויסן, מיט ווייס אָפּגעפאַרבט; אויך דאָס שטאַכעטן־פאַרקאַנדל פון פאָרנט דאָס הויז, וואָס איז שוין געווען צעפאָרן, איינגעבויגן, האָט ער פאַרריכט, אויסגעגלייכט און מיט ווייס אָפּגעפאַרבט. אַזוי אַז די ביז איצט פאַרלאָזענע חורבה איז דערנאָך ניט געווען צו דערקענען. דאָס פּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן גוט אָנזען אין דעם גרויסן, נאָך ווייניק באַוואוינטן שטח אַרום...

אַן אינערלעכע פרייד איז אין סיימאָנ'ס האַרץ אויפגעגאַנגען. אַ זיבנגעווודיקער איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום זיין נחלה. יעדן טאָג האָט ער באַטראַכט זיין אָפּגעטאָנענע אַרבעט. אין די אָוונטן פלעגט ער אויסלייגן פאַר זיך פּלענער וואָס ער דאַרף נאָך טאָן אין די ווייטערע טעג...

די עטלעכע וואָכן זינט סיימאָן איז אַרויף זיין באָדן, איז ער ס'רוב געווען באַשעפטיקט מיט אויפריכטן די שטוב און אַרום. געווען איז ער לעת־תּעה אַליין, ניט האָבנדיק מיט וועמען און צו וועמען אַ וואָרט אויס־צורײדן. חוץ וואָס ער פלעגט צופאָרן צום נאָענטסטן ישוב, ווען נויטיק, איינצוקויפן זאַכן פאַר זיין באַלעבאַטישקייט, מאַטעריאַלן כּלערליי. געווען איז ער אַליין, אָן אַ בעל־חי אפילו אַ צערטלעך וואָרט אַרויסצוזאָגן; פלעגט ער טיילמאָל מיט זיך אַליין זיך דורכשמועסן; טיילן דעם פריידיקן געפיל וואָס ער האָט דעם באָדן באַקומען; די פרייד וואָס ער האָט שוין אויפגעטאָן און וואָס ער וועט נאָך אויפטאָן, לויט זיינע השגות...

— נו, סיימאָן, איז עס ניט וואונדערלעך!? זע, דאָס אַלץ איז דאַך דיינס, דיין אייגנס! האָסטו זיך געריכט, סיימאָן, אַז פון דיין חלום און וויזיע זאָל ווערן אַ וואָר, אַ יש, אַ ממש?!...

די אָוונטן פלעגן דאָ מיטאָמאָל ווי אַראָפּפאַלן; פון אַהינטער די אַנטקעגנדיקע הויכע בערג איז אַרויסגעשוואומען אַ רונדע, לויטערע

לבנה; דער טונקל, אַש־גרויער הימל איז געווען געדיכט באַשטערנט, און אין אַפשיין פון דער באַגלייטנדיקער לבנה האָבן די שטערן, ווי פינקלענדיקע בריליאַנטן, שעמערירט.

סיימאָן איז אין איינעם פון אַזאָ אָוונט אַרומגעגאַנגען זיין נחלה, באַטראַכט זיין אייגנס. מיטאַמאָל האָט ער אַפּגעשטעלט זיך ביי דעם גרויסן סיקאַמאָר בוים נעבן שטוב, וואָס זיינע גרויסע, ברייטע צווייגן האָבן זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז אַ טייל פון זיי וועלן באַלד מיט זייער וואָג אָנהייבן פרעסן אויף דעם דאַך און, ביי אַ שטאַרקן ווינט און שטורעם קענען די צווייגן נאָך דעם דאַך פון שטוב צעלעכערן.

— הם! ווי קומט עס וואָס כ׳האָב עס פריער ניט באַמערקט? — האָט ער זיך געחידושט. — אָט־דער בוים איז שוין אַ קדמון — האָט ער אים אָפּגעשאַצט. — אוודאי האָט אַ ווינט אַמאָל אַהער אַ קערנדל פאַר־טראָגן און, די גוטע מאַמע־ערד האָט עס אין איר טראַכט אַריינגענומען; דאָס קערנדל האָט זיך באַהעפּט מיט דער פעטער ערד, זיך טיף פאַר־וואָרצלט און איז אויסגעוואַקסן אַ היפּש גרויסער און צעצווייגטער בוים. אַוודאי איז גוט צו האָבן אַ באַבלעטערטן שאָטנדיקן בוים ביים שטוב, אָבער — האָט סיימאָן ווי צו זיך גערעדט — דער פריערדיקער באַלעבאָס האָט הפנים נישט פאַרשטאַנען, ביים אויפשטעלן דאָס הויז, אַז אַלץ אין דער נאַטור וואַקסט, בעיקר אַ בוים צעצווייגט זיך, און מיט זיין קרוין ציט ער זיך צו די בלויע הויכקייטן...

— יאָ, צומאָרגנס וועל איך טאַקע תיכף נעמען זיך אַרומצוזעגן די שווערע צווייגן פונעם בוים, כדי צו פאַרמיידן אַ שפּעטערדיקן שאָדן...

מיט דער מחשבה איז ער אַריינגעקומען אין שטוב. האָט צוגעשטעלט פאַרקאָכן אַ טעפּל קאַווע און עסן זיין אָוונט־ברויט.

פּיימאָן האָט דערנאָך פאַרטראַכט צו שרייבן אַ בריוול צום „דיען" פון קאַלעדזש, זיין גוטן פריינט, פּראָפעסאָר לאָוסאָן: באַדאַנקען אים פאַר די עצות און אינפאָרמאַציע וואָס ער האָט אים געגעבן בשייכות מיט באַקומען אַ „האָמסטעד". איצט, אַז ער האָט שוין אַזעלכן, און די שטוב איז שוין מער־ווייניק אויפגעריכט, איינעווייניק און אין דרויסן, איז עס די העכסטע צייט אים צו לאָזן וויסן וועגן זיך.

פּראָפעסאָר לאָוסאָן האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס צו דעם יידישן יונגנמאַן, סיימאָן, פאַר זיין ערנסטקייט, פלייס און אונטער־נעמערישקייט און גאָר באַזונדער פאַר זיין ליבע און דראַנג צו נאַטור און פאַרמעריי. סיימאָן האָט דעריבער געפילט ווי זיך צו טיילן מיט זיין

איצטיקער פרייד און האָפענונג מיט זיין פריינד, דעם פּראָפעסאָר. ער האָט אים געשריבן:

„טייערער פריינד, פּראָפעסאָר ראָבערט לאָוסאָן:

ס'איז מיין פאַרגעניגן און פּריווילעגיע אייך מיטצוטיילן, ווי צו אַ גוטן און אויפריכטיקן פריינד, וועגן מיין איצטיקן מצב. כ'האָב איבער־געגומען אַ „האָמסטעד" און דעם „זוניקן טאָל" וואָס געפינט זיך נאָענט ביים קרייץ־וועג פון „באַנעווייל" און „סאַנאָמע". היות איך האָב שוין מיין נחלה אויפגעריכטעט אין אַ סדר און מאַך שוין צוגרייטונגען אויפן לאַנד פאַר אַ פרילינג־פאַרזיי, פאַרבעט איך אייך, מיין גוטער פריינד, אויב איך וועט אויסקומען אַמאָל צו זיין אין דעם ראַיאָן פון „זוניקן טאָל", שטעלט זיך אָפּ ביי מיר מיט אַ באַזוך. איך וועל עס באמת זייער אָפּ־שאַצן און דאַנקען...

(צווישן אַנדערן האָט אים סיימאָן אויך געשריבן): אויף וויפיל מיר איז אויסגעקומען צו ריידן מיט אַ טייל פון די פאַרמער פון דעם ראַיאָן, זיינען זיי דאָ היפּש הינטערשטעליק אין וויסן וועגן אינטענסיווער פאַר־מעריי; און וועגן די ווערט פון „ראָטאַציע"; פון געקליבענער זריעה און פּערטיליזאַציע וויסן זיי לחלוטין גישט. מ'מוז זיי ערשט באַקאַנען מיט דעם נייעסטן, עלעמענטאַרן וויסן וועגן די אַלע אַגראַר ענינים. אויף וויפיל כ'וועל קענען וועל איך זיי גערן געבן מיינע עצות, אויב זיי וועלן נאָר וועלן זיי אָננעמען.

מיט די בעסטע וואונטשן, אויפריכטיק אייער,

סיימאָן סאַפּיר."

מיטן קאָיאָר איז סיימאָן אויפגעשטאַנען, געמאַכט זיך גרייט צו צופאָרן צום נאָענטסטן שטעטל, אָפּשיקן דעם בריוו. מיט אַ געפיל פון גרויס פרייד האָט ער אָוועקגעשיקט דעם בריוו צו זיין פאַרדינסטפולן פריינט, דעם פּראָפעסאָר. לאָוסאָנ'ס פריינדשאַפט האָט ער זייער הויך געשעצט. מחמת דער מענטש האָט אין אים דערוועקט אַ גלויבן, אַז דער בן־אָדם איז ניט נאָר שלעכט און ברוטאַל אין דעם געראַנגל פאַר זיין עקזיסטענץ, ביירערט דער מענטש קען אויך זיין גוט צו זיינע מיט־מענטשן ווען די אַלע אומגינסטיקע, אומנאַרמאַלע מניעות זיינען ניט אין וועג, צווישן דעם בין אָדם לחברו...

אין נאָענטסטן שטעטל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין „דזשאָנס מוירקענטייל סטאָר", וואו ס'איז כמעט געווען דער איינציקער זאַמל־

פונקט פון די פאַרמערס פון דעם ראַיאָן. דאָ איז אויך געווען דער פאָסט־אָפיס. אין „דזשאָנס מערקענטייל" האָט מען אַלץ געקענט באַקומען: עסנוואַרג, זריעה, כלערליי פאַרמערס מכשירים און כמעט אַלץ אין וואָס מ׳האָט זיך דאָרטן געניטיקט. דעם נייעם „האָמסטעדער" האָט מען שוין דאָרטן געקענט. ווי אַ נייער „סעטלער" האָט ער זיך באַנוציקט אין אַ סך זאַכן, איז ער געווען אַ גוטער קונה און מ׳האָט זיך צו אים באַצויגן באַזונדערס פריינדלעך. מאָראַלעס, דער מעקסיקאַנער געהילף אין דער קראָם, האָט אים דעם מאָל צוגעבראַכט אַ גרויסן ברוין קודלאַטן הונט און אים איבערגעגעבן צו סיימאָנען.

— דאָ האָט איר, מר. סיימאָן, די „חיה", וואָס איר האָט מיר געבעטן איך צו באַזאָרגן פאַר אייער „סעטלמענט". „ב ר אַ ו נ י" איז אַ גוט וואַכזאַמער הונט. ער וועט אייך דינען זייער געטריי.

— וויפיל קום איך אייך פאַר דער „חיה", מאָראַלעס? — האָט סיימאָן גלעטנדיק „בראַונין", אים אַ פרעג געטאָן.

— דאָס וועט זיין מיין מתנה צו אַ גוטן נייעם „סעטלער" — האָט מאָראַלעס כמעט הכנעהדיק געענטפערט.

ביים פאַרלאָזן דזשאָנס קראָם, מיט אַן אָנגעפּאַקטן אויטאָ מיט זאַכן און „בראַונין" ביי זיין זייט, האָט סיימאָן פונדעסטוועגן אַריינגערוקט אַ „פינפערל" מאָראַלעסן אין האַנט, און איז אָפּגעפאָרן, הערנדיק נאָך אים: „גראַציאַס, גראַציאַס, מר. סיימאָן!"

סיימאָן איז געווען זייער אויפגעלייגט און צופרידן וואָס ער האָט נעבן זיך אָט־די לעבעדיקע באַשעפעניש. ער האָט די גאַנצע צייט צערטלעך גערעדט צו דער שטומער חיה, ווי צו אַן אַלטן פריינט; גע־טיילט זיך מיט „בראַונין" יעדן ביסן און אויסדערציילט פאַר אים אַלץ וואָס איז אים אַרויפגעקומען אין געדאַנק און מחשבה.

„בראַוני" האָט סיימאָנען הכנעהדיק נאָכגעקוקט און נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג און איז גרייט געווען הינטיש צו פאָלגן זיין יעדן באַפעל...

אַ פאָר וואָכן שפּעטער האָט מאָראַלעס, זיין מעקסיקאַנער פריינט, געבראַכט אים פון שטעטלשן פאָסט־אָפיס, אַ רעגיסטרירטן בריוו פון זיין פריינט, פּראָפעסאָר לאָוסאָן. ער שרייבט אים:

„מיין טייערער סיימאָן:

אייער בריוו האָט מיך באמת דערפרייט, ווייסנדיק אַז איר האָט זיך באַזעצט אין דעם „זוניקן טאָל". כ׳בין איבערצייגט, אַז מיט אייער ווילן און עקשנות וועט איר זיכער דאָרטן מצליח זיין. אייער בריוו איז צו

מיר געקומען אין דער ריכטיקער צייט: מיר האָבן דאָ אין אונדזער באַזיץ אַ בריוו פון דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט אין סאַקראַמענטאָ מיט אַ בקשה, אויב מיר וויסן פון אַ פּאַרטרויענסווערטער פּערזאָן מיט דעם בויטיקן וויסן אין אַגראַר ענינים, וואָס וואָלט זיך געסעטלט אין דעם ראַיאָן פון „זוניקן טאָל" און צי ער וואָלט מרוצה געווען איינצואָרדענען אויף זיין פאָרם אַן „אינפאָרמאַציע ביוראָ" פאַר די פאַרמערס פון טאָל. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט גאָר טראַכטן פון אַ פּאַסיקערן און פּעאיקערן פון אייך! ווען מיר האָבן פון אייך דעם בריוו באַקומען, האָבן מיר תיכף אַרויסגעשיקט אַ בריוו צום אַגראַר דעפּאַרטמענט, אַלס תשובה אויף זייער בקשה און האָבן אייך זייער הויך רעקאָמענדירט. מיר זיינען איבער־צייגט, אַז זיי וועלן דאָרטן אָננעמען אונדזער רעקאָמענדאַציע און זיי וועלן גאָר בקרוב אַרויסשיקן צו אייך אַ פּאַרטרעטער, זיך דורכשמועסן מיט אייך פּערזענלעך. דער פּראָפעסאָר לאָוסאָן האָט ניט פאַרפעלט אין דעם בריוו צו דערמאָנען, אַז דער דעפּאַרטמענט האָט פאַר אַזאַ ביוראָ אַ ספּעציעלע סובווענציע, וואָס וועט אייך גוט צונוץ קומען און די באַשעפטיקונג פון אינפאָרמאַציע אַרום דעם ענין וועט ביי אייך ניט פאַרנעמען קיין באַזונדערע צייט."

איבעריק צו זאָגן, אַז אָט־דער בריוו איז פאַר סיימאָנען געווען פון אויסערגעוויינלעכער וויכטיקייט. ער האָט געפילט, אַז אויב אָט־די פּראָפּאָזיציע וועט ווערן אַ פאַקטישער ממש, וועט ער אים געבן אַן אומ־געהויערע געלעגנהייט זיך דאָ איינצואוואָרצלען ווי געהעריק, באַקענען זיך מיטן רוב פון די „סעטלערס" און זיך דערוועררבן צווישן זיי פיל פּרעסטיזש און חשיבות...

פאַר סיימאָנען איז עס געווען הייפּערדיקע טעג פון גרויסע דער־וואַרטונגען. כלערליי מחשבות און אויספאַנטאַזירטע פּלענער האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן אין זיין מוח; וואָס מ'קאָן דאָ אויף אָט־דעם באָך ווייניק אַנטוויקלטן באָדן פון „זוניקן טאָל" אויפטאָן און דערגרייכן...

מיט אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם, איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן טאַקע אָראָפּגעקומען צו אים אויף דער פּערמע אַן אָפיציעלער מענטש פון דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט, זיך דורכריידן מיט סיימאָנען מכוח דעם פריער־דערמאָנטן ענין. דער מענטש האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר סיימאָנען אַלס דער פּאַרטרעטער פון דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט, מר. ראָבערט גודווין. זיי האָבן זיך וואַרעם באַגריסט, דרייקנדיק די הענט. סיימאָן האָט דעם מר. גודווין אַרומגעפירט אַרום זיין נחלה, האָט אים באַקאַנט געמאַכט

מיט דעם צוועק און געדאַנק פון זיין סעטלען זיך דאָ. מר. גודווין, פון זיין זייט, האָט סיימאָנען מסביר געווען, אַז זיי איז געגוי באַקאַנט זיינע קוואַליפיקאַציעס און אינטעגריטעט, מחמת ער איז זייער הויך רעקאָמענדירט געוואָרן פון דעם פאַקולטעט פון פּראָפעסאָר לאָוסאָן און אַז ער איז דער פּאַסיקער און אידעאַלער אויסוואַל.

סיימאָן האָט באַדאַנקט דעם מר. גודווין פאַר דער הויכער מיינונג וואָס זיי האָבן וועגן אים, און, נאָך אַן אויספּירלעכן שמועס זיינען זיי געקומען צו דער פאַרשטענדעניש, אַז אויף סיימאָנ׳ס פערמע ווערט אָפיציעל די עטאַבלירטע „אינפאָרמאַציע ביוראָ פאַר פאַרמערס” פון דעם „זוניקן טאָל.” נאָכדעם ווי עס איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַ פאָרמעלער דאקומענט פון מר. ראָבערט, פאַרטרעטער פון דעם אַגראַר דע־פּאַרטמענט אין סאַקראַמענטאָ, און מר. סיימאָן סאַפּיר, אייגנטימער פון דעם פּלאַץ, האָט מר. גודווין אַריינגעבראַכט פון זיין אויטאָ צו סיימאָנען כלערליי בולעטינען, פּאַמפלעטן, אַגראַרישע ליטעראַטור; אויך אַ שילדל, גאָלד אויף שוואַרץ: „אינפאָרמאַציע ביוראָ פאַר פאַרמערס.”

מר. גודווין און סיימאָן האָבן געמאַכט אַ „לחיים”, פאַרביסן מיט כיבוד וואָס סיימאָן האָט דערלאַנגט צום טיש; מ׳האָט זיך געוואונטשן גליק און הצלחה און וואַרעם זיך צעזעגנט...

## ד.

סיימאָן האָט זיך איצט געפילט זייער גליקלעך און גאָר דערהויבן. מיט אַ באַזונדערן אינטערעס האָט ער אַ זינגעוודיקער דערנאָך גענומען זיך אויסשטאַטן דאָס פאָדערצימער פון זיין שטוב, עס זאָל אָנהייבן צו באַקומען אַן אָפיציעלן אויסזען.

ביים סאַמע פאָדער־אַריינגאַנג, איבער דער וועראַנדע, האָט ער אויפגעהאָנגען דאָס דערמאָנטע שילדל: „ביוראָ פאַר פאַרמערס.” דאָס שילדל האָט גאָוהדיק אַראָפּגעקוקט צום טאָל און אויף זיינע פאַרביי־פאָרערס, און ס׳האָט טאַקע צוגעגעבן צום גאַנצן פּלאַץ אַ חותם פון אָפיציאַליטעט און אַרויסגערופן צו זיך און זיין באַזיצער עפּעס אַ מין חשיבות און דרך־ארץ. אינעווייניק, אויף די ווענט פון פאָדערצימער, האָט ער אויפגעהאָנגען פּאָרטרעטן און בילדער: אויף דער מזרח־וואַנט איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פון אייבראַהאַם לינקאָלן און דזשאָרדזש וואַשינגטאָן; אויף אַ צווייטער וואַנט איז געהאָנגען סיימאָנ׳ס אוניווער־סיטעט דיפּלאָמאַ און אויסצייכענונגען; אַ בילד פון סיימאָן אין זיין

זעלנער־אוניפאָרם; פאָטאָגראַפיעס פון אַגראַר כאַראַקטער; אַ דרעש־מאַשין אויף אַ גאָר־וואָס אָפּגעשניטן ווייצן־פעלד; אַ מאָדערנע מילך־ווירטשאַפט. אויף אַן אַנדער בילד — אַ גרויס שפּיל־פּלאַץ אויפן „קעמפּוס" ביי אַ פוטבאָל שפּיל, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך סיימאָן.

אויף אַ גרויסן טיש ביים פענצטער איז געלעגן אויסגעלייגט אין גוטן סדר, די כלערליי בולעטינען פון אַגראַרישן תוכן מיט טיטולירטע אויפשריפטן וועגן „מילך־ווירטשאַפט"; „עופות און בינען צוכט"; ווי אַזוי צו „פיטערן חזירים"; וועגן און ווי אַזוי צו „פלאַנצן פרוכט־ביימער"; „די וויכטיקייט און ווערט פון ראָטאַציע" און אַנדערע ענינים בשייכות מיט פאַרמעריי און, אַ קליין שלידל אין מיטן פון טיש — „נעמט עס, ס'איז פריי!"

* * *

ס'איז געווען נאָך שניט־צייט. אויף די פעלדער אין דעם גאַנצן ראַיאָן אַרום, וואו ס'איז דעם זומער געווען געוואקסן ס'רוב האָבער און ווייץ, האָבן די קורץ אָפּגעשניטענע שטרוי־וואָרצלען פון די זאַנגען שאַרף אַרויסגעסטאַרטשעט פון דער טרוקענער ערד, ווי אַ פאַרלאָזטע ניט געגאָלטע באָרד... דאָס גאַנצע לאַנד, ביז די ווייטקייט פונעם האָריזאָנט, האָט איצט אויסגעזען ווי מיט אַ געל־שטויביקן צודעק. ס'איז כמעט ווי ניט געווען קיין סימן פון גרינקייט אין דעם גאַנצן אַרום. די ערד, נאָך אַ שווערן זמן פון שאַפן, איז איצט געלעגן ווי איינגעשלאָפן, מיד און אויסגעשעפּט.

ס'איז געווען ערב האַרבסט. קיין רעגן איז נאָך לעת־עתה ניט געקומען, וואָס זאָל געווען אָפּוואַשן דעם שווערן שטויב, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט דורך די ווינטן אויף אַלץ, און אויף אַ רעגן האָבן אַלע דאָ געוואַרט: די ערד האָט געדורשט נאָך רעגן, איז גרייט געווען צו עפענען איר טראַכט, אויפצונעמען דעם אַקעראייזן און דעם פאַרזיי, כדי צו באַהעפטן זיך ווידער מיט דער זריעה, פאַר נאָרמאַלער באַפרוכפערונג...

די פאַרמערס האָבן אויסגעקוקט אויף רעגן, און גאָר באַזונדער, סיימאָן. ער האָט זייער געוואָלט אין צייט וואָס גיכער אויפברעכן דעם באָדן זיינעם, וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר ניט געהאַט אויף זיך קיין באַריר פון אַן אַקעראייזן. געוואָלט האָט ער איצט פאַרזייען אַ ווילדן האָבער, כדי אָנהויב פרילינג ווידעראַמאָל פאַראַקערן די בתולה־ערד; וועט ערשט דערנאָך די זריעה אויפגענומען ווערן מיט אַ פאָלקאָמענער געזונטער באַהעפטונג...

## ה.

אין ע שיינעם פרימאָרגן איז צו סיימאָנ׳ס נחלה צוגעריטן אויף אַ אָנ־געזאַטלטן פערדל, אַ מיטליאָריקער, הויך־געוויקסיקער, פעסט־געבויטער פאַרשוין. ער האָט באַטראַכט דאָס הויז מיט דעם שילדל, וואָס איז גע־האַנגען פאַרנט אויף דער ווערענדע. ער איז אַרונטער פון זאָטל, צו־געבונדן דאָס פערדל צו דעם אַרומגעגרויזטן פאַרקאַנדל, און איז מיט ניט געאיילטע טריט צוגעקומען צום טיר און שטיל אָנגעקלאַפּט. סיימאָן איז אויף דעם קלאַפּ אין טיר תיכף אַרויסגעקומען, באַגריסט דעם פרעמדן מיט אַ גוט־מאָרגן און אים פאַרבעטן אין שטוב אַריין.

— גוט מאָרגן, שכן, מיין נאָמען איז פיט, פיט קעלאָג — האָט דער פרעמדער אָן פּניות זיך פאָרגעשטעלט.

— און מיין נאָמען איז סיימאָן, סיימאָן סאַפּיר.

— אנגענעם אייך צו קענען — האָבן ביידע אויסגערופן, און וואָרעם זיך געדריקט די הענט.

— זיצט, מר... קעלאָג — האָט סיימאָן אָנגעוויזן דעם אומגעריכטן גאַסט אויף אַ שטול. דער פרעמדער האָט אים העפלעך באַדאַנקט:

— כ׳בין אַריינגעקומען זיך צו באַקענען מיט דעם נייעם שכן און אויך אַ שמועס טאָן מכוח נאָענטע אָרטיקע ענינים. ווי איר זעט מיך, מר. סיימאָן, בין איך שוין דאָ אין דעם „זוניקן טאָל" אַ קנאַפּע פופצן יאָר, טאַקע פון די ערשטע סעטלערס, און כ׳בין טאַקע כמעט אייער שכן, ניט ווייט פון אייך.

מר. קעלאָג האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, זיך דערנעענט צום פענצטער און אָנגעוויזן מיטן האַנט צו צפון, ביים קרייץ־וועג פון „באָנעוויל" און „סאַנאָמע". טאַקע ביים יענעם וועג שטייט אַ גרויס הילצערן ברוין הויז מיט אַ שפּיציקן שינדל־דאַך, צווי גרויסע פעפער־בוימער פאַראויס דאָס הויז; מ׳קען עס ניט אויסמיידן!

— ווי כ׳זע זענט איר פאַרבונדן מיט דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט — אָנווייזנדיק מיטן האַנט אויפן טיש וואו די בולעטינען זיינען געווען אין אַ סדר אויסגעלייגט. — כ׳בין זיך משער, אַז איר ווייסט מער־ווייניקער דעם מצב פון די היגע פאַרמערס אין טאָל; ווען ניט וואָלט איר מסתמא ניט אויסגעקליבן דעם טאָל פאַר אייער „סעטלמענט". איך וויל אייך אָבער זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ געוויסע שוועריקייטן און איבלען. פון איין זייט ליידן מיר דאָ פון דעם מאַנגל אין וואַסער, בעיקר ווען מיר האָבן ניט

גענוג רעגן אין צייט; פון דער צווייטער זייט ליידן מיר אויך פון די רויבערישע אַפּעטיטן פון די באַן־קאָמפּאַניעס איבערצושיקן אונדזערע תבואות צום געמאַרק. ווייל איך טאַקע הערן אייער מיינונג, צי קען עפּעס געטאָן ווערן, אפשר אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, כדי צו פאַרגריב־גערן אַט־דעם דאָזיקן מצב אונדזערן.

סיימאָן האָט מיט גרויס אויפמערקשאַפט זיך צוגעהערט צום שכן און האָט פאַר אים אַרויסגעזאָגט זיין אָפּנהאַרציקע מיינונג בשייכות מיט דעם ענין.

— מיין טייערער שכן, מר. קעלאָג; כ'בין באמת צופרידן און גליק־לעך וואָס דער גורל האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט אייך. כ'וויל אייך פאַרזיכערן, מיין פריינט, אַז איך טייל אייער מיינונג מיט מיין גאַנצן האַרצן. נאָר אויף אַ קאָלעקטיוון און קאָאָפּעראַטיוון אופן קענען די פאַרמערס פון דעם טאָל פאַרבעסערן זייער מצב, פיל מער וויפיל זיי קענען זיך משער זיין. ס'איז איצט אַנאַנדער צייט, מר. קעלאָג: די קליינע פאַרמערס קענען מער נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון די גרויסע „רענדזשערס". מיט זייער גרויסער קויף־קראַפט האָבן זיי תמיד די אויבערהאַנט. הגם כ'בין אין אַ געווויסן זין פאַרבונדן מיט דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט, בין איך אָבער אין דער ערשטער ריי, איינער פון אייך. כ'האָב איבערגענומען דעם „האָמסטעד" נישט פאַר שפּעקולאַציע, נייערט מיט דעם איינציקן געדאַנק און ציל, ווי איר אַלע דאָ; צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד, זיך איינלעבן דאָ מיט די שכנים פון „זוניקן טאָל" און מיט אייך אַלעמען מיטאַרבעטן, כדי צו פאַרבעסערן אונדזער אַלעמענס גורל און מצב. כ'וועל זיין איינער פון אייך, און נאָר אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן וועלן די געווינסן זיין אונדזערע אַלעמענס.

— כ'בין גענוי באַקאַנט — האָט סיימאָן ממשיך געווען — מיט דעם מצב פון די פאַרמערס פון דעם ראַיאָן. כ'ווייס ווי שווער ס'לעבט זיך דאָ דעם רוב פון די „סעטלערס" און ווי ווייניק זיי האָבן דאָ פּראָס־פּערירט. בעת דאָרט, וואו די פאַרמערס זיינען געווען פאַראייניקט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו האָבן געקויפט און פאַרקויפט צוזאַמען אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, האָבן זיי מצליח געווען. ס'איז ניטאָ קיין סיבה פאַרוואָס דאָס קען נישט געטאָן ווערן דאָ אין דעם טאָל?! באַזונדערס איצט. כ'ווייס ניט צי איר ווייסט, אַז ס'איז אין דער פּלאַנירונג אין סאַקראַמענטאָ איינצושטעלן אַן איריגאַציע פּראָיעקט אין דעם ראַיאָן פון „זוניקן טאָל." איז עס דעריבער אימפּעראַטיוו נויטיק, אַז מיר, די פאַרמערס פון דעם

ראיאָן — האָט סיימאָן שוין געגעדט איצט ווי איינער פון זיי — זאָלן זיין אָרגאַניזירט אין אַן אַסאָסיאַציע. מיר דאַרפן זיין אויף דער וואַך, כדי אונדזערע „סעטלערס״ זאָלן ניט באַעוולט ווערן ביים פּאַרטיילן דאָס וואַסער. וועלן מיר זיין אָרגאַניזירט עקאָנאָמיש, במילא אויך פּאָליטיש, ווערן מיר אומדירעקט אַ מאַכט, מיט וועלכן מ׳וועט זיך רעכענען, און אַ סך איצטיקע מניעות און איבלען וועלן קענען באַזייטיקט ווערן.

— פאַרשטייט זיך, אַז דורך אַ קאָאָפּעראַטיוו קאָן מען אַ סך זאַכן אויפטאָן און דערגרייכן. חוץ קויפן און פאַרקויפן אין גרויסע קוואַנטי־טעטן, קאָן מען אויך קאָלעקטיוו אפילו באַאַרבעטן דעם גאַנצן באָדן, דורך אַן אייגענעם גרויסן טראַקטאָר, דרעש־מאַשין, לאַסט־וועגענער; וועלן מיר ניט דאַרפן מער אָנקומען צו די „דרויסנדיקע״ און מוזן אָוועקגעבן דאָס רוב פון אונדזערע פאַרהאָרעוועטע פאַרדינסטן. יאָ, פריינט קעלאָג, איך זע דאָ גרויסע פּאָטענצן אין דעם טאָל, מיט אַ גרויס שפּעדיק לעבן פאַר אַלע „סעטלערס״.

פּיט קעלאָג איז געווען אַן אויפמערקזאַמער צוהערער. אין זיינע פינף און אַ האַלב צענדליק יאָר האָט ער אַ סך געלערנט. ער האָט אין זיין לעבן באַגעגנט גענוג „סיטי־סליקערס״ — גרויסשטאָטישע „גלאַטע צינגלעך״, ווי די פאַרמערס רופן ס׳רוב אַזעלכע וואָס קומען צו זיי מיט כלערליי פּראָפּאָזיציעס; ניט וויניק ווערן אָפּגענאַרט. דעריבער האָבן דער רוב פון זיי קיין צוטרויען ניט צו די דרויסנדיקע. דאָ אָבער האָט ער געזען פאַר זיך אַ קלוגן, אינטעליגענטן יונגנמאַן, ניט קיין „דרויסנדיקער״, נייערט איינער וואָס האָט זיך באַזעצט דאָ אין טאָל, וויל ווערן איינער פון זיי, וויל זיך מתיחד זיין און מיטאַרבעטן מיט זיי. אין סיימאָנען האָט ער געזען און געפילט אַז ער האָט דעם געהעריקן וויסן, פּראַקטישן שכל און דעם אידעאַלן פּלאַן, וואָס קען זיין פון גרויס נוצן פאַר דעם גאַנצן כלל.

פּיט קעלאָג האָט ניט געהאַט קיין סך צוצוגעבן צום דעם וואָס סיימאָן האָט אַזוי קלאָר און עלאָקווענט אַלץ פּרטימדיק אַרויסגעבראַכט. אַ זאַך וואָס ס׳האָט שוין לאַנג דאָ געדאַרפט עפּעס געטאָן ווערן... ער האָט וואַרעם און גוט־ברודעריש געדריקט די האַנט פון זיין נייעם שכן, און אומאָפיציעל איז צווישן ביידן געשלאָסן געוואָרן אַ פריינטשאַפט־בונד פון צוויי, וואָס האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען און זיך צוגעזאָגט, אַז דער וויכטיקער שמועס צווישן זיך זאָל נישט בלייבן סתם רייד, נייערט

צוזאַמען זאָלן זיי מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען צו באַשאַפן דאָ אין טאָל אַ פאָרם־קאָאָפּעראַטיוו.

סיימאָנ׳ס מיינונגען און געדאַנקען האָבן געפונען אַ וואַרעמען און טיפן אָפּקלאַנג אין דעם גאַנצן מהות דענקען פון דעם מיסטער קעלאָג. מחמת אויך ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם צייטיקן פּלאַן פון אַ פאַרמער קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַ לענגערער צייט, אָבער ער האָט ניט געפונען דאָ אין טאָל אַזעלכע, מיט וועלכן מ׳זאָל זיך געווען קענען צוזאַמענריידן און פּרטימדיק פאָרמולירן דעם פּלאַן. חוץ מזה, איז אויך ניט געווען דער נויטיקער צוטרויען צו איינעם פון די אייגענע.

איידער דער מר. קעלאָג האָט פאַרלאָזן זיין ניי־געפונענעם פריינד, האָט ער אויך אויסגעדריקט זיין האַרציקע פרייד, וואָס דער גורל האָט זיי צוזאַמענגעפירט. ער האָט אויך פאַרבעטן סיימאָנען צו זיך אַהיים, באַקענען אים מיט זיין פרוי, צוויי זין, סטיוו און באָב, און אויך מיט זיין טאָכטער, נאַנעט, וועלכע אַרבעט אין אַן אָפיס אין סאַקראַמענטאָ, אָבער קומט אַראָפּ אַהיים יעדן סוף וואָך.

— קומט צו אונדז אַרונטער, פריינד סיימאָן, נאָך דעם זונטיק. איר וועט זיכער זיין ביי אונדז אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט.

ו.

די אַרבעט אויף די פעלדער איז נאָך אויך איצט ניט געווען אַזוי דרינגענד, איז פיט קעלאָג אַרומגעפאָרן דעם „סעטלמענט" פון „זוניקן טאָל", באַקאַנט געמאַכט דעם געדאַנק וועגן דער מעגלעכער פאַרמירונג פון אַ פאַרמער קאָאָפּעראַטיוו, און, אַז דער נייער שכן, מר. סיימאָן, דער אָפּיציאַנט פון דער „ביוראָ פאַר פאַרמערס", איז זייער שטאַרק פאַר דעם און איז וויליק צוזאַמען מיט די „סעטלערס" אַרבעטן פאַר דער עטאַבליי־רונג פון אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו.

ביי זיין משפחה האָט פיט קעלאָג גערעדט וועגן סיימאָנען, דעם נייעם שכן אין טאָל, מיט אַן אומגעהויער באַגייסטערונג, אַזוי אַז די משפחה האָט שוין מיט גרויס דערוואַרטונג געוואָלט זיך מיט סיימאָנען נאָענטער באַקענען.

ביי קעלאָגס משפחה האָט סיימאָן פונקט אַזוי ערלעך אויסגענומען, הן אין אויסזען והן אין טאַקט און מאַנערן, ווי ביי מר. קעלאָגן. אויך קעלאָגס טאָכטער, נאַנעטן, איז סיימאָן שטאַרק געפעלן געוואָרן. דעם

טאָג וואָס סיימאָן איז געווען ביי די קעלאָגס צוגאַסט, האָבן זיי אַלע זייער היימיש און אנגענעם פאַרבראַכט. סיימאָן, מיט זיין פערזענלעכקייט און אופן פוןריידן, האָט אַריינגעבראַכט אין דער דאָרפישער אַטמאָ־ספערע אַביסל דעם הויך פון שטאָטישקייט און וועלטלעכקייט. נאַנעט, זייענדיק אַליין אויך מער שטאָטיש, האָט אין די שמועסן מיט סיימאָנען באַרירט די פּאָליטישע אַספּעקטן פון קאַליפאָרניער פּאָליטיק און פון לאַנד בכלל. זייענדיק אַ סעקרעטאַרין פון אַן אינדוסטריעלן קאָאָפּעראַטיוו אין סאַקראַמענטאָ, איז איר אויך באַקאַנט געווען די עקאָנאָמישע סטרוק־טור פון די קאָאָפּעראַטיוון. פון אירע רייד האָט סיימאָן זיך געשאַפן אַ באַגריף, אַז נאַנעט איז געניי אָריענטירט אין דער עקאָנאָמיע און פּאָליטיק פון לאַנד. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זי איז אַן אויפמערק־זאַמע ליסנערין און אַ גוטע מיטשמועסערין.

ביי אַ געלעגנהייט, האָט נאַנעט, נאָכדעם ריידנדיק מיטן טאַטן וועגן סיימאָנס גרויסן קאָאָפּעראַטיוון פּראָיעקט, האָט זי געבעטן דעם טאַטן ער זאָל איבערגעבן סיימאָנען איר וואונטש מיטצואַרבעטן אַלס פּריוואַטע סעקרעטאַר־ין ביי דעם פּראָיעקט, ביז זיין קאָמפּלעטער אָר־גאַניזירונג. — כ'מיין — האָט נאַנעט צוגעגעבן, אַז זי האָט דאָך אַביסל דערפאַרונג אויף דעם געביט פון „קאָאָפּ"... מר. קעלאָג האָט צוגעזאָגט זיין טאָכטער, נאַנעטן, אַז ער וועט ביי דער ערשטער געלעגנהייט באַ־שטימט ריידן מיט סיימאָנען וועגן דעם.

מר. קעלאָגן איז עס גאָר געפעלן געוואָרן וואָס זיין טאָכטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פּראָיעקט. ס'איז אים אויך אין דעם מאָמענט אַדורכגעלאָפן אַ מחשבה: חוץ וואָס זי וועט זיין אין דער ערשטער ריי פון דער אָרגאַניזירונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, וועט זי... אפשר... קען נאָך צווישן זיי ביידן ווערן אַ באָעקשאַפט אָדער גאָר אַ שידוך?!...

— דער אמת איז — האָט ער ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פון דער מחשבה — וואָלט איך גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, ווען אַ שידוך צווישן אים און נאַנעטן וואָלט זיך אויסגעפּיקט... ווארום טאַקע ניט?! ס'וואָלט גאָרניט געווען קיין קרומע זאַך! אַ פיינער יונגערמאַן, אַ שיינער און אַ שטאַלטנער, האָט אַ סך וויסן, אינטעליגענט; האָט שוין אַ סך דורכגעמאַכט אין לעבן, אַ וועטעראַן פון דער לעצטער מלחמה; און האָט ניט ווייניק אַמביציעס פאַר גרויסע אידעאַלע אויפטואונגען און דער־גרייכונגען... נאַנעטס לעצטע אַנטוישונג מיט דעם „גוט פאַר גאָרנישט" שטאָטישן פראַנט, האָט אונדז געבראַכט ניט ווייניק עגמת נפש...

ביי אַ נאָענטער געלעגנהייט האָט מר. קעלאָג געהאַט אַ שמועס מיט סיימאָנען מכוח דעם פּראָיעקט און, צווישן אַנדערן, האָט ער אים איבערגעגעבן, אַז נאַנעט איז זייער באַגייסטערט וועגן דעם פּראָיעקטירטן פאַרמער קאָאָפּעראַטיוו, און זי איז אפילו גרייט מיטצואַרבעטן פריי אַלס סעקרעטאַרין פון דעם פּלאַנירטן פּראָיעקט.

סיימאָן, פאַרשטייט זיך, איז געווען מער ווי צופרידן פון אַזאַ פרייוויליקן אָנבאָט מיטצואַרבעטן; בעיקר אין דער התחלה פון דער אָרגאַניזירונג.

נאַנעט האָט אונטער דער אָנווייזונג פון סיימאָנען צוגעגרייט די נויטיקע בריוו און צירקולאַרן וועגן די צילן פון דער פּלאַנירטער פאַרמער אַסאָסיאַציע. די צירקולאַרן זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די „סעטלערס" פון "זוניקן טאָל" און האָבן געלויטעט ווי אַן איינלאַדונג צו דער ערשטער אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג, וואָס וועט פאָרקומען דעם און דעם זונטיק בייטאָג אין דעם גרויסן שייער אויף פּיט קעלאָגס פאַרם.

אונטערגעשריבן פון דעם פּראָוויזאָרישן קאָמיטעט:

פּ י ט  ק ע ל אָ ג  און  ס יי מ אָ ן  ס אַ פּ י ר.

* * *

די גאַנצע קעלאָגס משפּחה: מר. קעלאָג, זיין ווייב, די צוויי זין: סטיוו און באָב, די טאָכטער נאַנעט, און מיט דער הילף פון סיימאָנען, האָבן אָנגעהויבן צו צוגרייטן דעם גרויסן שייער פאַר דער ערשטער פאַרזאַמלונג. די ווענט פון שייער האָט מען אָפּגעקאַלכט, די באַלקנס פון דאַך — באַהאָנגען מיט גרינס; אַרום די ווענט אויסגעשטעלט גרויסע באַבלעטערטע צווייגן פון עקאַליפּטן ביימער; אַן אויפגעקלאַפּטע אימפּראָוויזירטע בינע, אויף וועלכע ס'איז ביי ביידע זייטן געשטאַנען — רעכטס: דער אַמעריקאַנער פלאַג; לינקס: דער פלאַג פון דעם קאַליפאָרניער שטאַט מיט דעם „בער" איינסיגניע אויסגעהעפט מיט גאָלד אויף שוואַרצן סאַמעט.

יענעם זונטיק פון דער פאַרזאַמלונג איז עס געווען אין דעם „זוניקן טאָל" אַ גרויס געשעעניש: אַ גרויסער טייל פון דעם טאָל איז זיך צוזאַמענגעפאָרן אויף דער פאַרם פון די קעלאָגס. ס'איז דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון זייער „סעטלמענט" אַז אַזאַ פאַרזאַמלונג איז צוזאַמענגערופן געוואָרן, וואו ס'וועט גערעדט ווערן וועגן זייערע נאָענטע פאַרמער

אינטערעסן, אויף אַ קאָלעקטיוון אופן און באַזיס. חוץ מזה, זיינען דער רוב פון די פאַרמערס געווען נייגעריק צו זען און זיך באַקענען מיט דעם פיל פּאָפּולאַריזירטן נייעם שכן, סיימאָן סאַפּיר, וועלכער וויל ברענגען פאַר זיי אַ ישועה צו זייער איצטיקן מצב. איז עס געווען באַטירלעך, אַז די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, אַן אָנרעגנדע און געשפּאַנטע.

פּיט קעלאָג האָט גערופן צו „אָרדער" און האָט אָפיציעל געעפנט די פאַרזאַמלונג. אויף אַ פּאָלקסטימלעכן אופן האָט ער דערקלערט פאַר דעם עולם דעם צוועק און ציל פון דעם צוזאַמענקום און האָט דערנאָך פאָרגעשטעלט דעם הויפּט־גאַסט און רעדנער אויף וועלכן אַלע האָבן געוואַרט מיט גרויס אינטערעס צו הערן.

סיימאָן האָט אָנגעהויבן ריידן מיט אַביסל אַ ציטער אין קול. ער האָט אָבער תיכף געוואונען דעם צוטרוי צו זיך און פון די פאַרזאַמלטע:

— מיינע גוטע שכנים! אויף דער איניציאַטיוו פון אונדזער אַלעמענס פריינט, ברודער פּיט קעלאָג, זיינט איר אַלע היינט אַהער געקומען. מיר ווילן דאָ מיט אייך אויף אַ שכנישן און ברידערלעכן אופן זיך דורכשמועסן און באַראַטן זיך וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין, וואָס איז דורכאויס לטובת אונדזערע אַלעמענס אינטערעסן. איז לאָזט מיר קודם כל זיך מיט אייך נאָענטער באַקענען. אמת, איך בין דאָ ביי אייך אין טאָל אַ ניי־צוגעקומענער, איך האָב זיכער ניט אַדורכגעמאַכט די אַלע שוועריקייטן וואָס איך איז אויסגעקומען צו האָבן אַלס די ערשטע „סעטלערס", אָבער, איך בין געקומען אַהער אין דעם טאָל, ניט אַלס אַ פאַרבייגייער, אייך עפּעס צו פאַרקויפן; נייך, כ'בין געקומען צו בלייבן דאָ, זיין איינער פון אייך און מיט אייך. כ'וועל צוזאַמען מיט אייך אַרבעטן פאַר דער פאַרבעסערונג פון אונדזער אַלעמענס מצב. קאָן איך דעריבער ריידן צו אייך ניט ווי אַ דרויסנדיקער, אָדער פרעמדער, נייערט ווי אַן אייגענער, ווי איינער פון אייך...

פון די צירקולאַרן און ידיעות, וואָס איר האָט באַקומען, איז שוין פאַר אייך מער אָדער ווינציק באַקאַנט דער פּלאַן, אַז מיר ווילן דאָ, אין דעם „זוניקן טאָל", זיך אָרגאַניזירן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו אָדער אַן אַסאָציאַציע פון פאַרמערס. מר. קעלאָג און איך האָבן זיך קלאָר געמאַכט און זיך איינפאַרשטאַנען. וואָס מיר דאַרפן האָבן איז אייער אַלעמענס פאַרשטענדעניש און הסכמה צו דעם פּלאַנירטן פּראָיעקט, כדי ממשיך צו זיין די צוגרייטונג פון אַן אָפיציעלע עטאַבלירונג פון אַזאַ פאַרמער אַסאָציאַציע.

— איין זאַך איז זיכער, מיינע גוטע שכנים, אַז מיר האָבן דאָ גוטע פעטע ערד און, מיט גענוג וואַסער פאַר אונדזערע פעלדער, וועלן מיר קענען דאָ פאַנאַנדערבליען אַ גרויסע שפע. נאָר מיט פאַראייניקטע כוחות אין אַן אַסאָציאַציע קענען מיר אונדזער ציל דערגרייכן אַ סך פריער ווי איר קענט זיך גאָר משער זיין. איך וויל דאָ אויך פאַר אייך אַנטפּלעקן אַ זייער גוטע און גאָר וויכטיקע נייעס, וואָס וועט אייך אַלעמען פריידיק איבערראַשן. אין מיין טיילוויייזער פאַרבינדונג מיט דעם אַגראַר דעפּאַרטמענט אין סאַקראַמענטאָ, האָב איך אויסגעפונען, אַז דער לאַנג פאַרלעגערטער איריגאַציע פּראָיעקט פאַר דער באַוואַסערונג פון דעם גאַנצן ראַיאָן פון „זוניקן טאָל" איז איצט אין פולן שוואונג צו באַשטימען דעם בודזשעט און אויך די פאַרטיילונג פון וואַסער. ס'וועט זיך דעריבער פאָדערן פון אונדזער זייט צו זיין אָרגאַניזירט און שטיין אויף דער וואַך, אַז דאָס רעכט און געבוריך פון דעם וואַסער־פאַרטייל פאַר אונדזערע „סעטלערס" זאָל נישט באַ'עוולה'ט ווערן.

— אונדזער פּלאַן פון דער פאַרמער אַסאָסיאַציע קען דעפיניִרט ווערן ווי פאָלגט: זיין סאָליד אָרגאַניזירט; קאָאָפּעראַטיוו צוזאַמענ־אַרבעטן; קויפן און פאַרקויפן אונדזערע פּראָדוקטן אין גרויסער קוואַנטיטעט, וועלן מיר קענען דיקטירן די פּרייזן ביז אַ געוויסער מאָס, און ניט בעמען די פּרייזן וואָס מען גיט אונדז. דאָס זעלביקע איז מיט „טראָקינג" טראַנספּאָרטאַציע, וועלן מיר ניט זיין געצוואונגען תמיד אָנצוקומען צו די באַן קאָמפּאַניעס, וועלכע נעמען פריער אַרונטער דאָס פעטס פון אונדזערע פאַרדינסטן. נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן מיר רעדו־צירן אונדזערע הוצאות און במילא פאַרגרעסערן אונדזער הכנסה.

— אין אַנדערע ווערטער, ווען מיר וועלן ניט זיין אינגאַנצן אָפּהענ־גיק פון פרעמדע פון דרויסן, וועלן מיר ערשט דאַן קענען געניסן אין אַ פולער מאָס די ברכה פון אונדזער מאַמע־ערד. דאָס, מיינע טייערע שכנים, איז ניט קיין חלום אָדער פאַנטאַזיע, נייערט אַ פּראַקטישע נאָענטע מעגלעכקייט, אויב מיר וועלן פאַרשטיין די גרויסע ווערט פון אַחדות און קאָאָפּעראַציע . . .

— גערעכט, ברודער סיימאָן ! גערעכטע ביסטו ! — האָבן זיך געהערט אויסרופן פון די פאַרזאַמלטע, און נאָכגעפאָלגט מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך אַ קורצע פּויזע האָט סיימאָן ממשיך געווען:

— ברידער פאַרמערס ! זייענדיק אָרגאַניזירט, קענען מיר גאָר

אַ סך זאַכן אויפטאָן לטובת אונדזער מצב. האָבנדיק געניג וואַסער פאַר אונדזערע פעלדער, וועלן מיר אויך קענען מיט דער צייט אומבייטן די ביז איצטיקע „טרוקענע" פאַרמינג פון ווייץ און האָבער שניט, אויף אַן אַנדער פאַרזיי. אונדזער ערד איז דאָ אַ פעטע און אַ פּראָדוקטיווע און קען זייער גרינג אַדאַפּטירט ווערן צו אַזעלכע פלאַנצונגען, וואָס וועט אונדז בלי ספק ברענגען בעסערע רעזולטאַטן און גרעסערע רווחים.

— גלויבט מיר, מיינע גוטע שכנים, אַז איך בין געווען גענוי באַ־קאַנט מיט די ביז־איצטיקע אומגינסטיקע באַדינגונגען פון די פאַרמערס אין דעם טאָל, נאָך איידער כ'האָב איבערגענומען מיין פאַרם. מיך האָט דער היגער מצב ניט אָפּגעשראָקן, מחמת איך האָב געזען דאָ די פּאָטענצן, בעיקר מיט דעם צופלוס פון וואַסער, פאַר גרויסע פאַרבעסערונגען.

* * *

די רעדע סיימאָנ'ס וועגן דעם קאָאָפּעראַטיוון פּראָיעקט, וועגן דעם מצב פון די פאַרמערס אין „זוניקן טאָל", האָט אויף די פאַרזאַמלטע גע־מאַכט אַ גרויסן רושם. זיי האָבן דערפילט, אַז עס רעדט צו זיי אַ מענטש מיט האַרץ און נשמה, אַן אייגענער, וואָס פילט מיט זיי מיט און פאַרשטייט זיי אַמבעסטן...

מר. קעלאָג, דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג, איז תיכף צוגע־טראָטן צו דערוויילן אַ דירעקטאָריום פון ניין אַחיות'פולע סעטלערס פון דעם ישוב, וועלכע זאָלן אָנהייבן צוגרייטן די נויטיקע פּאַפּירן און פאַר־מאַליטעטן צו אָרגאַניזירן אָפיציעל די פאַרמער אַסאָסיאַציע. סיימאָן ווערט אייגשטימיק באַשטימט אַלס דער דירעקטאָר פון דער אונטער־נעמונג; סעקרעטאַר און פאָרזיצער וועט די ערשטע זיצונג פון דעם דירעקטאָריום פון זיך דערוויילן.

נאָך דעם שלוס פון דער היסטאָרישער פאַרזאַמלונג פון „זוניקן טאָל" זיינען אַ צאָל פון שכנים געבליבן. מען האָט גערעדט צווישן זיך; וועגן דעם פּלאַנירטן איריגאַציע פּראָיעקט, וואָס סיימאָן האָט פאַר זיי אַנטפּלעקט, און בעיקר, די אויסזיכטן אויף זיין באַלדיקער רעאַליזי־רונג. פאַרשטייט זיך אַז מ'האָט אויך גערעדט צווישן זיך, וואָס פאַר אַ גוטן איינדרוק דער בייער שכן זייערער, סיימאָן, האָט אויף זיי געמאַכט;
— ער האָט זיך באַוויזן צו אונדז טאַקע ווי אַ שליח פון גאָט — האָבן אַנדערע צוגעגעבן...

ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדער־

פאַרן, מיטנעמענדיק מיט זיך די געהויבענע שטימונג וואָס די פאַר־זאַמלונג האָט אויף זיי איבערגעלאָזט, און אויך די פריידיקע האָפענונגען פאַר אַ גאָענטע שפעדיקע צוקונפט...

סיימאָן, פּיט קעלאָג און מיט דער הילף פון זיין טאָכטער נאַנעט, וועלכע איז שטאַרק היגנעריסן געוואָרן פון סיימאָנס פּערזענלעכקייט, פון זיינע אויפריכטיקע און לאָגישע רייד און בכלל פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט צו איר עפּעס, ווי אַ נייעם ציל און זין אין לעבן — האָבן זיך תיכף גענומען צו דער אָרגאַניזיר אַרבעט.

די ערשטע זיצונג פון דעם דירעקטאָריום האָט דערוויילט פון זיך די נויטיקע באַאַמטע, כדי אָפיציעל סאַנקציאָנירן די „פאַרמר אַסאָצי־אַציע": מר. ראָבערט סאָרענסאָן, אַ לאַנג־יאָריקער תושב אין „טאָל" איז דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט; סטיפען גודווין, קאַסירער; פּיט קעלאָג, סעקרעטאַר; סיימאָן סאָפּיר, אַלס דירעקטאָר אַדמיניסטראַ־טאָר. דער אַפּאַראַט איז איינגעשטעלט געוואָרן, מ'האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די נויטיקע באַאַמטע אין סאַקראַמענטאָ; צוגעגרייט די נויטיקע פאָרמאַלע און געזעצלעכע דאָקומענטן פאַר דער ניי־געגרינ־דעטער פאַרמערס אַסאָציאַציע פון דעם „זוניקן טאָל".

## ז.

ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז פּיט קעלאָגס טאָכטער, נאַנעט, וועלכע האָט פאַרנומען אַ ביז גאָר וויכטיקן אָרט אין סיימאָנס ביוראָ, ביי דער אַרבעט פון דעם פאַרמער קאָאָפּעראַטיוו און פאַרמירונג פון דער אַסאָציאַציע, אַז צווישן ביידן זאָלן זיך אָנהייבן אַנטוויקלען אַ נאָענט־שאַפט. דאָ האָבן זיי ביידע געהאַט די געלעגנהייט צו קענען לערנען זייערע כאַראַקטערן, נייגונגען און תנועות...

נאַנעטס עלטערן וואָלטן געווען מער ווי צופרידן, ווען אַ שידוך צווישן ביידן זאָל אויסגעפירט ווערן... נאַנעט, ווידער, האָט געוואַרט מיט ניט ווייניק האָפענונג, אַז סיימאָן וועט דאָך ביי איר „בעטן די האַנט" און מאַכן דעם פאַרשלאָג זיך צו פאַרקנסן...

הגם סיימאָן האָט געהאַט פאַר נאַנעטן אַ זייער וואַרעמען געפיל און האָט אויך געטראַכט וועגן אַ מעגלעכן שידוך צווישן אים און איר; דאָך האָט ער זיך ניט איבריק געאיילט; עפּעס ווי אַ שטיקל מניעה האָט זיך ביי אים געפּלאָנטערט אין זיינע מחשבות בשייכות מיט דעם. כאָטש

ער איז שוין מיט איר עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָרן צו אַ „קינאָ“, אַ טעאַ־טער פאָרשטעלונג אין אַ נאָענטער שטאָט; געפירט מיט איר לענגערע שמועסן וועגן לאָקאַלע און וועלט ענינים, און אים איז אנגענעם געווען איר באַהאַוונטקייט און אינטעליגענץ; אָבער „עפּעס“ האָט אים דאָך צוריק געהאַלטן אַרויסצוקומען מיט אָפענע דיבורים, וואָס נאָענט האָט אַזוי גערן שוין געוואָלט הערן... אָט דער „עפּעס“ איז דווקא ניט געווען ווי אַן אויסזעצונג קעגן איר פּערזענלעכד. ביין, זי איז אים דווקא שוין גאָר געפעלן געוואָרן: נאָענטס שיין לויטער געשטאַלט פון מיטעלן וואוקס מיט אַן ענערגיש פּנים און עטוואָס פאָררייסן נעזל, טיפע אויגן בלויע, ווי דער הימל איבער דעם זוניקן טאָל, און געדיכטע, כוואַליעדיקע בלאָנדע האָר האָבן באַקרוינט איר שטאָלצן קאָפּ. אָט־די אַלע שיינהייט־שטריכן האָבן סיימאָנען שטאַרק פאַרכאַפּט...

אויך סיימאָנ׳ס מראית־עין האָט נאָענטן ניט ווייניקער פאַרכאַפּט און שטאַרק אימפּאָנירט: ער — אַ הויך געוויקסיקער און שטאָלטנער, מיט אַ טונקל פון זון פאַרברוינט פּנים, ווייכע גוטמוטיקע טונקעלע אויגן און געדיכטע טוינקל־ברוינע האָר און אַ גאָר אנגענעמער מיט־שמועסער... אַ גאָט־געבענטשטע פּאָר!

דער „עפּעס“, וואָס ער האָט אין געוויסע מאָמענטן זיך גע־ראַנגלט אין זיינע מחשבות, כדי צו געפינען אַן אויפקלערונג און קומען צו אַ דעציזיע, איז גאָר געווען איר ניט אידישקייט: חתונה האָבן מיט אַ ניט יידיש מיידל און האָבן מיט איר קינדער — מיינט עס ניט ווי ער רייסט איבער מיט זיין אייגענעם שטאַם?... האָט ער רעזאָנירט. כאָטש ער איז ניט געווען שטרענג רעליגיעז און האָט בכלל ניט געהאַט קיין רעליגיעזע דערציאונג, איז ער אָבער דאָך אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ יידישער סביבה צווישן יידן. ס׳זיינען ביי אים געווען מאָמענטן, אַז צווישן ניט־יידן, סיי ציוויל און סיי אין דער אַרמיי, האָט מען אים ניט געלאָזט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד! איז אָט־דער „עפּעס“ האָט אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין אים געדלובעט און אָפט געבראַכט אים מאָמענטן מיט זיך פון ישוב הדעת און זוכן אַ תשובה און אַ באַרעכטיקונג פאַר אַ דעציזיע, וואָס ער וועט פריער אָדער שפּעטער מסתמא מוזן אָננעמען...

— ווי איך פאַרשטיי — האָט ער אין זיינע מעדיטאַציעס בשייכות מיט דעם ענין צו זיך אַ זאָג געטאָן: — אַז ביי זיי, סיי ביי נאָענטן און סיי ביי אירע עלטערן, איז אַזאַ פראַגע הפּנים ניט אַרויפגעקומען! זיינען זיי עס דען מער ליבעראַלער און פריי־וועלטלעכער פון מיר?!... די

פראַגע איז דאָך ניט אין וואָס איינער גלויבט, דער עיקר איז דאָך צי דער מענטש אַליין שטייט אויף אַן עטיש־מאָראַלישער הויך! און, ווי כ'האָב געקענט לערנען די קעלאָגס, זיינען זיי עכט טאָלעראַנטע מענטשן; זיי האָבן פאַר מיר גרויס דרך־ארץ, און דאָס מיידל, נאַנעט, אויך דאָס אייגענע, פּלוס אַ וואַרעם ליבע געפיל פאַר מיר... חוץ מזה, וועט אַ יידיש מיידל פון דער גרויסער שטאָט גאָרניט וועלן אַרויסקומען אַהערצוצו, און וועט אויך ניט זיין צופרידן צו לעבן אויף אַ פאַרם, שאַפן דאָ אַ משפחה, איינוואָרצלען זיך דאָ אויף דער ערד... אין מיינע וואַנדערונגען איבער צפון און דרום קאַליפאָרניע, צווישן די פאַרם ראַיאָנען, נאָך איך מיין פריער יוגנט, האָב איך זעלטן באַגעגנט אַ יידישע משפחה אויף ערד. אפשר דאָ און דאָרטן איז יאָ געווען, האָבן זיי זיך ניט געלאָזט, ווי אַזעלכע צו דערקענען...

— און וודער — האָט ער ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פאַר אַ באַ־רעכטיקונג פאַר זיין קומענדיקע האַנדלונג — בין איך דען אַ יוצא מן הכלל אין דעם פאַל?... פון מיינע חברים סטודענטן, וואָס קומען פון פרום־רעליגיעזע משפחות און איינער איז אפילו אַ ראַבייס אַ זון, האָבן זיך משדך געווען מיט ניט־יידישע מיידלעך, חתונה געהאַט און האָבן שוין אפילו אויך קינדערלעך. ביי איינעם פון זיי איז די ווייב פון אַ פרום קאַטוילישער משפחה, און ביי איר איבערן בעט הענגט נאָך אַן „איקאָנע" פון דער „הייליקער מאַריע"!... איז וואָס זאָל איך, סיימאָן סאַפּיר, שוין זאָגן? מיינע עלטערן האָב איך ניט וואָס צו שוינען; כ'וועל זיי, דעם טאַטן מיינעם און דער שטיפמאַמען, קיין עגמת־נפש ניט פאַרשאַפן. מיט זיי האָב איך דאָך בכלל ניט וואָס צו רעכענען זיך. זיי האָבן מיר גענוג ווי געטאָן אין מיין קינדהייט, און האָבן בכלל אַן מיר ניט קיין שום אינטערעס. כ'האָב דאָך גענוצט פון קינדוויס אָן זיך אַליין אַדורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן. דאָס וואָס איך בין, איז עס דורך מיין אייגענעם ווילן און עקשנות — „אַ סעלף מייד מען" — ווי מ'רופט אַזעלכע. און דאָ, אין אָט־דעם „זוניקן טאָל", צווישן אָט־די פּשוטע, אַרבעטנדיקע, צו ערד צוגעבונדענע גוטע מענטשן, קען איך האָבן גרויסע געלעגנהייטן צו וואַקסן אין חשיבות און אין פאַרמעג...

נאָך אַזאַ אויספירלעכן ישוב הדעת מיט זיך אַליין, איז ער ענדלעך געקומען צו דער מסקנה, אַז ער וועט ביי דער נאָענטער געלעגנהייט „בעטן נאַנעטס האַנט." און אויך דערנאָך וועט ער בעטן די הסכמה ביי אירע עלטערן...

## ח.

איינמאָל האָט סיימאָן אַ פרעג געטאָן נאָנעטן, זיצנדיק ביי אים אין דער „ביוראָ" ביים שרייב־טיש:

— נאָנעט, וואָלט איר וועלן אַרויספאָרן מיט מיר אין די בערג פאַר אַן אָפּרו, איבערן טאָג בלויז. כ'וואָלט זייער וועלן אַביסל זיך נעענ־טער באַקענען מיט די טיפּעניש פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום אונדזער טאָל.

נאָנעט האָט שוין דווקא לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אַזאַ געלעגנהייט. זי האָט געפילט אַז פון אַזאַ נסיעה אין די בערג, אין דער גרויסער שטילער איינזאַמקייט, צווישן די געבערג, וועט עפּעס, אויף וואָס זי האָט שוין לאַנג געוואַרט צו הערן פון סיימאָנען; וועט עס מסתמא פון דאָרטן קומען...

— ווען, דענקט איר, וואָלטן מיר געקענט אַרויספאָרן, מר. סיימאָן?

— האָט נאָנעט מיט באַהאַלטענער פרייד אים געפרעגט.

— כ'גלויב, אַז זונטיק גאַנץ פרי, וואָלט געווען פאַר אונדז באַקווע־מער, אַ גאַנצער פרייער טאָג.

— גוט, מר. סיימאָן, אויב אַזוי וועל איך טאָקע אַלץ צוגרייטן: אַ גוטן מאָלצייט, אַ „טערמאָס" מיט קאַווע און אויך אַ פּאָר אַנגעזאָטלטע „רייטערלעך".

ס'איז געווען אַ לויטערער זוניקער פרימאָרגן, ווען דאָס פּאָרל איז אַרויסגעפאָרן אין די בערג. הגם דער האַרבסט האָט זיך צוביסלעך שוין אָנגעהויבן צו פילן; די בלעטער פון די ביימער אין טאָל האָבן דאָ און דאָרט צוביסלעך אָנגעהויבן אַרונטערצופאַלן. די ערד און די פרי־מאָרגנס זיינען שוין געווען קאַלטלעך, כמעט פרעסטלדיק; די געלבלעכע טרוקענע ווילדגראָזן אויף די פלאַכע פריריס האָבן גאָלדיק געבלאַנקט אַנטקעגן דער זון; אַ טייכל פון וויטנס האָט פון די אַראָפּפאַלנדיקע זון־שטראַלן ערטערווייז פריידיק זיך געשפּילט, גלייך ווי געשמייכלט און די ביימער פון אַ נאָענט באַגלייטנדיק וועלדל האָבן שאָרשנדיק און מורמלענדיק, ווי תפילה געטאָן...

אַריינרייטנדיק צוערשט אין אַ שמאָלן טאָל, צווישן צוויי ריזן־בערג, האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ וואונדערלעך פּענאָמענאַל בילד: ראָוז און געל־קאָלירטע שטיינער בערג, מיט אויסגעשניצטע געזימסן און פיגורן, ווי ספינקסן, אויסגעשטעלטע און קינסטלעריש אויסגעאַרבעט ווי פון אַ מייסטער־האַנט... וואָס טיפער זיי זיינען אין דעם שמאָלן טאָל אַריינ־

גערי̇טן, אַלץ מער נאַטור־וואונדער האָבן זיי פאַר זיך דערזען. זיי זיינען ביידע אַנגעצונדן געוואָרן פון אַן אומבאַגרעניצטע התלהבות. רייטנדיק אויף די סוסים האָבן זיי פאַרריסן זייערע קעפּ צו די בלויע הויכקייטן און באַוואונדערט די קינסטלערישע פאַרמירונגען פון די בערג.

זיי זיינען דערנאָך אַריינגערי̇טן אין אַ נייעם „רענדזש" פון בערג. די שטילקייט אין אָט־דעם גאַנצן געבערגיקן אַרום און פון דעם סוף־זומערדיקע וואַרעמקייט אין טאָל, האָבן זיי זיך גאַרנישט געקענט משער זיין, אַז טיפער און העכער אין אָט־די געדיכטע באַבוימערטע בערג זאָל זיין אַזאַ גרויסער נאַטור און קלימאַטישער אומבייט אין דעם גאַנצן אַרום...

זיי האָבן זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אויף אַ פלאַך שטיק לאַנד, נעבן אַ געדיכט וועלדל. זיי האָבן צוגעבונדן די פערדלעך צו אַ בוים. נאַנעט האָט אָפּגעבונדן דאָס קוישל מיט דעם עסן פון איר זאָטל, אויסגעשפּרייט אַ גרין־קאָלירט טישטעכל אויף דעם ווילד־גראָז און בלעטער און האָבן דאָ געהאַט זייער מאָלצייט.

זיי זיינען געזעסן ביידע פאַרכאַפּט פון דער וואונדערבאַרער נאַטור־שיינקייט און דינע שטילקייט. סיימאָן האָט איבערגעריסן דאָס שטיל־שווייגן מיט אַ באַמערקונג:

— זעסט, נאַנעט, אָט־די בילדלעכע נאַטור־שאַפונגען זיינען ווי געמאָלן פון אַ קינסטלער־האַנט — „נאַטור און לעבן". אָט זעסטו דאָ אַ וואונדערלעכע קאָלעקציע פון כלערליי נאַטור־שיינקייטן און דער־שיינונגען, קאָנצענטרירט אין איין שטח. זעסט פאַר זיך אַ מאָדנע מעטאַמאָרפאָזע: זון און גרינקייט אַרום אונדז און, אין וויטן דיסטאַנץ טראָגן די בערג־שפּיצן אויף זיך שניי־ווייסע מיצן און די זון־שטראַלן פון די בלויע הויכקייטן וואַרפן אויף זיי מיט בלענדיקן גאָלד און זילבער...

— יאָ, סיימאָן — האָט נאַנעט מיט ליבשאַפט אין אירע בלויע אויגן אַריינגעקוקט אין זיינע. — יאָ, ס'איז שיין, נאַטור־רייך און אייגנאַרטיק, אַנדערש. מ'דאַרף אָבער זיין אַ דיכטער מיט גרויסער ליבע צו דער נאַטור ווי דו, סיימאָן, כדי דאָס אַלץ באַנעמען, אַריינגעמען אין זיך אַלץ און דאָס אַזוי שיין דורכלעבן...

— אַ דאַנק, נאַנעט, פאַר דיין אָפּשאַצונג און שיינעם קאָמפּלי־מענט — האָט סיימאָן מיט צאַרטקייט און וואַרעמקייט געדריקט איר האַנט.

זיי זיינען געבליבן זיצן אויף דעם קילן גראָז, האַלטנדיק איינע די אַנדערע ביי די הענט, באַוואונדערנדיק די פּאַנאָראַמע אַרום און שווייגנ־דיקע זיך צוגעהערט צו דעם פאַרכישופטן אַרום. דאָ און דאָרטן האָט

זיך געהערט דאָס זשומען פון די שמעטערלינגען, דאָס טוויטשערן פון די פייגעלעך, דאָס שטילע רוישן פון אַ ניט־וויטן וואַסער־שטראָם. אין די קוסטעס אַרום זיי האָבן טעטיק געזשומעט בינען; פייגעלעך אויף די צווייגן האָבן, שפּרינגענדיק איינס צום צווייטן, זיך געטוליעט און זיך געקושט אין די שנאָבעלעך. אין גראָז אויף דער ערד האָט פאַרוויז געשווירבלט מיט זשוקעלעך און מוראַשקעס. אין דער נאַטור איז אָנגעגאַנגען דער גרויסער, אייביקער, שטילער און כסדרדיקער פּראָצעס פון ליבע, געבורט און וואוקס...

ס׳האָט זיך דאָ געפילט ווי די גאַנצע נאַקעטע און רוי־נאַטור אַרום איז אָנגעפילט און פאַרכאַפּט מיט עראָטישקייט און גלוסטנדיקע באַגערן...

זיי זיינען ביידע געבליבן זיצן, פאַרנומען און באַהערשט מיט דעם זעלביקן געדאַנק און געפיל...

— וזעסט, נאַנעט — האָט סיימאָן איבערגעריסן די שטילקייט — אָט־די גאַנצע נאַטור אַרום, דאָ און אומעטום, סיי אין דער וועלט פון פלאַנצן און סיי צווישן די בעלי־חי, ווייסן ניט פון געזעצן וואָס עמיצער האָט פאַר זיי איינגעשטעלט. זיי לעבן ניט נאָך די פאַרפאַסטע קאָדעקסן פון אַ געווויסער מאָראַל און עטיק, ווי ביי אונדז מענטשן. זייער גאַנג אין לעבן און דער פּראָצעס פון ליבע, גענוס און באַהעפטונג, גייט אָן ביי זיי אומגעשטערט פון קיינעם — פריי, נאַטור־טריי און אָן רעזער־וואַציעס . . .

זיי האָבן ביידע פּלוצלינג אינסטינקטיוו דערפילט, אַז די שפּילעוו־דיקע פינגער פון זייערע הענט, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן און געצערטלט איינע די אַנדערע, זיינען מיטאַמאָל איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ שטאַרקן פייערלעכן צודריק און אין דער זעלבער רגע האָבן זיי זיך קערפּערלעך דערנענט איינס צום אַנדערן; איינגעקלאַמערט געוואָרן און האָבן פאַרזיגלט זייער פּלוצימדיקן ליידנשאַפטלעכן אויסברוך מיט אַ לאַנג־דויערנדיקן קוש...

אָט־דער ספּאָנטאַנער אויפברויז פון אַ הייסן ליבע געפיל האָט זיי ניט נאָר אינטים דערנענט, נייערט אויך באַפרייט פון זיי אַ סך פריער־דיקע צוימונגען, וואָס האָט זיי אינערלעך באַהערשט. אין איצטיקן מאָמענט האָט זיך געעפנט פאַר זיי אַ פרייער און אומגעשטערטער צוטריט איינס צום אַנדערן. זייערע ציגגער זיינען איצט לויזער געוואָרן און די באַציאונג איז געוואָרן היימישער, אינטימער און פרייער...

די ביז־איצטיקע דיסטאַנץ, וואָס האָט ווי אַן אומזיכטבאַרע האַנט

פאַרהאַלטן זייער מויל צו זאָגן דאָס וואָס האָט זיך געוואָלט זאָגן איינס דאָס אַנדערע, איז אין דעם געגעבענעם מאָמענט, אין אָט־דער שטילער נאַטור־סביבה, אין דעם גאַנצן נאַטור־שיינעם אַרום, וואו זיי בײדע, צוויי יונגע, לעבעדיקע און קרעפטיקע מענטשן, אין דער מיט פון אָט־דער ליבנדיקער, לעבנס פולסירנדיקע און באַהעפטנדיקע ערדישע נאַטור, זיינען זיי ביידע אויך דאָ געוואָרן אַ מיטווירקנדיקער טייל פון אָט־דעם גאַנצן, פרייען נאַטור שעפערישן אַרום... זייער צוגאַנג און באַנעמונג צווישן זיך איז מיטאַמאָל געוואָרן ביי זיי אומגעצוימטער, פרייער, געזונט מענטשלעכער און ערדישער...

די צוויי „רייטערלעך" זייערע, צוגעבונדן צו אַ בוים פון דעם דער־בייאיקן וועלדל, האָבן שפילנדיק און ליבלעך, ווי געביסן איינע די אַנדערע. אויך זיי האָבן הפּנים אנטייל גענומען אין דער שפּיל פון דער נאַטור... פון צייט צו צייט האָבן זיך געהערט זייער צופרידענער הירזשען און אויך זייער אומרואיקער קלאַפּן מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד און דער שאָרשען פון די טרוקענע בלעטער אַרום זיי, גלייך ווי זיי וואָלטן גערופן צו זיך זייערע באַזיצער, די רייטער. די אומרואיקייט פון די פערדלעך זייערע האָט זיי ביידן, נאַנעט און סיימאָן, מיט אַמאָל ווי אויפ־געוואַכט און זיי געבראַכט צו זיך...

סיימאָן האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם ווילד־גראָז, געבליבן שטיין און קוקנדיק אויף דער נעבן אים נאָך ליגנדיקער נאַנעט, אַזאַ פריידיקע, אַזאַ באַשטראַלטע, האָט ער מיט אַ פריידיקן שמייכל אויסגעצויגן זיינע הענט צו איר און אויפהייבנדיק זי פונעם גראָז, האָט ער זי איינגעשלאָסן אין זיינע שטאַרקע ברייטע אָרעמס. זיי האָבן זיך ניט געקענט מער אָפּרייסן איינס פון אַנדערן... געאָרעמטע זיינען זיי צוגעגאַנגען צו זייערע „רייטערלעך".

ווי אַ געליבטע כּלה, ווען דער חתן, ווי דער מנהג איז, טראָגט זי אַריבער די שוועל פון זייער הײם תּיכף נאָך דער חתונה, אַזוי האָט סיימאָן מיטאַמאָל אַ נעם געטאָן נאַנעטן אויף זיינע הענט, זי צערטלעך און ריטערלעך אַרויפגעזעצט אויף דעם זאָטל פון איר רייט־פּערדל. ער האָט אַריינגעשטעלט אירע פיסלעך אין די פיס־האַלטער פון זאָטל, און דערנאָך אַליין אַ שפּרונג געטאָן פון פרייד און אַרויפגעכאַפּט זיך אויף זיין „רייט־פערדל", אַ ריר געטאָן זיך פון אָרט, האָבן זיי ביידע, ווי קינדער, פריילעכע, אויסגערופן צו דעם גאַנצן באַוואַלדערטן און באַבערגערטן אַרום: „אַ רעוואָואַר! אַ רעוואָואַר!"

אַזוי האָבן זיי זיך עקזאַלטירנדיק געזעגנט מיט דעם הערלעך, נאַטור באַצויבערנדיקן ווינקל, וואו דאָס סודותדיק וועלדל, דאָס ליכט און שאָטן פון באַרג און טאָל, און אין וויטן דיסטאַנץ — די מיט שניי־באַדעקטע בערג־שפּיצן זיינען געווען הייליקע, שטילע עדות פון דער נאַטור־געבענטשטער פאַראייניקטער פּאָר...

## ט.

קומענדיק אַהיים, איז שוין געווען אין פריען אָוונט: די קעלאָגס האָבן שוין אַרויסגעקוקט אויף זייער צוריקקער און טאָקע אויך געוואַרט אויף זיי מיטן אָוונט־ברויט. טאַטע־מאַמע האָבן ביים טיש־מאַלצייט זיך נאָכגעפרעגט, ווי זיי האָבן פאַרבראַכט און געפרעגט סיימאָנען ווי עס געפעלט אים דער שמאָלער טאָל און דער וואַלד צווישן די בערג.

— וואונדערלעך שיין, אימפּאָזאַנט און פּיקטורעסק — האָט סיימאָן דערציילט מיט באַגייסטערונג. נאָכן מאָלצייט איז מען געזעסן געמיטלעך און געשמועסט איבער לאָקאַלע ענינים. ווען פרוי קעלאָג האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט אין קיך, איז זי דערנאָך אַריינגעקומען אין פראָנט־צימער און איינגעגלעסטלט זיך אין אַ ווייך־שטול, און אויך גענומען אַנטייל אין די שמועסן. סיימאָן, זיצנדיק נעבן נאַנעטן, האַלטנדיק איר האַנט, האָט אין דעם מאָמענט אַ זאָג געטאָן צו דער מיסעס קעלאָג און גלייכ־צייטיק צו מיסטער קעלאָג:

— מיר האָבן אייך דערציילט, נאַנעט און איך, ווי מיר האָבן היינט פאַרבראַכט אין די בערג. אָבער... מיר האָבן אייך ניט דערציילט, וואָס מיר האָבן דאָרטן געלערנט!

די עלטערן זיינען געבליבן זיצן, מויל און אויערן אָפן מיט חידוש אין די אויגן...

— מיר האָבן פאַר זיך אָפּן דערקלערט, וואָס מיר האָבן געפילט איינע צו די אַנדערע שוין פאַר אַ לענגערער צייט, נעמלעך: אַז מיר האָבן זיך ליב! און... אַז איך בין איצט גרייט, מיט אייער הסכמה נאַטירלעך, צוצונעמען פון אייך אייער נאַנעטן פאַר זיך! . . .

פרוי קעלאָג האָט געוואָרפן אַ זייטיקן בליק, אָט אויף נאַנעטן, וועלכע איז געזעסן נעבן סיימאָנען, מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע אויף אירע קאַרמין־רויטע ליפּן און צעפלאַמט פּנים, און אָט אויף איר מאַן, מר. קעלאָג, ווי פאַר אַ תשובה; און דערנאָך, מיט אַ ציטער פון פרייד אין איר שטים אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר קינדער זענט נאָר צופרידן, גיבן מיר אייך אונדזער הארציקסטע ברכה ! . . .

נאַנעט איז צוגעלאָפן צו דער מאַמען, איר וואַרעם אַרומגענומען און היים זיך צעקושט... דאָס אייגענע מיטן טאַטן. מר. קעלאָג, אַ צופרי־דענער, אַן אויפגעהייטערטער, האָט תיכף געשטעלט ווין צום טיש. מיסעס קעלאָג האָט אַריינגעבראַכט צובייסן און מ'האָט נאָך פאַרווײלט משפּחהדיק אין אַ געהויבענער שטימונג אַ פּאָר שעה...

ביים געזעגענען זיך האָט נאַנעט אַרויסבאַגלייט סיימאָנען. זיי האָבן זיך וואַרעם און האַרציק צעקושט און געוואונטשן זיך גוטע חלומות...

* * *

די קעלאָגס, מיט דער צושטימונג פון סיימאָנען, האָבן באַשטימט די חתונה פון דעם יונגן פּאָר־פאָלק אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער. נאַנעט האָט שוין אָנגעהויבן זיך גרייטן, איינצוקויפן כלערליי זאַכן, נייע באַלע־באַטישקייטן. סיימאָן האָט אויך באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן די שטוב מיט נאָך אַ פּאָר צימערן, אויך צובויען אַ בייע, אַ גרעסערע ווערא־נדע אַרום דער שטוב. ער האָט זיך באַראַטן מיט די קעלאָגס וועגן דעם געבוי און דער צוקונפטיקער שוועך מיט זיינע צוויי בחורים, סטיוו און באָב, האָבן זיך אונטערגענומען צו העלפן אין דעם געבוי. סיימאָן האָט תיכף באַשטעלט דאָס נויטיקע געהילץ און אַלע אַנדערע מאַטעריאַלן און אַזוי גיך ווי דאָס געהילץ איז געבראַכט געוואָרן האָט מען זיך תיכף געשטעלט צו דער בוי־אַרבעט.

דער האַרבסט האָט זיך געשטעלט מיט טיילווייזע רעגנס און ווינטן. אויף די פעלדער איז די אַרבעט געווען כמעט ווי פאַרענדיקט, האָבן די קעלאָגס מיט סיימאָנען געאַרבעט אַרום די בוי־אַרבעט. אַזוי איז די שטוב געוואָרן פאַרטיק און אויפגעריכט אַ פּאָר וואָכן פאַר דער חתונה פון סיימאָן און נאַנעט.

די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן אין דעם זעלביקן גרויסן שייער פון די קעלאָגס, וואו די ערשטע אָרגאַניזיר פאַרזאַמלונג פון דער פאַרמערס אַסאָסיאַציע איז פאַרמירט געוואָרן. כמעט אַלע שכנים און פריינט פון די קעלאָגס און סיימאָן זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן צו דער חתונה־שמחה פון סיימאָן און נאַנעט. איצט איז שוין סיימאָן זיכער געוואָרן איינער פון זיי, און ס'איז שוין ביי קיינעם מער קיין ספק ניט געווען וועגן זיין „דרויסנדיקייט" אָדער „פרעמדער"... מחמת דאָס

מתייחד זיין זיך מיט אַן איינגעוואָרצלטן תושב פון דעם טאָל, איז ער, סיימאָן, שוין במילא געוואָרן אַן אייגענער און די אידייע פון דער פּלאַניר־טער פּאַרמער אַסאָציאַציע איז געוואָרן מער בינדענד און מיט שטאַרקערן שוואונג.

במשך עטלעכע וואָכן איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע צוגרייטונגס אַרבעט אין דער „ביורא" ביי סיימאָנען; שרייבן כלערליי בריוו, אונטער־שרייבן פּאַרמאַלע פּאַפּירן פון דער געגרינדעטער אַסאָציאַציע; אַ קאָ־מיסיע פון דעם קאָאָפּעראַטיוו האָט פאַרהאַנדלט מיט אַ טראַקטאָר קאָמ־פּאַניע, כדי צו פּאַראַקערן דעם גאַנצן באָדן פון די „סעטלערס" תיכף נאָך די רעגנס, כדי גרייט צו מאַכן דעם באָדן פאַר אַ פריען פרילינג־פּאַרזיי.

אונטער דער דירעקציע פון סיימאָן איז אָנגעגאַנגען דעם גאַנצן האַרבסט און ווינטער אַן אַקטיווע פיבערהאַפּטיקע טעטיקייט אויף די פעלדער; דער טראַקטאָר האָט ריטמיש געקלאַפּט, אַקערנדיק דעם באָדן; אַ „דיסקער" האָט נאָכגעפּאָלגט דעם טראַקטאָר, צעבראַנעוועט, צע־ברעקלט און אויסגעגלייכט די ערד, גרייט געמאַכט פאַר דער זיי־מאַשין.

אין דער זעלביקער צייט איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט אַרום דעם איריגאַציע סיסטעם פאַר דעם ראַיאָן פון „זוניקן טאָל". לויט דעם צוזאָג, האָט דער איריגאַציע פּראָיעקט געדאַרפט זיין פאַרטיק אין פריען פרילינג, און דער קאָאָפּעראַטיוו פון די פּאַרמערס האָבן גע־לייגט אַ סך האָפענונג אויף דער איריגאַציע פאַר די פעלדער.

דער באָדן איז געווען פּאַראַקערט און פאַרזייט מיט ווייץ און האָבער; די בייטן דורכגעשניטן אין גלייכע לאַנגע רייען, גרייט אויפצונעמען די וואַסער פון די איריגאַציע קאַנאַלן; אָנצוזאַפּן די פאַרזייטע פעלדער. מ'האָט געוואָרט דאָס וואַסער זאָל אַריינפליסן אין צייט, אָבער, ליידער איז די וואַסער צו דער באַשטימטער צייט ניט אַריינגעקומען. די פּאַרמערס האָבן אָנגעהויבן זיך שטאַרק זאָרגן, טאָמער קומט ניט ניט אַריין דאָס וואַסער, קען נאָך חלילה זיין אַ דורכפּאַל מיט דעם „שניט"... זיינען זיי פּשוט פאַרלאָרענע. אין צוגאָב איז דעם האַרבסט און ווינטער קיין צופיל רעגנס ניט געווען, און דערנאָך האָבן די מערץ־ווינטן אויסגעטרוקנט דאָס ביסל פייכטקייט אין דער ערד; זיינען די פּאַרמערס אַרומגעגאַנגען שטאַרק באַזאָרגטע, אייניקע אפילו אומצופרידענע, טאָמער וועט טאַקע דער היי־יאָריקער פּאַרזיי זיין ניט געראָטן, צוליב דער טריקעניש, וועט דער פּאַרלוסט פאַר זיי זיין גאָר אַ גרויסער.

די אסאציאציע אלס גאנצע און די סעטלערס באזונדער האבן זיך אנגעליען אין די בענק אויף צו קויפן די בויטיקע מאשינעריע, איז מען פארשטייט זיך, געלאפן צו סיימאנען, דעם ראש פון דער אונטערנעמונג. אוודאי האט סיימאנען געוויטיקט דאס הארץ פון דער אומפעראנטווארטלעכער אנטוישונג. נאנעט האט מיטגעוויטיקט מיט סיימאנס זארג, האט אים אבער געמוטיקט און בארויקט:

— פאר אריבער, סיימאן, קיין סאקראמענטא. כ'האב דעם געפיל אז דו וועסט זיך זען מיט די שליסל־מענטשן פון דעם פראיעקט, וועסטו עפעס דערגרייכן.

נאך א קורצער בארא‏טונג מיט די דירעקטארן פון דעם קאאפעראטיוו איז סיימאן אפגעפארן קיין סאקראמענטא חוקר ודורש זיין די סיבה פון דער פארשפעטיקונג פון דעם צופלוס פון וואסער.

די עטלעכע טעג וואס סיימאן האט זיך געזאמט, האט געבראכט גרויס נוצן; ער האט זיך געזען מיט דעם הויפט פון דעם איריגאציע פראיעקט און ער האט באקומען א פארמאלע פארזיכערונג, אז נאך סוף פון דער וואך וועט שוין פליסן א וואסער־שטראם אין די קאנאלן און אין די בייטן פון אייערע פעלדער.

אן אייפערדיקער, מיט גרויס פרייד האט ער געבראכט די בשורה טובה צו די באזארגטע שכנים־פארמער און, פארשטייט זיך, אז די בשורה איז אויפגענומען געווארן פון דער „סעטלמענט" מיט אוימגעהויערע באגייסטערונג.

אויך די שליחות איז צוגעשריבן געווארן צו סיימאנס געטריישאפט, איבערגעבנקייט צו דעם ישוב און זיין באזונדערע פעאיקייט אלס אדמיניסטראטאר פון דעם קאאפעראטיוו.

מ'האט שוין לאנג ניט געדארפט ווארטן, ווי מ'האט סיימאנען פארזיכערט, איז א וואסער־שטראם סוף וואך שוין טאקע געפלאסן אין די קאנאלן. און די סעטלערס, יעדער ביי זיין פעלד, האט געעפנט די שלוזן און אכטונג געגעבן, אז דער וואסער־שטראם זאל לויפן אין דער געהעריקער ריכטונג פון די בייטן. אלע האבן שוין געפילט דא א גרויסע דערלייכטערונג. די זארג און די מרה־שחורה איז אראפ פון זייערע געזיכטער, און מיט א גרינג געמיט, פריילעך געזאנג און א ליכטיקע האפענונג, האבן זיי באוואסערט זייער באדן; איינגעזאפט די ווארצלען פון די פארזייטע קערנער פון די ווייץ און האבער פעלדער.

י.

אין אַ שײנעם פרימאָרגן האָט סײמאָן אַנגעזאָטלט זײן „רײטערל" און זיך אַרויסגעלאָזט אין טאָל, זײט בײ זײט די פּאַרזײטע פעלדער און אבזערווירט דעם יונגן אויפשפּראָץ.

אָט ערשט דאַכט זיך — האָט ער געטראַכט — איז דאָ געווען אַ טרוקענער, פאַרשרפעטער באָדן, אַ טונקל־ברוינע ערד, וואָס האָט גע־דורשט נאָך זאַפטיקייט און באַהעפטונג; איז מיט דעם צופלוס פון וואַסער האָבן די פּאַרזײטע קערנער פון דעם ווײץ און האָבער זיך תיכף אָנגע־נומען; אין דער אינגעווייד פון דער ערד זײנען זײ אויפגעשוואָלן, טראָ־געוודיק געוואָרן, זיך געשפּאָלטן און מיט אַמאָל, כמעט ווי איבערנאַכט, אַרויסגעשאָסן דינע, גרינע צינגלעך און גאָר גיך איז דער גאַנצער באָדן פון טאָל ווי באַדעקט געוואָרן מיט אַ העל־גרינעם טעפּיך... באַלד, באַלד וועלן פון די דינע צינגלעך, גרויסע הויכע זאַנגען זיך אויפהויבן און וועלן ווי גאָלדענע כוואַליעס זיך וויגן איבער די פעלדער און וועלן גאָר גיך גרייט ווערן צום גאָלדענעם שניט...

— יאָ, די געטרייע מאַמע־ערד האָט קײנמאָל ניט געפעלשט דעם זײער און דעם שניטער!

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זײן רײטערל, האָט אַ טאַפּ געטאָן די פייכטע ערד, צערטלעך אַ גלעט געטאָן מיט אַ פריידיק געפיל די גרינע שפּראָצונגען און שטיל אויסגערופן:

— געבענטשט זאָלסטו זײן, געטרײע מאַמע־ערד, אײביקע שפּײזערין פון אַלע לעבעדיקע מינים באַשעפענישן!...

* * *

די שטימונג פון די פּאַרמערס אין דעם גאַנצן טאָל איז געווען אַ גאָר געהויבענע און די האָפענונג אויף אַ צוזאָגנדיקע גרויס גערעטעניש און געראָטענעם שניט האָט בײ אַלעמען אויפגעלויכטן...

נאָענט האָט אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה מיט סײמאָנען געבוירן אים אַ טאָכטער און באַקרוינט זי מיט דעם נאָמען דעבאָראַ (אַ נאָמען נאָך זײן מוטער דבורה, וועלכע אזוי בײ אים פרי געשטאָרבן). די שמחה בײ נאָענטס עלטערן איז געווען אַ גרויסע — דאָס ערשטע אײניקל! מיט אַ יאָר שפּעטער האָט זי געבוירן אַ זון און אים אַ נאָמען געגעבן דייוויד.

די פּאַרמער אַסאָציאַציע און דער קאָאָפּעראַטיוו האָט במשך די לעצטע עטלעכע יאָר זיך שטאַרק אויסגעברייטערט, זינט דער איריגאַציע

סיסטעם איז איינגעשטעלט געוואָרן, און גאָר באַזונדער האָבן אַ סך פּאַרמערס פון דעם „זוניקן טאָל", וועלכע זיינען תחילת געווען סקעפּטיש אין דעם קאָאָפּעראַטיוון פּראָיעקט, האָבן אָנגעהויבן זיך מערער אינטע־רעסירן מיט דער פּאַרמער אַסאָציאַציע און קאָאָפּעראַטיוו און זיך אָנגע־שלאָסן אָן דער אַסאָסיאַציע, כדי אויך זייער מצב פֿאַרבעסערן. חוץ מזה, צוליב דער איריגאַציע איינשטעל איז די ווערט פונעם לאַנד אין דעם גאַנצן ראַיאָן מער ווי געטאָפּלט געוואָרן. ס'איז געוואָרן אַ נאַטירלעכער „בום" אויף דעם גאַנצן באָדן און אַרום. עס זיינען צוגעקומען אַ צאָל בייע „סעטלערס", אויפגעבויט פאַר זיך שיינע היימען, איינגעשטעלט נחלות. אַנדערע האָבן אַפילו געקויפט לאַנד מיט אַן אויג פאַר ספּעקולאַציע.

דער „זוניקער טאָל", במשך די יאָרן זינט סיימאָן האָט זיך דאָ באַוויזן, האָט אָנגעהויבן באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען; ס'איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע אַקטיווע באַוועגלעכקייט. אַ דאַנק דער קאָ־אָפּעראַטיווער צוזאַמענאַרבעט, מיט דער הילף פון דעם טראַקטאָר און אַנדערע מאַשינערי האָבן די פּאַרמערס געהאַט מער צייט פאַר זיך ווי פריער. אויף די עצות און אָנווייזונגען פון סיימאָנען האָט מען אָנגע־הויבן איינפירן קליין גערטנערייַ, פאַרן היימישן געברויך; מ'האָט אויך אָנגעהויבן פלאַנצן פרוכט־ביימער כלעריי; אַביסל עופות־צוכט און אַנדערע בעלי־חי. דאָס האָט באַרייכערט יעדנס ווירטשאַפט און במילא פאַרקלענערט זייערע הוצאות... איינער האָט אָנגעהויבן נאָכטאָן דעם צווייטן. ביי איין שכן האָט געגרינט אַ גאָרטן, ביי אַ צווייטן האָבן גע־צוויטעט זיינע ביימער, אָדער אַ קו זיינע האָט זיך געקעלבט; האָט זיך אַן אַנדערער מתקנא געווען, ניט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק, און טאַקע געוואָלט אויך פאַרבעסערן זיין מצב און דעם ווערט פון זיין פּלאַץ... גאָר באַזונדער האָט זיך אויסגעטיילט סיימאָנ'ס פּלאַץ. מיט דער הילף פון נאַנעט האָט געבליט ביי זיי אַ שיינער גאָרטן מיט כלעריי בלומען און פלאַנצונגען.

יעדן מאָל ווען שניט־צייט האָט זיך דערנענט, האָט סיימאָן, לויט דעם איינשטעל פון דער אַסאָציאַציע און קאָאָפּעראַטיוו, באַשטעלט אַ שנייד־ און דרעש־מאַשין. ס'איז דאָן אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע טעטי־קייט אויף די פעלדער. דער רוב „סעטלערס" זיינען געווען באַשעפטיקט ביים „זעקן" די תבואות און אַריינפירן די זעק אין דעם קאָאָפּעראַטיוון שייער, גרייט צו טראַנספּאָרטירן פאַרן געמאַרק.

די פאַרמערס האָבן במשך די לעצטע עטלעכע זמנים רעאַליזירט פיל גרעסערע רווחים פאַר זיך ווי אין די פריערדיקע יאָרן און מיט ווייניקער מי און פראַצע. צוליב דער אַסאָציאַציע און דעם קאָאָפּעראַטיוון קויף און פאַרקויף, און טיילוויזן קאָלעקטיוון צוזאַמענאַרבעט, האָבן זיי פאַר זיך דערוואָרבן אַ פיל גרינגערן און בעסערן לעבנס־מצב. די פאַר־מערס פון טאָל האָבן וואָס אַמאָל מער אַנגעהויבן איינזען די גרויסע ברכה פון דעם קאָאָפּעראַטיוון איינשטעל זייערן און האָבן סיימאָנען ממש פאַר־הערלעכט. זיי האָבן אָנגעהויבן גלויבן, אַז מיט זיין באַווייזן זיך דאָ אין „זוניקן טאָל" האָט זיך זייער מערכה און גורל גאָר אַ סך געביטן צום בעסערן . . .

## יא.

סיימאָן האָט זיך לעצטנס אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו, לויט זיין וואוקס און הכנסות, וואָלט געדאַרפט זיך פאַר־טראַכטן ווי אויסצוברייטערן זיינע אונטערנעמונגען און זיך באַנוצן מיט דעם רעכט פון פעדעראַלן געזעץ צו אינוועסטירן דעם איינקונפט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו אויף דעם חשבון פון די פעדעראַלע שטייערן. ער האָט זיך אָבער שטאַרק גע'ישוב'ט, צי זאָל ער עס גאָר פאַרברענגען פאַר דעם דירעקטאָריום. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי וועלן יעדן פּלאַן פון אַ גרעסערן פאַרנעם באַטראַכטן פאַר אויסטערליש און ריזי־קאַליש. אויך נאַנעט, מיט וועמען ער האָט זיך תמיד גע'עצה'ט, איז ניט געווען זיכער, אַז די פאַרמערס זיינען רייף גענוג צו מאַכן נייע אינ־וועסטירונגען, מעג עס אפילו זיך אַרויסווייזן נאָכדעם לטובת זייערע אינטערעסן. האָט ער דעריבער לעת־עתה דעם פּלאַן פון גרויס קאָאָפּעראַ־טיוו געהאַלטן אין דער מחשבה.

שפּעטער אָבער, ביי אַ זיצונג פון דעם דירעקטאָרן־ראַט, האָט ער פונדעסטוועגן געבעטן דעם פּאָרזיצער, מר. סאָרענסאָן, די דערלויבעניש אויפצוקלערן אַן ענין וואָס איז שטאַרק בנוגע דעם ישוב. מחמת, פריער אָדער שפּעטער וועט מען מוזן זיך צו דעם אַ קער טאָן.

— איך וועל פאַר אייך אַרויסברענגען מיינע מחשבות אין דער הויך — האָט סיימאָן אָנגעהויבן — מחשבות וואָס בלייבן ביים טראַכטער נאָר, זיינען ווי קינדער ניט געבוירענע. צו בלייבן שטיין אויף איין אָרט, אָן אַ ווייטערן וואוקס, איז ווי אַ שטייענדיק סטאַגנירט וואַסער. מיר האָבן דאָ אַלע פּאָטענצן נאָך מערער צו וואַקסן און פּראָספּערירן.

— כ׳מיין, אַז אונדזער ישוב וואָס באַשטייט שוין איצט איבער פיר הונדערט משפחות, חוץ דעם גאַנצן ראַיאָן אַרום אונדז, וואָלט געקענט און געדאַרפט אינקאָרפּאָרירט ווערן אין דעם פאָרמאַט פון אַ שטעטל; מיט אַ קליין אינדוסטריע, מיט קראָמען, מיט אַ „מעין סטריט", מיט אַ מוני־ציפּאַליטעט און אַנדערע שטאָטישע איינריכטונגען. לויט דעם אַנהאַלטנ־דיקן וואוקס און הייבונג אין ווערט פון יעדן שטיקל באָדן, מוזן מיר האָבן אַ קלאָרן פּערספּעקטיוו אויף דער נאָענטער צוקונפט אונדזערער. וואָס שייך דער געדאַנק פון אויסגעברייטערטע קאָאָפּעראַטיווע אונטער־נעמונגען, איז עס אַן ענין פאַר אַ שפּעטערע פאַרטראַכטונג, אָבער וועגן אינקאָרפּאָרירן אונדזער ישוב אין פאָרמאַט פון אַ שטעטל, איז עס אַן ענין פון אַ נאָענטער באַטראַכטונג.

סיימאָן האָט ניט דערוואַרט קיין באַלדיקע וואַרעמע אונטערשטיצונג פון זיינע פאַרטראַכטע פּראָיעקטן; ער האָט געוואָלט „אָנטאַפּן דעם דופק" וואו האַלט עס מיט זיינע פאַרמערס אין זין פון גרעסערע מעשים. ער האָט געוואוסט פון דערפאַרונג, אַז אפילו דאָס וואָס מ׳האָט דאָ דער־גרייכט איז אָנגעקומען היפּשלעך שווער זיי צו דערוואַרעמען, הגם זיי האָבן דערנאָך אַ סך פון דעם געוואונען.

דערפאַר אָבער איז עס געווען פאַר סיימאָנען אַ גרויסע אַנגענעמע איבערראַשונג ווען דער פאָרזיצער פונעם דירעקטאָרן־ראָט, מר. סאָרענ־סאָן, דווקא קאָנסערוואַטיוו בנוגע זאַכן און נייע פּלענער, האָט גאָר באַ־זונדערס זיך אָפּגעשטעלט וועגן סיימאָנס פּלאַן צו אינקאָרפּאָרירן זייער „סעטלמענט" און דעם פאָרמאַט פון אַן אייגן שטעטל מיט אַ שטאָט־קאָונסיל און צענטער.

— יאָ, מיינע טייערע שכנים — האָט סאָרענסאָן שטאַרק אַקצענטירט — אונדזער סיימאָן האָט אָנגעשלאָגן דעם ריכטיקן טאָן, און האָט די קלאָרע וויזיע פון אַן אויפקומענדיקן וויברירנדיקן סענטער אין אונדזער ביז איצט דרעמלענדיקן „זוניקן טאָל". מיט אונדזער אינקאָרפּאָרירן זיך אַלס שטאָט וועלן מיר קענען פאַראינטערעסירן „אינוועסטאָרס" צו בויען קראָמען כלערליי, גרויסע און קלענערע געשעפטן; און מיט דעם קומט אויך אַ שטאָט־ראָט־בנין, אַ „פּאַבליק סקול" פאַר די קינדער פון דעם ראַיאָן, וואָס מערן זיך, דאַנק גאָט, ווי די האָזעלעך. מ׳וועט נאַטירלעך אויסלייגן באַלד אַ הויפּט־גאַס, אַ „מעין סטריט", און זייטיקע געפּלאַס־טערטע גאַסן און אַלע אַנדערע שטאָטישע אַטריבוטן און איינריכטונגען.

אַגב, וויל איך אייך מגלה סוד זיין, אַז „דזשאַן מערקענטייל" פון

סאַנאַמאַ, האָט זיך שוין באַצייטנס באַזאָרגט מיט אַ „פּלאַץ" אין דעם צענטער פון דעם הויפּט־וועג צו עפענען דאָ אַן אָפּטיילונג פון זיין געשעפט. זאָל זיך נאָר אָנהייבן רודערן, מיינע פריינד, וועט איר ערשט זען ווי אונדזער ישוב וועט אַ וואַקס טאָן ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן... מען דאַרף ניט זיין קיין נביא, אַז אונדזער ישוב וועט זיך פאַרצעפּאַכן אין אַ גאָר קורצער צייט, פון וואָס מיר אַלע וועלן פון דעם אַ סך געווינען.

איך, פון זיין, סאַלוטיר אונדזער סיימאָנען פאַר אַרויפברענגען אָט־דעם רייף־געוואָרענעם ענין וועגן אינקאָרפּאָרירן אונדזער אַלץ־וואַקסנדיקן ישוב, וואָס וועט דורך דעם ווערן דער שפע־דיקער צענטער פון „זוניקן טאָל".

אויף אונדז ליגט דער חוב, ווי אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט, אָנצוהייבן די אָרגאַניזירונג און די צוגרייטונג פון די נויטיקע אַפּליקאַציעס און פאָרמס פון די אינקאָרפּאָרירטע פּאַפּירן וכדומה.

איך האַלט אויך, אַז ס'איז ניט צו פרי אפילו — האָט ער ממשיך געווען, צו טראַכטן וועגן אַ נאָמען פאַר אונדזער אינקאָרפּאָרירטן שטעטל. מיר דאַרפן דאָס וויסן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַפּליקאַציע פאַר דער פאָרמעלער אינקאָרפּאָראַציע. איך וואָלט דעריבער פאָרגעשלאָגן, אַז דער נאָמען פון אונדזער שטאָט זאָלן מיר אָנרופן מיט דעם פאַרדינסט־פולן נאָמען: „ס יי מ אָ נ ד יי ל." מחמת, סיימאָן איז ניט נאָר דער פאָטער פון אונדזער אַסאָסיאַציע און קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט אונדז געבראַכט שפע און הצלחה, נייערט סיימאָן איז אויך דער פאָטער פון דער אידייע.

עס ווערט טאַקע באַשלאָסן ביי דער זעלביקער זיצונג איינצושטעלן אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט, אויסצואַרבעטן פּרטים וועגן דעם פּראָיעקט, די נויטיקע געזעצלעכע פּאַפּירן, און צוגרייטן דעם „סעטלמענט" פון דעם „זוניקן טאָל" פאַר די וואַלן פון דעם פּראָיעקט.

## יב.

אַזוי גיך ווי ס'אַזי באַקאַנט געוואָרן אין און אַרום דעם „זוניקן טאָל" וועגן די אויפגעקומענע פּלענער פון דער פאָרמער אַסאָציאַציע, וועלכע זיינען געווען די פּאַקטישע אַפּוטרופּסים פון דעם ישוב, אַז עס ווערט פּלאַנירט, די „סעטלמענט" זאָל ווערן אינקאָרפּאָרירט אַלס שטעטל, איז תיכף געוואָרן אַ געלאָף אויף צו קויפן דאָרטן באָדן, „ביזנעס פּלאַצס"; ס'איז דאָרטן געוואָרן דער גוט־באַקאַנטער אַמעריקאַנער „ריעל־עסטייט

בום״. די פרייזן, בעיקר אויף באַדן אין צענטער פון שטעטל, האָבן זיך איבערגעבראַכט געהויבן צו פאַבולע סומען; אינוועסטירער פון און אַרום דעם ראַיאָן און ווייטער, האָבן זיך באַוויזן, טייל מיט דעם געדאַנק תיכף צו בויען געשעפט־בנינים, און אַנדערע פשוט פאַר שפּעקולאַציע...

גאָר אין גיכן האָבן זיך באַוויזן „סורווייער״ מיט „אויסמעסטערס״ און באַפּלעקלט די „לאָטס״ פאַר די אויסגעלייגטע הויפּט־גאַסן אין צענטער, און אויך די זייטיקע רעזידענץ־גאַסן. ס׳האָט זיך אויך באַוויזן אַ „בולדאָזער״ און אויפגעבראָכן דעם הויפּט וועג צום צענטער, און די זייטיקע גאַסן צו צוגרייטן פאַר דעם אויספלאַסטערן פון די וועגן. אין דער זעלביקער צייט איז אַ פּריוואַליקע קאָמיסיע אַרומגעפאָרן איבער דעם ישוב צווישן די „סעטלערס״ און פאַרשפּרייט אַ צירקולאַר, אין וועלכן ס׳איז אויפגעקלערט געוואָרן וועגן דעם נייעם פּראָיעקט און גערופן די סעטלערס אויף אַ באַשטימטן טאָג צו קומען שטימען פאַר דעם פּלאַן פון אינקאָרפּאָרירן דעם ישוב אין דעם פאָרמאַט פון אַ שטאָט.

אין דעם טאָג פון די וואַלן זיינען די סעטלערס פון „זוניקן טאָל״ אַרויסגעפאָרן צום באַשטימטן פּלאַץ פון די וואַלן — אַ געשעעניש וואָס דער „טאָל״ האָט נאָך ביז דאַן אַזוינס ניט איבערגעלעבט. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אומגעהייער צופרידנשטעלנדיקער פאַר דער אָנפירערשאַפט פון דעם פּראָיעקט. כמעט דער גאַנצער ישוב האָט געגעבן די הסכמה צום פּראָיעקט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער וואונטש ביי דעם רוב פון די סעטלערס איז געווען רייף צו ווערן גרויסשטאָטיש און אויך געניסן אַביסל פון דער גרויסשטאָטישער ציוויליזאַציע...

נאָך אײדער די גאַסן זיינען אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן האָט מען שוין אויף דער הויפּט־גאַס פון צענטער אָנגעהויבן בויען קראָמען; אַ „קינאָ״, אַ פינף־און־צען סענט קראָם, אַ גאַראַדזש און גאַז־סטאַנציע. „דזשאָנס מוירקענטייל״ פון סאַנאָמע האָט אויפגעשטעלט אַ גרויס געשעפט, און אַזוי גיך ווי דאָס שטעטל איז אָפיציעל אינקאָרפּאָרירט געוואָרן מיט אַ סטאַטוט פון אַ שטאָט, האָט מען שוין אָנגעהויבן בויען אַ סקול פאַר קינדער, אַן אודיטאָריום פאַר דערוואַקסענע; אַ צייטווייליקע פּריוואַליקע פייערלעשער בריגאַדע איז פאָרמירט געוואָרן און אַנדערע גרויסשטאָטישע איינאָרדענונגען.

ביים סאָמע אַריינפאָר צום צענטער פון שטעטל האָט מען איבער דער גאַס אַוועקגעשטעלט ווי אַן אָפענער טויער מיט אַ גרויסער עלעקטרישער שילד: „וועלקאָם טו סיימאַנדייל״.

דאָס שטעטל איז געוואַקסן ווי אויף הייוון! האָט זיך צעבליט ווי אירע גרינע פרוכטיקע פעלדער אַרום און פּראָספּערירט מיט אַ גרויסער אומפּאַרגלייכלעכער שפע . . .

* * *

ווען סיימאָן דערמאָנט זיך, וואָס אָט־דער קליינער ישוב איז געווען אין דער צייט פון זיין באַזעצונג, און איצט, איז עס פאַר אים אַליין מער ווי אַ פענאָמען. דאָ און דאָרט, אויף צעשפּרייטע מרחקים, זיינען געשטאַנען שטובן, אָפּגעלאָזטע, פאַרנאַכלעסיקטע, אָן אַ פונק פון אויפלעבונג און אַקטיוויטעט. זעלטן וואו אַביסל גראָז אָדער בלומען אַרום די שטיבער. און איצט — וואָס פאַר אַ מעטאַמאָרפאָזע! שטיבער האָבן זיך פאַרמערט, גערטנער אַרום פאַרפלאַנצטע, מיט גרינצייגן און בלומען כלערליי; פרוכט־ביימער צעצווייגטע און באַבלעטערטע; און די באַפעלקערונג איז כמעט ווי פאַרצענפאַכט געוואָרן.

און איצט, אַז דער „זוניקער טאָל" האָט שוין דעם סטאַטוס פון אַ שטאָט, און מיט דעם אויפבוי פון אַ געשעפט־צענער, אַ פאָלקס־הויז, אַ סקול פאַר די קינדער, מיט אַ שטאָט־ראָט, אַ מוניציפּאַליטעט, און אַ צאָל שטאָטישע און פּריוואַטע גרעסערע בנינים, וואָס גיט טאַקע דעם ישוב איצט דאָס פּנים פון אַ שטאָט; אַלץ צוזאַמען פילט איצט סיימאָן אַן אינערלעכן שטאָלץ, וואָס ער, סיימאָן סאַפיר, דער אָרעמער יידישער יתום, האָט געהאַט אין דעם אַ פירנדיקע האַנט און ניט ווייניק השפּעה; אַז אין דעם בראשית פון דעם אַלץ, איז ער דאָך געווען דער פאַרטראַכטער און אַרכיטעקט פון אָט־דעם ווערק, וואָס איז איצט באַטיטלט מיט דעם נאָמען אין זיין כבוד וועגן — „ס יי מ אָ נ ד יי ל."

## יג.

סיימאָן שטייט איצט פאַר אַ נסיון: לויט דעם סטאַטוס פון דעם ישוב, באַפעלקערלעך, ווירטשאַפטלעך, און אינדוסטריעלער פאַרמעג, אַריינגעמענדיק דעם גאַנצן ראַיאָן אַרום, וואָס איז אונטער דער יוריסדיקציע פון דעם אינקאָרפּערירטן שטעטל „סיימאָנדייל", דאַרף דאָס שטעטל, לויט אַלע כללים און תקנות פון אַ מוניציפּאַליטעט, האָבן אַ מעיאָר, ווי „ביי לייטן", ווארים אַ שטאָט אָן אַ ראש, אָן אַ מעיאָר, איז ווי אַ פערד־געשפּאַן אָן אַן אַנטרייבער! האָט זיך טאַקע איצט געווענדעט צו סיימאָנען אַ גרופּע אָנגעזעענע באַלבאַטים מיט פּאָליטישן איינפלוס,

בראש פון זיי טאַקע דער פאָרזיצער פון דער פאַרמער אַסאַציאַציע, מר. סאַרענסאָן:

— היות, מיר האָבן במשך די אַלע יאָרן פון אייער באַזעצונג דאָ אין „זוניקן טאָל" — האָט סאַרענסאָן, דער ראש המדברים פון דער חשובער קאָמיסיע, געטענהט — געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף אייך, מר. סיימאָן, געלערנט אייער פערזענלעכקייט, אייער אינטעגריטעט, אייער געטרייען דינסט פאַרן כלל; אייער דערפאַרונג, געלערזאַמקייט; אייער אַדמיניסטראַטיווע פעאיקייט, און גאַר באַזונדער, דעם רעספּעקט צו אייך, וואָס עס האָבן אַלע „סעטלערס" פון גאַנצן ראַיאָן, גיט עס אונדז דעריבער דאָס רעכט צו גלויבן, אַז איר וועט זיין פאַר אונדז דער בעסטער און אידעאַלסטער מעיאָר — דער ערשטער מעיאָר פון דער שטאָט „סיימאָנדייל."

„סיימאָנדייל" — האָט סאַרענסאָן ממשיך געווען — דאַרף און מוז האָבן אַ מעיאָר און אַ געקליבענעם קאָונסיל פון חשובע, אָנגעזעענע, אַקטיווע פעאיקע באַלעבאַטים, אָנצופירן מיט מיט די אַלע נויטיקע התחייבותן, אין וואָס אַ פּראָגרעסיווע שטאָט פאַרוואַלטונג נויטיקט זיך אַמשטאַרקסטן.

— יאָ, מר. סיימאָן, איר גיט אונדז די הסכמה, אייער צוזאָג פאַר אייער קאַנדידאַטור, און מיר וועלן שוין דערליידיקן דאָס איבעריקע...

— וואָס דענקט איר, מר. סיימאָן? — האָבן שוין עטלעכע פון דער קאָמיסיע אים געפרעגט און געוואַרט אויף אַ תשובה!

— איך דאַנק אייך זייער, ליבע פריינט, פאַר דעם גרויסן צוטרוי וואָס איר האָט צו מיר — האָט סיימאָן מיט גערירטקייט גערעדט צו זיי. — אַוודאי איז עס אַ גרויסער כבוד און פּריווילעגיע צו זיין דער ערשטער מעיאָר פון אונדזער אויסגעחלומטן און מיט לביע אויפגעצויגענעם ישוב אונדזערן. אָבער אויף דעם מאָמענט קען איך אייך קיין ענטגילטיקע תשובה ניט געבן. עס איז אַ זייער וויכטיקער און אַחריותפולער אַמט. וויל איך קודם כל זיך באַראַטן מיט מיין ליבער פרוי נאַנעט, מיט מיין משפחה און בעיקר, מיט זיך אַליין האָבן אַן ערנסטן ישוב־הדעת... צי מעג איך נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע און ערנסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט?

די קאָמיסיע פון די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט זיינען אַוועק מיט דער פולער האָפנונג, אַז סיימאָן וועט זיי ניט אַנטוישן און אַז ער וועט זיי דאָך געבן די געוואונטשטע תשובה... דעם זעלביקן אָוונט האָט סיימאָן

זיך דורכגערעדט מיט זיין ווייב נאַנעט, וועלכע איז תמיד געווען זייט ביי זייט מיט אים אין אַלע ערנסטע דעציזיעס זיינע. נאַנעט, האָט ער גע־האַלטן, האָט אַ שכלדיקן קאָפּ אויף זיך און אַ מערקווירדיקע אינטואיציע פאַר זאַכן און געשעענישן. הגם זי האָט אים געמוטיקט און געראַטן אָנצונעמען די קאַנדידאַטור, האָט זי אים אָבער גע'עצה'ט, איידער וואָס ווען, איינצולאַדן די משפחה, מר. און מרס. קעלאַג, אויך די צוויי ברידער אירע, מיט וועלכע מעז דאַרף אויך רעכענען אויף זייער קאָאָפּעראַציע.

דער שווער זיינער, מר. קעלאַג, הגם ער האָט געוואוסט אַז מ'קלייבט זיך אַרויסצושטעלן סיימאַנס קאַנדידאַטור פאַר מעיאָר פון שטאָט, האָט ער אָבער ניט געוואָלט זיך מתעסק זיין אין דעם, עס זאָל חלילה ניט פאַלן קיין חשד אויף פּאַרטיילעכקייט מצד אים. אויף אַזאַ קאַנדידאַטור קענען זיך געפינען גענוג בעלנים, סיי צוליב דעם מאַטעריעלן אויסזיכט, און בעיקר דעם כבוד און פּרעסטיזש, וואָס באַגלייט אַזאַ אַמט.

אָבער אַז נאַנעט און סיימאָן האָבן פאַרבעטן די משפחה צו זיך אַהיים, זיך דורכשמועסן וועגן דעם ענין, האָט שוין מר. קעלאַג, צווישן די אייגענע געגומען אַ גאַר טיכטיקן אנטייל, מיט איבערצייגן סיימאָנען, אַז צוליב כמה וכמה טעמים איז וויכטיק, אַז ער דאַרף אָננעמען די קאַנדידאַטור פאַר מעיאָר.

איך האַלט, סיימאָן, און דאָס איז מיין אויפריכטיקע מיינונג, אַז דו דאַרפסט עס טאָן פאַר דעם יונגן ישוב אונדזערן, וועלכער האָט נאָך לעת־עתה ניט די נויטיקע דערפאַרונג אין אַדמיניסטראַטיווע ענינים: דיין וויסן, דיין איינגעבאַרענער טאַלאַנט פון פירערשאַפט, און איבער אַלץ, דיין גוטן נאָמען וואָס דו האָסט זיך דערוואָרבן דאָ, אין דעם סעטלמענט און אין דעם גאַנצן ראַיאָן פון „זוניקן טאָל" איז עס דיין חוב צו דינען כאָטש דער ערשטן טערמין אַלס ערשטער מעיאָר פו „סיימאָנדייל". דו דאַרפסט עס אויך טאָן, סיימאָן, פאַר דיין אייגענעם כבוד, פאַר דיין ווייב און קינדער און פאַר דיין משפחה.

סיימאָן האָט אויסגעהערט די אַלע לויב־ווערטער פון זיין שווער, פאַרוואָס ער דאַרף אָננעמען די קאַנדידאַטור פאַר מעיאָר. נאָר מיט זיך אַליין איז ער נאָך נישט מושווה געווען. אין אַ ישוב הדעת מיט זיך האָט ער רעזאָנירט:

— גיב איך יאָ מיין הסכמה, בין איך ניט אין ספק אַז איך וועל באַקומען די שטיצע און גוטהייסונג פון גאַנצן „סעטלמענט". די פראַגע

ביי מיר איז נאָר, צי האָב איך אַ רעכט צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.געוויס זאָגן זיי מיר צו, די איניציאַטאָרס פון דער אַקציע, אַז זיי וועלן שטיין מיט מיר אין אַלע טואונגען פון מיין אַדמיניס־טראַציע. האָף איך, אַז זיי וועלן מיר נישט אַנטוישן, פונקט ווי איך פיל אַז איך וועל זיי און דעם גאַנצן ישוב ניט אַנטוישן. נאָך אַלעמען — האָט ער מיט זיך אַליין רעזאָנירט — דאַרף איך דאָך נעמען אין באַטראַכט אַז די אַרבעט אין דעם ישוב וואָס כ'האָב דאָ אָנגעהויבן אונטער מיין איני־ציאַטיוו, איז ערשט אין דערמיט פון דעם אָנהייב, און... ווי האָט געזאָגט אונדזער גרויסער פּרעזידענט און פאָלקס־פירער, אייב לינקאָלן: „אין מיטן שטראָם בייט מען נישט די פערד.״ איז אַזוי לאַנג ווי כ'בין נאָר בכוח און דאָס פאָלק פאַרלאַנגט פון מיר צו טראָגן דעם עול דורך מיין וויסן און דערפאַרונג, כדי צו שטאַרקן און אויסברייטערן דעם ישוב, וואָס האָלט ערשט איצט אין זיין וואוקס און בליי, טאָר איך זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם גרויסן צוטרויען וואָס זיי האָבן אין מיין פירערשאַפט.

— מיין אַמביציע דאַרף זיין, אַוועקצושטעלן דעם ישוב אויף געזונטע זעלבסט־דערהאַלטנדיקע יסודות, איינפירן און איינשטעלן אַן אַרבעטנ־דיקן אַפּאַראַט פון אַ שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַר די קומענדיקע פירער וואָס וועלן פאָלגן נאָך מיר...

סיימאָן האָט אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דעם באַזוך פון דער נאָמינאַציע קאָמיסיע פאַר זיין קאַנדידאַטור אַלס מעיאָר, געלאָזט וויסן זיין פריינט, מר. סאָרענסאָן, אַז ער איז מרוצה צו קאַנדידאַטירן אַלס דער ערשטער מעיאָר פון „סיימאָנדייל״.

באַלד ווי ס'איז באַקאַנט געוואָרן אין דעם „סעטלמענט״ און אַרום דעם „זוניקן טאָל״ אַז סיימאָן סאַפּיר האָט מסכים געווען צו זיין דער קאַנדידאַט פאַר מעיאָרשיפ פון שטאָט און ווערט שטאַרק געשטיצט פון די אָנגעזעענסטע תושבים פונעם ישוב, האָט ער כמעט ווי ניט געהאַט קיין אָפּאָזיציע. די וויכטיקסטע טוער פון דער פאַרמערס אַסאָסיאַציע און קאָאָפּעראַטיוו האָבן זיך תיכף אַריינגעוואָרפן אין דעם „קאַמפּיין״. עס איז געווען, ווי פאָראויסגעזען, אַז ס'וועט ניט זיין קיין העכערער מאָראַלישער כוח אין דעם ישוב, וואָס זאָל גאָר וועלן זיין אין דער אָפּאָזיציע צו סיימאָנען.

די וואַלן פאַר דעם מעיאָר אין סיימאָנדייל זיינען געווען מער אַ פאָרמאַליטעט. דער גאַנצער ישוב האָט אים געגעבן די פולהאַרציקע

צושטימונג און ברכה. ס׳האָט געהייסן מער אַ „דרעפט“ ווי אַ דער־ווײלונג . . .

צו אים זיינען אויך דערווײלט געוואָרן צוועלף קאָונסיללייט, וועלכע צוזאַמען מיט דעם מעיאָר וועלן צוזאַמענשטעלן דעם שטאָט־ראָט און אַדמיניסטראַציע פון דאָס ניי־עטאַבלירטע שטעטל — „סיימאַנדייל“.

## יד.

נאָך דער דערווײלונג פון סיימאַנען אַלס מעיאָר, האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ גראַנדיעזע פייערונג. ס׳זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַ צאָל „דיגנאַטאָריס“ פון סאַקראַמענטאָ, פון אַגראַר דעפּאַרטמענט און אויך סיימאַנס פריינט, דער „דיען“ פון אַגראַר קאַלעדזש, ראָבערט לאָוסאָן.

ס׳איז געווען אַ לויטער שיינער טאָג; די הויפּט־גאַס פון שטעטל איז געווען דעקאָרירט מיט די אַמעריקאַנער פאָנען; אין די שויפענצטער פון די קראָמען איז פּראָמינענט געווען אויסגעשטעלט דאָס בילד פון דעם ערשטן מעיאָר פון שטאָט. אויף דעם גרויסן שפּיל־פּלאַץ אויסערן שטאָט איז געווען אויפגעשטעלט אַ גרויסע פּלאַטפאָרמע פאַר די געסט־רעדנער, און דעם מעיאָר׳ס משפחה.

דער גאַנצער „זוניקער טאָל“ און פון די אַרומיקע ישובים זיינען די „סעטלערס“ זיך צוזאַמענגעפאָרן צו דער גרויסער פייערונג און אינאַגוראַציע פון דעם ערשטן מעיאָר זייערן.

דערעפנט די פייערונג האָט דער פּאָרזיצער פון דער פאַרמערס אַסאָציאַציע, מר. סאָרענסאָן:

— ס׳איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד און פּריווילעגיע צו באַגריסן די חשובע געסט און דעם שיינעם עולם, וואָס איז זיך צוזאַמענגעפאָרן צו דעם גרויסן פייערלעכן יום־טוב פון אונדזער „זוניקן טאָל“ און אָפּ־געבן כבוד דעם פאַרדינסטפולן ערשטן בירגער פון אונדזער שטאָט, וועלכן מיר האָבן אין אַ גרויסער מאָס אים צו פאַרדאַנקען דעם גרויסן פּראָגרעס וואָס מיר האָב זיך דאָ דערוואָרבן במשך די לעצטע צענדליק און האַלב יאָרן.

— חשובער מעיאָר: איך באַגריס אייער וואונדערלעכן אויפטו און דערגרייכונג, אויסצושמידן נאָך אַ רינג אין דער גרויסער קייט פון שטעט און שטעטלעך אין אונדזער זוניק גאָלדענעם שטאָט, קאַליפאָרניע.

אין דעם זעלביקן גייסט האָבן אויך גערעדט די אַנדערע רעדנער,

אַז „סיימאָנדייל״ וועט זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע סעטלמענטס און אַ באַוויייז וואָס ווילן, עקשנות און ערלעכע פירערשאַפט קאָן אויפטאָן פאַר דעם וואויל און גוטס פון די בירגער און זייערע ישובים.

פּראָפעסאָר לאָוסאָן, דער נאָענטער פריינט פון סיימאָנען, האָט דער־ציילט זיין פּערזענלעכע דערפאַרונג וואָס ער, אַלס לערער פון דעם, וועמען מ׳גיט אָפּ זיין פאַרדינסטפולן כבוד, ווייסט וועגן אים:

— סיימאָן, אַלס סטודענט, איז געווען אַן ענערגיש־פליסיקער לער־נער מיט אַן ערלעכן שטרעבן פון קערנדיקע און תכליתדיקע אויפטוע־רישקייטן. אַז ער איז געבליבן מיט אָט־די גוטע מידות, באַווייזט אייערע גרויסע דערגרייכונגען און דעם גרויסן צוטרויען וואָס איר האָט צו אים. סיימאָן באַזיצט דעם פּיאָנערן־גייסט פון אונדזערע פּאַטערס און זיידעס, וועלכע זיינען געווען די באַן־ברעכערס פון אַ ניי לעבן און ציוויליזאַציע. ער איז באמת דער אַמעריקאַנער „סעלף מייד מען״...

— בירגער פון „סיימאָנדייל״: איר האָט געמאַכט אַ גלענצענדיקן אויסוואַל פון אַ פאַרדינסטפולן ערלעכן מענטשן! איך סאַלוטיר אייך מיט אייער ערשטן מעיאָר, מיין פריינט און „סקאָלער״ ס י י מ אָ ן ס אַ פ י ר.

די גרויסע עטלעכע טויזנט קעפּיקע מאַסע האָט געדולדיק געוואַרט מיט גרויס אינטערעס צו הערן דעם ראש פון זייער געמיינדע. נאָך עט־לעכע קורצע באַמערקונגען האָט דער פּאַרזיצער, מר. סאַרענסאָן, ענדלעך אויסגערופן:

— בירגער פון „סיימאָנדייל״ און חשובע געסט! איך גיב אייך דעם „האָנאָרייבל״ מעיאָר פון אונדזער מוניציפּאַליטעט — סיימאָן סאַפיר!

לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן געפּאָלגט ביז ס׳איז ענדלעך איינגעשטילט געוואָרן...

## טו.

סיימאָן האָט צוערשט אָנגעהויבן ריידן מיט אַ געררירט וואַקלדיק קול, אָבער באַלד האָט ער זיך באַהערשט און זיין קול האָט זיך געטראָגן אין דעם דרויסנדיקן אַרום אַלץ זיכערער און שטאַרקער:

— מיינע טייערע גוטע שכנים, מיטאַרבעטער און ליבע געסט, און מיין ליבער גוטער פריינט און לערער, פּראָפעסאָר לאָוסאָן! אייך, חשובער פּראָפעסאָר, האָב איך אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם אויסקלייב פון דעם ישוב זיך דאָ צו „סעטלען״. און צווישן אייך, מיינע

גוטע שכנים, בין איך געבליבן צו בויען דאָ מיין היים און צוקונפט. און לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז איך האָב ניט קיין חרטה! איר זענט אַלע געווען גוט צו מיר און איך שאַץ עס אָפּ מיט מיין פולן האַרץ און נשמה.

— מיט דעם ערשטן וואָס איך האָב זיך באַקאַנט און נאָענט באַ־פריינדעט, איז עס געווען דער גוטער און ליבעראַלער פאָלקס־מענטש, אייער אַלעמענס גוטער פריינט, פּיט קעלאַג; פון די ערשטע שמועסן וואָס מיר האָבן געהאַט צווישן זיך, איז עס געווען אין די אינטערעסן לטובת אונדזער ישוב. מיר האָבן זיך ביידע גוט פאַרשטאַנען און הויך רעספּעקטירט איינע די אַנדערע. דערפאַר, מיינע פריינט, האָב איך אים אָפּגעטאָן אַ „טריק" (אַ שפּיצל) און כ'האָב ביי אים און ביי מרס. קעלאַג צוגענומען זייער שיינע און גראַציעזע טאָכטער, נאַנעט, מיט וועלכע איך לעב זייער גליקלעך, מיט אונדזערע צוויי שיינע, גראַציעזע קינדער: דעבאָראַ און דייוויד. איך בין באמת דאַנקבאַר דעם גורל וואָס האָט מיך צוגעבונדן צו אָט־דער פאָלקסטימלעכער שיינער משפּחה — די קעלאַגס.

— צו איך אַלעמען, מיינע טייערע שכנים, וויל איך זאָגן, אַז אָן אייער קאָאָפּעראַציע און גוטן ווילן, וואָלט בפירוש ניט מעגלעך געווען אונדזערע אויפטואונגען און דערגרייכונגען. מיר אַלע, דורך אונדזער מי, אָנשטרענג און עקשנות, האָבן אָט־דעם היגן כמעט מדבר, וואָס איז געווען מיט אַ צענדליק און אַ האַלב יאָרן צוריק, פאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיקן גאָרטן און אין אַ וואַקסנדיקן, פּראָספּערירנדיקן ישוב...

— איר ווייסט, מיינע טייערע שכנים, אַז מיר איז נאָך ביז איצט ניט אויסגעקומען ריידן צו אייך אַלעמען, פון האַרץ צו האַרץ. וויל איך איצט דערציילן אייך אַ מעשהלע, וואָס נאָר אין אונדזער ליבער, ברייט־האַרציקער און דעמאָקראַטישער אַמעריקע קען עס טרעפן...

— געווען איז אַן אָרעם יידיש בחורל, וועלכער איז געבליבן אַן עלנטער יתום צו אַכט יאָר. געבוירן געוואָרן איז ער ביי אָרעמע עלטערן, אין דער גרויסער מעטראָפּאָליע סאַן פראַנציסקאָ. פון קינדוויז אָן האָט ער געמוזט ראַנגלען זיך פאַר זיין שטיקל עקזיסטענץ. אָנגעהויבן האָט ער ווי אַ „שו־שיינער" אויף דער אָרעמער מעקאַליסטער גאַס; דערנאָך אַ ציימונג פאַרקויפער („ניוסבאַי"). ווען ער איז אַרויס פון פּאַבליק סקול איז ער אַרומגעפאָרן עטלעכע זומערן צווישן אַזעלכע גוטע פאַר־מערס ווי איר, צו זאַמלען אַבאָנימענטן פאַר אַמעריקעס פּאָפּולערע

זשורנאַלן, כדי צו פאַרדינען אויף אַריינצוקומען אין קאַלעדזש, זיך לערנען דאָס וויסן פון אַגריקולטור.

— אויף זיינע וואַנדערונגען צווישן די פאַרמערס האָט ער צוגעזען דאָס לעבן פון די אַרבעטזאַמע פאַרמערס אויף אייגענער ערד, ווי מיט דעם שווייס פון זייער פּנים פאַרדינען זיי ערלעך זייער ברויט. צו אים האָט זייער אַרט לעבן מער אימפּאָנירט ווי דער שטאָטישער הו־האַ, מיט דעם געיעג און האַרבע קאָנקורענץ. שוין דאַן, אַלס יוגנטלעכער, האָט ער ביי זיך דעדיצירט, אַז זיין צוקונפט וועט ער בויען אויף דעם יסוד פון פאַרמעריי און ציען זיין יניקה פון דער מאַמע־ערד... און פּונקט דאַן ווען ער איז גרייט געווען אַריינצוקומען אין אוניווערסיטעט, צו דער־לערנען דאָס אַגראַר וויסן, כדי צו ווערן אַ וויסנשאַפטלעכער ווירטשאַפט־לער, איז מיטאַמאָל, אַזוי פּלוצלינג אומגעריכט, ווי אַ דונער־שטורעם אין אַ מיטן העל־לויטער זוניקן זומער־טאָג, וואָלט פון אונדזער קלאָרן קאַלפּאַרניער הימל אַרונטערגעפאַלן — פּ ו י ר ל ה אַ ר ב אָ ר !..

שוין דאַן אַ צוויי־און־צוואַנציק יעריקער בחור, האָט ער זיך תיכף אָנגעשלאָסן אין דער יו־עס אַרמיי; דורכגעגאַנגען אַלע אַנגסטן און האַרבקייטן פון דער מלחמה; צוגעזען און דורכגעלעבט דעם בלוטיקן געראַנגל, דעם אומברענג פון אומשולדיקע מיליאָנען, מענער, פרויען און קינדער, קרבנות אויף דעם מזבח פון מלחמה און, לסוף, דער ענדגילטי־קער נצחון איבער דעם שונא.

געקומען פון שלאַכט צוריק אַהיים, צום גליק און גאָט־צו־דאַנק אומ־באַשעדיקט, און, מיט נאָך אַ שטאַרקערער אַמביציע און עקשנות ווייטער ממשיך זיין דאָס לערנען, כדי צו רעאַליזירן זיין לעבנס־טרוים, צו ווערן אַ ווירטשאַפטלער, אַ פאַרמער ווי איר, מיינע גוטע שכנים: ביז ער האָט דאָס סוף כל סוף אויסגעפירט, איז ער דורכגעגאַנגען כלערליי שוועריקייטן; איבערגעטאָן פאַרשידענע אַרבעטן; געטאָן אַלץ וואָס איז מענטשלעך געווען מעגלעך כדי צו זיין ציל קומען.

ווען ער האָט זיין אַגראַר וויסן אין קאַלעדזש פאַרענדיקט, האָט ער זיך אפילו אָפּגעזאָגט פון פּראָפעסיאָנאַלע אַנבאָטן. ער איז ליבערשט אַרויסגעפאָרן זוכן פאַר זיך אַ פּאַסיק שטיק לאַנד און זיך באַזעצן צווישן אַזעלכע פאָלקס־מענטשן ווי איר. דאָ האָט ער געפונען זיין לעבנס־גליק, און צוזאַמען מיט אייך אָוועקגעלייגט אַ יסוד פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו ווירט־שאַפטלעך לעבן, וואָס האָט שוין איצט, אין אַ גרויסער מאָס, אונדז גע־בראַכט שפע און הצלחה!

— יאָ, מיינע גוטע פריינט, דאָס יידיש בחורל פון סאַן פראַנציסקאָ, דער עלנטער יתום „האָט געמאַכט גוט״! און, ער איז באמת גליקלעך וואָס דער גורל האָט אים צוזאַמענגעבראַכט מיט אייך, מיינע גוטע שכנים.

— ער דאַנקט אויך, צוזאַמען מיט אייך, גאָט און אונדזער באַליבט לאַנד, אַ מ ע ר י ק ע, וואָס גיט אונדז אַלעמען די פרייע און גלייכע געלעגנהייט זיך צו אַנטוויקלען, וואַקסן און פראָספערירן און... אפילו זיך צו דערהייבן צו אַזאַ בכבודיקן און חשובן אַמט, ווי צו ווערן דער ראש פון אַ שטאָט אין אונדזער האָפנונגספולן „זוניקן טאָל״!...

— יאָ, מיינע טייערע שכנים און בירגער פון „ס יי מ אָ נ ד יי ל״! ס'איז אַ גליק און אַ פּריווילעגיע צו זיין אַן אַמעריקאַנער! לאָמיר אַלע אינאיינעם א ו י ס ר ו פ ן און זינגען אַ לויב צו אונדזער לאַנד! — „ג אָ ט ב ע נ ט ש אַ מ ע ר י ק ע!״

די עטלעכע טויזנט קעפּיקע מאַסע האָט הילכיק דונערנדיק אָפּגע־ענטפערט מיט דעם הימן: „גאָט בענטש אַמעריקע!״ — אַ געזאַנג וואָס האָט זיך געטראָגן ווייט, צו די בלויע הויכקייטן אונטער די הימלען פון זייער אויפגעלעבטן „ז ו נ י ק ן ט אָ ל״...



# אַ מענטש אַ חקרן

**לייזער רייכמאַן**, אַ פאַרמעגלעכער אַלטער בחור, קרוב צו פופציק, איז געווען אַ שטענדיקער בן־בית, כמעט אַ טעגלעכער באַזוכער ביי די ראַטשטיינס. ער פלעגט זיך ביי זיי פילן גאָר היימיש, ווי ביי זיך אין דער היים. פלעגט דאָרט עסן, טרינקען, פאַרברענגען מיט די קינדערלעך און אויך אַרויסהעלפן די ראַטשטיינס מיט אַ הלוואה אין צייט פון אַ נויט. אַ סך באַקאַנטע פון די ראַטשטיינס האָבן ניט אַנדערש געדענקט, ווי נאָר אַז ער איז זייערער אַ נאָענטער קרוב, און רייכמאַן האָט זיך טאַקע ביי זיי געפילט ווי אַזעלכער.

די ראַטשטיינס זיינען טאַקע געווען די איינציקע, וועלכע האָבן געוואוסט פרטימדיק זיין אָרט לעבן. פאַר די מערסטע אָבער איז ער געווען אַ פאַרשלאָסענער סוד; אַ שווייגער, אַן אין זיך איינגעשלאָסענער מענטש בטבע, האָט קיינער נישט געוואוסט וואָס ער איז, ווער ער איז און מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך. וואָס מ'האָט יאָ געזען, אַז ער איז תמיד שיין באַקליידט, פאָרט אַרום אין אַ רייכן אויטאָמאָביל, באַוואוינט אַ שיינעם אַפּאַרטמענט און איז, ווי געזאָגט, שטאַרק צוגעבונדן צו דער משפחה ראַטשטיין.

באַקאַנט זיך מיט רייכמאַנען האָט ראַטשטיין אין שאַך־קלוב אין וועלכן זיי געהערן ביידע. און ראַטשטיין האָט אים פון צייט צו צייט איינגעלאַדן צו זיך אין הויז, און אַזוי איז רייכמאַן געוואָרן אַ הויז־פריינט, און ווי אין די מערסטע פאַלן איז אַזאַ הויז־פריינט ס'רוב אַ נוצלעכער מענטש, בעיקר מאַכט זיך אַזעלכער נוצלעך ביי דער פרוי אין הויז. אין אונדזער פאַל איז רייכמאַן ניט געווען קיין אויסנאַם; ניט זייענדיק קיין פאַרנומענער, אַזוי האָט עס אויסגעזען. טייל האָבן געזאָגט אַז ער שפּילט אויף דער בירזשע, דרייט זיך אַרום „וואָל סטריט"; אַנדערע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ „טשודאַק". פאַרוואָס? האָבן זיי געענוי נישט געוואוסט. אַ מענטש איז אַביסל אַנדערש לויט זיין הלבשה, מאַנערן; אָפּגעהיטנקייט אין גאַנג, אין לשון וכדומה — איז ער אַנדערש!... און מחמת זיין ניט פאַרנומענקייט פלעגט ער טאַקע מיט דער פרוי רייכמאַן,

אָדער עדנאַ, ווי ער פלעגט זי מיט אַ סך צערטלעכקייט רופן, פאַרן מיט איר איינקויפן זאַכן און באַלעבאַטישקייטן; פלעגט אַוועקפירן אירע צוויי קינדערלעך אין שולע און בכלל באַזאָרגן אַ סך זאַכן פאַר די ראַט־שטיינס מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און פּינקטלעכקייט. מען האָט געקענט זען ממש, אַז ער האָט אַן אומגעהויער פאַרגעניגן און אַ נחת־רוח פון אַלץ וואָס ער טוט פאַר די ראַטשטיינס, בעיקר, פאַר עדנאַן, פרוי ראַטשטיין.

וועט איר אַוודאי אַ טראַכט טאָן: נו, מסתמא אַ ליבע צווישן זייביידן! וואָרים ווי אַנדערש?... אַזוי איז שוין די וועלט פון ששת ימי בראשית... דאָרט וואו ס'איז פאַראַן אַן „ער" און אַ „זי" מוז באַטירלעך אויך זיין דאָס ביסעלע ליבע מיט אַלע אירע אַטריבוטן און, אין גאָר אַ סך פאַלן דרייט עס זיך אַרום דעם אומפאַרמיידלעכן „דריי־עק"...

אויך דאָ איז עס ניט געווען קיין יוצא מן הכלל. רייכמאַן האָט ניט סתם ליב געהאַט עדנאַן; מיט יעדן פיבער פון זיין נשמה פלעגט ער זי פאַרהערלעכן און באַזינגען אין די שטילע שעה'ן פון זיין איינזאַמען אַלט־בחורשן לעבן. ער פלעגט מיט בענקעניש און צאַרטן ציטער זען איר שיין געשטאַלט פאַר זיך יעדע מינוט פון זיין וואָך זיין, וואו ער זאָל זיך נישט געווען געפינען. ווי אַן עסטעט מיט אַ ראַפינירטן געשמאַק פאַר זאַכן, האָט ער מיט זיין סענסיטיווע פילבאַרקייט און עקזאַלטירטע פרייד, שטאַרק באַוואונדערט איר שיין געשטאַלט; אירע ווייכע שמייכלענדיקע אויגן, אירע פעך־שוואַרצע האָר, וואָס האָבן באַקרוינט איר קלאַסיש שיינעם קאָפּ; איר גלאַט ראָז־קאָלירט פנים, ווי פון מילך און רויזן; איר פאַרריסן געטאָקט נעזל; אירע שיין־געפאַרמטע פיס און מאַיעסטעטישן גאַנג האָבן אים שטאַרק באַצויבערט. פלעגט ער דעריבער זיך זעטיקן מיט דעם בלויזן קוקן אויף אָט־דעם שיינעם געשטאַלט און... באַוואונדערן גאָטס יצירה! אַן אויסערגעוויינלעכע ליבע, פון אים צו איר—האָט אָבער הפנים זיין הייסע ליבע ניט געפונען אפילו קיין שוואַכן אָפּקלאַנג אין איר נשמה...

יאָ, ער האָט זי ליב געהאַט, אַזוי צאַרט, דיך און איידל, ווי דער פיינסטער פאַרפיום אירער, וואָס ער פלעגט איר אָפּט ברענגען אַלס מתנה. ווי יעדער באַשיידענער סענסיטיוו־פאַרליבטער, האָט רייכמאַן לעת־עתה געלעבט מיט די זיסע אָבער אַנגסטלעכע האָפענונג אויף אַ בקרובדיקן רעאַליזירטן חלום זיינעם...

איינמאָל, ווען עדנאַ האָט, אין אַ פריידיק אויפגעהייטערטן מאָמענט,

אים פּלוצלינג אַ קוש געטאָן — אפשר אויס דאַנקבאַרקייט צו אים פאַר אַלץ וואָס ער טוט פאַר איר, אויך פאַר זיין הכנעהדיקער געטריישאַפט, האָט ער אַ צייט־לאַנג נאָכדעם געפילט איר נאָענטע באַרירונג, געשפּירט דעם זיסן, זאַפטיקן טעם פון אירע ליפּן, און ניט זעלטן אין זיין דמיון אַרויסגערופן די איבערלעבונג פון אָט־דעם עקזאַלטירטן מאָמענט...

וואָלט רייכמאַן געווען פון דעם סאָרט מאַנסביל, וואָס זיינען שטאַרק צודרינגלעך צו די וועלכע זיי האָבן ליב — אַמאָל מיט געבעט, אַמאָל מיט שטילן געוויין, פון ליבע־צאַפּלעניש — וואָלט אפשר די גוטע, צאַרטע עדנאַ, ביי אַן אינטימען אויפגעהייטערטן מאָמענט, דאָך מיט אַביסל ליבע צערטלעכקייט אים באַגליקט; אָט ווי מען באַגליקט אַמאָל מיט צאַרטער נאָענטשאַפט אַ גוטן אינטימען פריינט... האָט אָבער רייכמאַן קיין „בעט־לער" ניט געוואָלט זיין און קיין „נדבות" ניט געוואָלט נעמען. ער האָט געדולדיק געוואַרט אויף דער הערלעכן מאָמענט, ווען זיין הייסע ליבע צו עדנאַן וועט אויך ביי איר מיט אַ פריידיקן באַגער באַענטפערט ווערן...

* * *

די צייט איז זיך געגאַנגען לעת־עתה אָן אַ שום אומבייט. רייכמאַן האָט, ווי פריער, שטיל געגעסטלט און געוואַרעמט זיין גרויסע ליבע צו עדנאַן. עדנאַ האָט עס אַלץ געפילט און צוגעזען איר פריינטס ליבע און כמעט שקלאַפישע הכנעהדיקייט צו איר. זי האָט אים אָפט מאָל צו־געוואָרפן אַ ליבן וואַרעמען שמייכל, צאַרט באַרירן זיין האַנט מיט אירער, און דאָס האָט רייכמאַנען עקזאַלטירנדיק דערהויבן און גליקלעך געמאַכט...

איינמאָל האָט ראָטשטיין, עדנאַס מאַן, זיצנדיק אין שטוב מיט רייכ־מאַנען אַליין, גאַנץ געמיטלעך, ביי אַ שאַך־שפּיל, פּלוצלינג אים אַ פרעג געטאָן:

— רייכמאַן, פאַרוואָס האָט איר נישט חתונה?...

די געשטעלטע צו אים פראַגע איז געקומען אַזוי אומדערוואַרטעט, איבעראַשנדיק, אַז רייכמאַן איז געבליבן אויף דעם מאָמענט שטום־שווייגנדיק. ער האָט פאַמעלעכדיק אַראָפּגענומען די האַנט פון שאַך־ברעטל, ווי מיט זיך געיִשוב'ט, וואָס פאַר אַן ענטפער צו געבן אויף אָט־דער אומדערוואַרטעטער פראַגע.

ראָטשטיין, האָבנדיק הפנים עפּעס אין זינען מיט אָט־דער פּלוצ־לינגער ווענדונג צו רייכמאַנען, האָט ממשיך געווען דעם שמועס:

— איר ווייסט, אַזאַ מענטש ווי איר, געזונט און פאַרמעגלעך, קאָן אויסהאַלטן ניט נאָר אַ ווייב, נייערט אַ פּאָר קינדערלעך אויך, מיט אַלעם שענסטן און בעסטן, עס זאָל זיי אַלעמען קיין זאַך נישט פעלן. איך פאַרשטיי אייך נישט באמת!...

נאָך אַ קורצער פויזע, אַז רייכמאַן איז נאָך אַלץ געבליבן זיצן ווי אַ געפּלעפּטער און ניט געענטפערט, האָט ראָטשטיין — איינמאָל האָט ער שוין באַרירט דעם ענין, האָט ער שוין ניט אָפּגעלאָזן און ווייטער געצויגן דעם פאָדעם פון דעם אָנגעהויבענעם שמועס:

— איר ווייסט, פריינד רייכמאַן, איך האָב פאַר אייך אַ זייער פיינעם שידוך: אַ יונגע, שיינע פרוי, וועלכע וואָלט צו אייך, אַזאַ שטילן, באַשיידענעם מענטשן ווי איר, זיך זייער געפּאַסט. זי איז אַ שטילע, ניט קיין פאַרשייטע, מ׳קען זאָגן אפילו אַ צנועה. אמת, זי האָט אפילו אַ פּאָר קינדערלעך, אָבער דאָס שאַדט גאָרניט. איר האָט ליב קינדער, ניט אמת? און — איר וועט ווערן אַ פּאַרטיקער טאַטע, אָן זאָרגן, אָן קאָפּדרייעניש... כ׳בין זיכער, אַז איר וועט זי ניט נאָר הויך שעצן אַלס מענטש, נייערט אמתדיק ליב האָבן. און, אַז דאָס איז דאָך דער עיקר פון אַלע עיקרים, טענהט איר דאָך תמיד אַליין! אָבער... זייט נישט קיין חקרן און פאַרפילאָזאָפירט נישט די איצטיקע געלעגנהייט, וואָס קלאַפּט אין אייער טיר.

רייכמאַן האָט ראָטשטיינען אַביסל ניט צוטרוילעך און גאָר מאָדנע אָנגעקוקט. אים האָט שטאַרק געוואונדערט, וואָס ראָטשטיין האָט זיך מיט אים אַזוי פריי און אָפנהאַרציק, גאָרנישט לויט זיין טבע, פאַנאַנדערגערעדט מיט אים מכּוח אָט־דעם ענין. זינט זייער נאָענטער באַקאַנטשאַפט, האָט ער זעלטן מיט אים פאַרפירט אַזאַ אינטים געשפּרעך! דאָך, נאָך זיין ענדלעכן ישוב־הדעת, ניט זייענדיק חושד ראָטשטיינען אין קיין זאַך, פאַנאַנדערגעלייגט פאַר אים זיין גאַנצע פילאָזאָפיע בנוגע דעם ענין.

— איך גלויב — האָט רייכמאַן ערנסט אָנגעהויבן ריידן — אַז איר ווייסט מיין מיינונג וועגן הייראַט. איך גלויב אויך, אַז איר ווייסט — צו זיין אָפנהאַרציק מיט אייך — אַז איך האָב ליב אייער עדנאַן. איך וועל זיך מיט קיינעם ניט פאַרבינדן, סיידן ס׳וואָלט געווען אַ קעגנזייטיקע ליבע. פון אייער שידוך, ווער זי זאָל דאַרטן ניט זיין, קאָן בכן קיין רייד ניט זיין. כ׳בין דאָך, ווי איר זעט, אַביסל אַלט־מאָדיש. איך האַלט נאָך אַלץ, אַז אמתע ליבע איז דער עיקר און ס׳איז דאָס איינציקע שיינקייט אין לעבן. ליבע, מיין פריינט, איז דאָס סאַמע עסענץ און סאַמע עצם פון לעבן... אָן ליבע האָט דאָס לעבן קיין ווערט נישט... דאָס וואָס מענטשן רופן גליק,

איז אין אמתן, ליבע, און ניט קיין רייכטום . די איינציקע צרה — איז רייכמאַן היגגעריסן געוואָרן פון זיין פילאָזאָפישן שמועס — וואָס מענטשן ריידן זיך אָפּטמאָל איין, אַז זיי ליבן. דעריבער זיינען אַ סך אַזוי־גערופענע ליבעס געבויט אויף דער השערה און געדאַנק און ווייניק אויף דער נשמה. און דאָרט וואו עס פעלט נשמהדיקייט, פעלט אויך לעבן... דעריבער זיינען פאַראַן אַזוי ווייניק אמת גליקלעכע ליבנדיקע פּאָרלעך. דאָס רוב פירן אַ מיאוס, טרויעריק און אפילו אינטריגאַנטיש לעבן...

נאָכ'ן אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם האָט רייכמאַן ממשיך געווען:

— איך ווייס אַז אייער כוונה אין צוריידן מיך צו הייראַטן, איז אַן אמת גוטע. אָבער פאַר מיר, מיט אַ שאַרף קריטישן בליק אויפן לעבן, וואָלט סתם הייראַט געמיינט צו מיר, אונטערצוואָרפן זיך די קאַפּריזן, מיינונגען און אפילו מידות פון אַ פרוי; און וואָס נאָך כ'וועל באַרויבט ווערן פון אַ סך פון מיינע פרייהייטן וואָס כ'האָב איצט און האָלט אַזוי טייער... שטעלט אייך פאָר, פריינד ראָטשטיין, ווען איך זאָל דאַרפן אַריינפירן אַ פרוי צו מיר אין הויז, וואו אַלץ איז אויסגעשטעלט מיט אַ סדר, לויט מיין אייגענעם ווילן און עסטעטישן געשמאַק און צו אַלץ וואָס כ'האָב מיך ביז איצט איינגעלעבט, און וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון מיר, וועט מוזן געמאַכט ווערן אַ טאָטאַלער איבערבייט... כ'וואָלט געמוזט טאָן זאַכן, וואָס כ'וואָלט, ווען כ'בין אַליין, נישט געטאָן; מיינע ביכער וואָלטן געווען איר אין וועג; מיין בילדער־קאָלעקציע וואָלט זי מסתמא נישט געגליכן; כ'וואָלט געמוזט גיין מיט איר שפּאַצירן, ווען מיר ווילט זיך דווקא זיין אין שטוב און זיך צוהערן צו מיין באַליבטע רעקאָרדירטע קלאַסישע מוזיק, און איר וואָלט זיך דווקא וועלן זען און הערן די טעלע־וויזיע, מיט דזשאַז־מוזיק אָדער גאָר אַ „וועסטערן" מיט די ווילדסטע שיסערייען; און, ווען מיר ווילט זיך שטילשווייגן און מעדיטירן, וועט זי דווקא נאָר וועלן ריידן; זי וועט וועלן עפענען ס'פענצטער, ווען איך פיל גראָדע קיל...—

אַזוי ריינדיק האָט רייכמאַן זיך אויפגעהויבן און צוגעמאַכט דאָס פענצטער נעבן אים.

— אָדער, זי וועט וועלן צומאַכן ס'פענצטער ווען איר איז קיל און מיר איז וואַרעם. דאָס אייגענע איז מיט עסן, מיט דער דיעטע און צענדליקע אַנדערע קליינקייטן און גרויסיקייטן, וואָס פירן ניט זעלטן צו אַ צושטערטן שלום־בית... ניין, מיין פריינט, סתם נעמען און חתונה האָבן אָן איבערלייגונג, ניט קענענדיק גענוג דעם מענטשן, די מאַנירן,

די כאַראַקטער־שטריכן וכדומה — דאָס קאָנען נאָר טאָן יוגנטלעכע, וועלכע גריבלען זיך ניט, חקרנען נישט און האַנדלען לויט זייערע יונגע אימפּולסן און באַגערן... כ'דענק אַז איך וועל שוין אַזוי פאַרבלייבן... איך קאָן מיר נישט באַשליסן אויפצוגעבן מיין פרייהייט, וועלכע איז מיר אַזוי ליב און טייער און פּלוצלונג דאַרפן איבערברעכן מיין איינגעשטעלטן מצב, אָנהייבן טראָגן אויף זיך אַ יאָך פון זאָרג און אַחריות. ניין, מיך קאָן סתם אַ פּרוי ניט אימפּאָנירן. מיין באַדינג, קודם כל, איז — אויפריכטיקע ליבע... און דאָס איז אַ זאַך וואָס מ'קאָן מיר־ניט דיר־ניט באַקומען ערגעץ אָדער קויפן... איר פאַרשטייט?...

— יאָ, פריינט רייכמאַן — האָט ראָטשטיין אונטערגעכאַפּט נאָך מיט מער חשק דעם אָנגעצויגענעם שמועס — ווי וואָלט אָבער געווען אַ שטייגער, אַז דאָס ווייבל וואָס איך האָב בדעה אייך צו שדכנען, וואָלט איר יאָ ליב געהאַט?... און צו זיין אָפנהאַרציק מיט אייך, ווי איך זייט מיט מיר — האָט איר זי שוין פון לאַנג ליב...

די לעצטע ווערטער האָט ראָטשטיין בכיוון שטאַרק אַקצענטירט, כדי אַריינצוגעבן אַ מיין און קלאָרקייט אין די ווערטער, אַז רייכמאַן זאָל אים געהעריק פאַרשטיין.

רייכמאַן איז געבליבן זיצן פאַרוּוירט און צעטומלט. ער האָט אויפן מאָמענט נישט געקאָנט משיג זיין וואָס ראָטשטיין האָט געמיינט מיט זיין לעצטער באַמערקונג!...

— וואָס טוט זיך דאָ? וואָס וויל דער מענטש בכלל האָבן פון אים?!... רעדט ער אַקאָרשט אים נישט זיין אייגן ווייב אַ שידוך... עדנאַן?!... דער, צו וועלכער ער איז צוגעבונדן מיט יעדן פיבער פון זיין וועזן... דער, וועלכער ער האָט ליב און פאַרהערלעכט מיט דעם גאַנצן פייער פון זיין נשמה!... אָבער, ווי איז דאָס מעגלעך? נישט אַנדערש אַז דער מענטש איז גערירט פון זינען... און אפשר וויל ער אים נאָר פּרוּוון אָדער טרייבן מיט אים ליצנות?... אפשר איז ער אים סתם חושד אין זאַכן, אין וועלכע ער איז לחלוטין אומשולדיק?...

כלערליי געדאַנקען, איינער משונהדיקער פון צווייטן, האָבן אים אין לויף פון מינוטן אַרומגעכאַפּט, און ער איז פאַר אַ מאָמענט געבליבן ווי אָן לשון...

ראָטשטיין האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט; האָט ער שוין יאָ אים פאַראינטריגירט מיט דעם שמועס און געעפנט אַ פרייען וועג צו זיין

פא̈רטרא̈כטן שפיל מיט אים, הא̈ט ער שוין ממשיך געווען די אויסשפריי־טונג פון דער נעץ ביזן סוף און זען ווי רייכמא̈ן וועט דא̈ן רעא̈גירן... זיין צונג איז ביי אים איצט, מער ווי תמיד, לויז געווא̈רן, און ער הא̈ט א̈ן א̈פּהא̈לט געשילדערט פא̈ר אים די גוטסקייט און די בא̈קוועמלעכקייט פון דעם פא̈רהייראטן לעבן און, בעיקר, וואס פא̈ר א̈ גליין צוגעפּא̈סט פא̈ר ער און עדנא̈ וואלטן געווען.

— רייכמא̈ן — הא̈ט רא̈טשטיין מיט ווייכקייט און ערנסטקייט אין זיין שטים צו אים גערעדט — איר דא̈רפט און איר מוזט מא̈כן א̈זא̈ שריט! דא̈ס רא̈ט איך אייך ווי א̈ גוטער פריינט... אמת, איר זייט פא̈רמעגלעך, מא̈טעריעל גוט פא̈רזא̈רגט, א̈בער צווישן אונדז גערעדט, איר הא̈ט נישט קיין היים, ניט אין פיזישן, ניט אין מא̈רא̈לישן און ניט אין אינטעלעקטו־עלן זין. איר הא̈ט נשט קיי רו, איר זיינט עלנט ווי א̈ שטיין... א̈ פּא̈סנ־דיקע ליבנדיקע פרוי וועט אייך געבן א̈לץ אין לעבן... א̈בער, אום גא̈טס ווילן, גריבלט זיך ניט, פילא̈זא̈פירט ניט א̈זויפיל — זייט ניט קיין חקרן... פא̈רגעסט נישט א̈ז איר וועט נישט יונגער און, מ'לעבט נישט אייביק!... ליבע הא̈לט די וועלט צוזא̈מען און שא̈פט נייע דורות... איר דא̈רפט נא̈ר מושווה ווערן מיט זיך און פּרובירן אייער מזל; דא̈ס איבעריקע וועט שוין פון זיך א̈ליין קומען...

— וואס שייך עדנא̈ן — הא̈ט רא̈טשטיין מיט א̈ בא̈זונדערער התלהבות גענומען איר בא̈זונגען — הא̈ט איר גא̈ר קיין בא̈גריף ניט וואס פא̈ר א̈ וואונדערלעך שיינער מענטש און גוטער כא̈רא̈קטער זי איז!... זי איז גוט, ערלעך און איבערגעגעבן; א̈ן אמתע גוטע נשמה... און א̈ז זי איז שיין, א̈ז דא̈ך איבעריק פא̈ר מיר אייך צו דערציילן. איר, מיט אייער עסטעטישן געשמא̈ק, קען דא̈ס צום בעסטן א̈פּשא̈צן... קורץ, זי וועט זיין א̈ גליק פא̈ר אייך; דא̈ס זעלביקע איר צו איר...

רייכמא̈ן איז די גא̈נצע צייט, בעת רא̈טשטיין הא̈ט א̈זוי עלעגיש און פייערלעך בא̈זונגען זיין אייגן ווייב, געזעסן ווי אין א̈ דעליריום, א̈דער גא̈ר א̈רא̈פּגעפּא̈לן מיטא̈מא̈ל ווי אין א̈ טיפן תהום... ער הא̈ט נישט געגלויבט וואס זיינע אייגענע אויערן הערן... נישט א̈נדערש — הא̈ט ער געטרא̈כט — נא̈ר א̈ז זיין פא̈רשטא̈נד נא̈רט אים א̈פּ. אים איז עפּעס דער גא̈נצער ענין געווא̈רן זייער קשה... דא̈כט זיך א̈ן אויסערגעוויינ־לעכע בא̈וואונדערונג און בא̈גייסטערונג פא̈ר זיין אייגן ווייבס שיינקייט און מידות טובות, און דא̈ך וויל ער, רא̈טשטיין, זיך פון איר בא̈פרייען.

ראַטשטיינס רייד האָבן אָבער צום סוף אויף רייכמאַנען געמאַכט אַ מאָדנע היפּוכדיקע ווירקונג: גראַדענווייז האָט זיין פריערדיקע פלאַ־מיקע באַציאונג צו עדנאַן אַנגענומען אַן אויסטערלישע ענדערונג. דער איינגעזעסענער חקרן אין אים האָט זיך איצט גאָר שטאַרק דערוועקט און האָט אַרויסגערוקט פאַר אים כלערליי ספקות און אַרגומענטן. אַ פרעמד געפיל צו עדנאַן האָט זיך צוביסלעך צו אים אָנגעהויבן אַריינצו־גנבענען; אַ געפיל פון דערווייטערונג און פאַרזיכט האָט אים מיטאַמאָל אַרומגענומען. דער זיידענער פאָדעם, וואָס האָט אים געהאַלטן ביז איצט צעגעבונדן צו דער פון אים פאַרגעטערטער עדנאַ, האָט מען, ווי מיט אַ שאַרף פון אַ מעסער אומרחמנותדיק איבערגעשניטן... רייכמאַן האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך גריבלען אין דעם קנויל פון זיינע ספקות, צערודערטע געדאַנקען און אָפּנייגונגען.

ווען ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, ווייל ראַטשטיין איז אָפּגעגאַנ־גען צום פּלוצלינגן טעלעפאָן קלונג, האָט ער ווי מיט אַ גמרא־ניגון אונטערברומענדיק אַרויסגעפּליסטערט:

משה נפשך: מיינט ער, ראַטשטיין, באמת און ערנסט מיט אַלץ וואָס ער האָט דאָ נאָר וואָס פאַר מיר אַרויסגעבראַכט, איז צו וואָס דער גאַנצער עסק?... וואָרים, אויב זי, עדנאַ, איז טאַקע אַזוי גוט, פיין, פרום, געטריי און איבערגעגעבן — צו וואָס וויל ער, ראַטשטיין, פון איר פּטור ווערן?... און וואָלט זי טאַקע געווען אַזוי וואונדערלעך, ווי ער האָט זי פאַר מיר אָפּגעשילדערט, וואָלט ער דאָך זי מיר נישט געשדכנט, נייערט ער וואָלט זי גיכער פאַר זיך געהאַלטן!... און אויב ווידער, זי איז נִיט גוט פאַר אים, מיט וואָס בין איך דאָס אַזוי זיכער, אַז זי וועט זיין גוט פאַר מיר?... עפּעס איז דאָ דער גאַנצער ענין מיר זייער קשה!...

— ניין, רייכמאַן, זיי פאַרזיכטיק... קריך נישט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט... אייל זיך נישט... איבערלייג זיך אַ צענדליק מאָל איידער דו מאַכסט אַ געוואַגטן און פאַלשן שריט...

דער אַלטער בחור האָט ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל זיך גענומען גריבלען און חקירהן אין זיינע געפילן און מחשבות, און דאָס וואָס ער האָט ביז איצט אַזוי הערלעך, שיין און נשמהדיק פאַרגעטערט; דאָס וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר דאָס העכסטע גליק — האָט ער, אונטער דעם איצטיקן פּסיכאָז זיינעם, מיט אַ שווער געמיט און צער דורך זיינע ספקות און הקירות פון זיך דערווייטערט...

# בתיה׳ס דילעמע

דאָס שטעטעלע „ב.״ איז געלעגן אַן ערך אַ דרייסיק קילאָמעטער פון דער מעטראָפּאָליע וואַרשאַ. דאָס שטעטעלע איז געווען אַ קליינס, אַן אָרעמס; אירע איינוואוינער, די עטלעכע יידישע משפחות און דער רוב פון די פויערים האָבן זיך מפרנס געווען פון דעם גרויסן לאַנד־באַזיצער, גראַף פאַן סעמיעטעצקי. אין פרילינג און זומער איז דאָס שטעטעלע געווען איינגעטונקען אין גרינע פעלדער און פרוכטיקע סעדער. איבער דעם פּלאַכלאַנד, ביים זוים פון שטעטל, אויף אַ ניט צו הויכן באַרג, איז געשטאַנען דעם גראַפס פּאַלאַץ, וואָס האָט מיט זיין גרויס און ווייס־קייט געבלאַנקט פאַר אַ וויטן שטח און די באַבלעטערטע אַקאַציע ביימער אַרום דער אימעניע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ברייטער גרינער אָזערע, וואָס האָט שטיל געפלאָסן צופוסנס דעם באַרג.

דער רוב פון די לאַנדלאָזע פויערים האָבן געפּראַצעוועט ביים פאַן אויף זיינע גיטער און פעלדער און אויך דער מנין יידן האָבן זיך געדרייט אַרום דעם גראַפס אימעניעס און וואַלד־מסחרים.

די יידישע שכנים מיט די פויערים פון שטעטל האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום. הגם עס האָבן זיך דערטראָגן צו זיי פון די גרויסשטאָטישע עקסצעסן און אָנפאַלן פון פּאָלאַקן אויף יידן, האָבן אָבער די פויערים פון און אַרום דעם שטעטל ניט אַרויסגעוויזן קיין אָפענע שנאה צו זייערע יידישע שכנים. זיי האָבן באַטראַכט „זייערע״ יידן כמעט ווי אייגענע.

אָט־די דאָרפישע „אידיליע״ וואָלט אפשר אָנגעהאַלטן נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט, ווען... ס׳וואָלט זיך נישט אָנגערוקט אָט־דער גרויסער יידישער און וועלט־אומגליק — דער היטלעריזם, ימח שמם וזכרם, וואָס האָט ווי אַ בראַנד פייער אַרומגעכאַפּט אייראָפּע און האָט אַלץ מער און מער זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די גרעניצן פון קרוין־פוילן גופא. די היטלעריסטישע רוצחים, אין זייער מאַרש אויף פוילן, האָבן נישט דורכגעלאָזן קיין ווינקל פון דער פוילישער ערד, וואו זיי זיינען נישט צוגעקומען מיט זייער פּאַרוויסטונג און אין דער ערשטער ריי די יידישע משפחות.

נחום שוואַרצבאַרד, זיין ווייב ברכה לאה, און זייער איין־איינציק טעכטערל, בתיה, ניין יאָר אַלט, זיינען געווען פון די געציילטע משפחות אין דעם דערמאָנטן שטעטעלע. ווען ס'האָט זיך דערטראָגן די טרויעריקע ידיעה, אַז יידן, מענער, פרויען און קינדער, ווערן אַרויסגעשלעפּט פון די שטובן, צוזאַמענגעטריבן ווי פי און אָוועקגעפירט מחנות'ווייז אין די לאַגערן און געטאָס, האָבן בתיה'ס טאַטע־מאַמע אָנגעהויבן ערנסט צו טראַכטן ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען זייער קינד פון דעם אָנקומענדיקן אומגליק. ברכה לאה האָט רק געטענהט צו איר מאַן, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן:

— מילא, וואָס ס'וועט זיין מיט כל ישראל וועט אויך זיין מיט אונדז, אָבער... דאָס קינד, ברוך, דאָס קינד מוזן מיר ראַטעווען...

שווערע קאָשמאַרנע טעג און נעכט זיינען עס געווען פאַר נחום שוואַרצבאַרד און זיין ווייב ברכה לאה. זיי האָבן געפילט, אַז באַלד וועט דער ביטערער יידישער גורל, וואָס האָט געטראָפן דאָס פּוילישע יידנטום, זיכער אויך זיי ניט אויסמיידן.

— נחום — האָט ברכה לאה אַ זאָג געטאָן צו איר מאַן: — אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט און צער'פולע טעג טראַכט איך רק וואָס צו טאָן: וויאַזוי פאַרזאָרגט מען, אַז אונדזער קינד זאָל נישט דאַרפן טיילן דעם זעלביקן פינצטערן מזל פון אונדז און אַנדערע יידן? איך האָב זיך דערטראַכט צום געדאַנק, ברוך, מיר זאָלן זיך דורכריידן מיט אונדזער שכנה. די אַלמנה קריסטינאַ; זי איז אַ פרומע קריסטין; מיר זיינען מיט איר תמיד געווען גוט אויפגעלייגט; קיינמאָל אַ שלעכט וואָרט מיט איר זיך נישט איבערגעוואָרפן. איר יינגל, אַנטעק, עטוואָס עלטער פון בתיהן, שפּילן זיך תמיד צוזאַמען ווי גוטע, וואוילע קינדער. איז די איינציקע תרופה צו דער צרה, ברוך, מיר זאָלן זיך זען מיט דער שכנה, דערציילן איר דעם גאַנצן אמת, ווי מיר פילן און וואָס עס דערוואַרטעט אונדז פון דעם גרויסן אומגליק וואָס רוקט זיך אָן אויף אונדז יידן. מיר'ן איר איבערגעבן אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן: אונדזערע מלבושים, די חתונה־קליידער, דאָס צירונג, אונדזער דרשה־געשאַנק, די זילבערנע לייכטער — אַלץ, אַלץ וואָס מיר האָבן, אַבי זי זאָל נאָר איבערנעמען אונדזער בת־יחידה'קעלע אונטער איר שוץ, אָפּהיטן זי ווי איר אייגן קינד, ביז דער אומגליק וועט אַריבער. נחום, מיר וועט גרינגער זיין איבערצוטראָגן די אַלע צרות, ליידן און נגישות, וואָס אונדז שטייט פאָר, ווען כ'וועל וויסן אַז אונדזער קינד לעבט און איז אין זיכערע הענט...

די שכנה, קריסטינא, הא̇ט, ווי א̇ פרומע קריסטין, מסכים געווען צום א̇נבא̇ט פון אירע אומגליקלעכע יידישע שכנים, מיט דער פולער איבערצייגונג, א̇ז מיט איר קריסטלעכער הא̇נדלונג טוט זי א̇ הייליקע שליחות אין גא̇טס נא̇מען...

א̇ שטיקל צייט פריער, איידער בתיהס טא̇טע־מא̇מע און די א̇נדערע יידן פון שטעטל זיינען פון די נא̇צים פא̇רנומען געווא̇רן, איז שוין בא̇ש־קעלע אייגעקווא̇רטירט געווא̇רן ביי דער קריסטין, ווי איר מא̇מעשי און דערציערין...

נחום שווא̇רצבא̇רד, זיין ווייב ברכה לאה, ווי אויך די א̇נדערע יידן פון שטעטל, זיינען אין דער צווישן־צייט א̇רומגעגא̇נגען דערשלא̇געגע ווי עולם־התוהו־ניקעס אין דעם קא̇שמא̇רנעם דערווא̇רטן אויף דעם פינצטערן מא̇מענט פון דא̇ס א̇נקומען פון די נא̇צישע מחבלים; ס'איז געווען א̇ ווא̇רטן פון צער און א̇נגסטן, ווי פון א̇ פא̇ראורטיילטן, ווא̇ס ווא̇רט געפירט צו ווערן צו דער תליה.

בתיה'ס טא̇טע־מא̇מע הא̇בן צוביסלעך, בשתיקה, אין דער פינצ־טערניש פון דער נא̇כט, א̇ פרעמד אויג זא̇ל עס נישט בא̇מערקן, א̇נגע־הויבן א̇ריבערצוטרא̇גן זייער א̇רעם ביסל פא̇רמעג צו דער קריסטלעכער שכנה, די צוקונפטיקע היים פון זייער בת־יחידה'קעלע.

ברכה לאה הא̇ט א̇נגעהויבן צוגרייטן איר מיידעלע צו דעם אומבייט פון איר לעבן: זי הא̇ט איר דערקלערט ווא̇ס עס דערווא̇רטעט די יידן פון דעם גרויסן אומגליק און זיי בתוכם, און א̇ז די שרעקלעכע א̇נשיקע־ניש און מלחמה וועט א̇ריבער וועלן זיי איה"ש זיך צוריק אומקערן צו איר, ווי איר אייגענע טא̇טעשי און מא̇מעשי.

בא̇שקעלע, כא̇טש א̇ ניין־יא̇ריק מיידעלע, הא̇ט גא̇נץ גוט בא̇גריפן די סיטוא̇ציע פון דעם מא̇מענט, הא̇ט געפילט דעם צער און טרויער פון אירע עלטערן, ווי דער רוב יידישע קינדער, ווא̇ס ווערן מיט די ספּע־ציעלע אידישע צרות אויפגעצויגן, הא̇ט זי, ווי אירע עלטערן, געהא̇ט דעם בטחון, א̇ז דער גוטער מזל וועט זיי נא̇ך ווידער צוזא̇מענברענגען.

— בא̇שעניו, מיין טייער קינדעלע — הא̇ט די מא̇מעשי מיט צער און טרערן, איידער זייער צעשייד, צו איר געזא̇גט — כ'וויל זא̇לסט זיך גוט צוהערן ווא̇ס איך זא̇ג דיר א̇ן, און זא̇לסט עס שטא̇רק אין זינען הא̇בן און קיינמא̇ל נישט פא̇רגעסן, א̇ז דו בינסט א̇ יידיש קינד און... ווא̇ס עס זא̇ל מיט אונדז נישט פא̇סירן, און ווא̇ס עס זא̇ל מיט דיר זיך נישט טרעפן, זא̇לסטו וויסן, קינד מיינס, א̇ז מיר הא̇בן א̇ גרויסע משפחה אין

אַמעריקע; מיין שוועסטער, דיין מומע, און מיינע ברידער, דיינע פעטערס, און... ווען נאָר דו וועסט זיך נויטיקן, וועלן זיי דיר תיכף קומען צוהילף.

כ'וויל, קינד מיינס, זאָלסט געדענקען וואָס איך זאָג דיר אָן און אָפּהיטן דאָס וואָס איך לאָז מיט דיר איבער... זעסט, מיין קינד, אין אָט־דעם ברוינעם קליידעלע דיינס ניי איך איצט איין אין דעם זוים אַ קליין צעטעלע מיט דעם נאָמען און אַדרעס פון מיין שוועסטער און די נעמען פון מיינע ברידער, דיין מומע און פעטערס. זיי זיינען פון די גליקלעכערע פון אונדז; באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען זיי אַוועק אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע. הלוואַי וואָלטן מיר עס דאַן זיי נאָכגעטאָן, וואָלטן מיר אויף זיך דעם איצטיקן אומגליק ניט געטראָגן. איז געדענק, מיין קינד, ווען דער בראַנד־פייער וועט אַריבער, זאָלסטו תיכף זיך צו זיי ווענדן, וועלן זיי דיך אַריבערנעמען צו זיך און דו וועסט אויך זיין אַזוי פריי און גליקלעך ווי זיי דאָרטן...

ברכה לאה איז צוגעפאַלן צו איר טעכטערל און מיט מאַמעשע כליפּן איינגעקלאַמערט איר קינד אין זיך, וועלכע דאַרף זי איצט איבער־לאָזן אויף גאָטס באַראָט, צווישן ניט אייגענע, פאַר מאַמעשער באַשיצונג. דאָס איז געווען די לעצטע טעג פאַר זייער טרויעריקן צעשייד...

## .2

ברכה לאהס שוועסטער אין ניו־יאָרק, חיהביילע אייזען, איז געווען אַ פרומע אינטעליגענטע כלל־טוערין; זי האָט זיך ענערגיש מתעסק געווען אין איר שול, געזאַמלט פאַר מעות־חטים, געהאָלפן אָרעמעלייט, קינדער־יתומים אין ישראל וכדומה. זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע בהלה פון דעם היטלעריזם און דער גאַנצער בראָך איז אויס־געפאַלן צו יידישע קעפּ, האָט זי גאָרניט גערוט; הגם ס'איז שווער געווען עפּעס צו דערגיין וועגן איר משפחה אין פוילן, האָט זי אָבער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם ביטערן גורל וואָס האָט געטראָפן די יידן אין פוילן און בעיקר טאַקע וועגן אירע אייגענע דאָרטן.

אַזוי גיך ווי ס'איז נאָר מעגלעך געווען, תיכף נאָך דער נאַצישער מפּלה, איז זי געלאָפן צו דער פוילישער אַמבאַסאַדע, געשריבן בריוו צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין וואַרשע, מיט ביטעס אויסצוגעפינען אפשר איז דאָך דאָ וועלכע עס איז שפּורן פון דער משפחה, נחום שוואַרצ־באָרד, פרוי און קינד.

נאָך דער מלחמה האָט מען זיך ערשט אָנגעהויבן דערוויסן אַז דער גרויסער שוידערלעכער אומקום איז אַ סך, אַ סך גרעסער און גרויזאַמער ווי מ׳האָט זיך גאָר געקענט ווען עס איז משער זיין! אָבער, מיט אַלע באַמיאונגען האָט חיה ביילע ניט באַקומען קיין שום ידיעה וועגן אירע אייגענע. זי האָט שוין כמעט ווי אויפגעגעבן וועלכע עס איז האָפענונג עפּעס זיך צו דערוויסן וועגן איר משפחה אין פּוילן; מסתמא אומגעקומען אין די נאַצישע קרעמאַטאָריעס צוזאַמען מיט די הונדערטער טויזנטער אַנדערע מאַרטירער קדושים...

במשך די אַלע יאָרן פון דעם גרויסן יידישן אומגליק, זינט בתיה׳ס עלטערן האָבן זי איבערגעלאָזט ביי דער קריסטלעכער שכנה, איז זי געבליבן דאָרטן ווי דער קריסטינס אַדאָפּטירט קינד; זי האָט זיך דער־צויגן צוזאַמען מיט דער קריסטינס יינגל, אַנטעק, ווי ברודער און שוועס־טער; זיי זיינען געגאַנגען אין דער זעלביקער שולע, אין קלויסטער, ווי די אַנדערע פּוילישע קינדער פון שטעטל. בתיה איז דערימעך אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון יידן און פון יידישער קרובהשאַפט; ניט זי האָט יידן געזען און ניט זי האָט פון יידן מער געהערט. געבליבן ווי אַ יתומה אין דער פרעמד, האָט זי אָבער גאַנץ געגוי משיג געווען דעם טראַגיזם פון איר סיטואַציע און האָט די גאַנצע צייט געפילט אַ מין הכנעהדיקע דאַנקבאַרקייט צו דער גוטער קריסטין, איר איצטיקע מאַ־מעשי, וועלכע האָט אין דער אמתן איינגעשטעלט איר אייגן לעבן, אויס־באַהאַלטנדיק זי פון די נאַצישע משחיתים. בתיה האָט געפילט, אַז ווען ניט די דאָזיקע קריסטין וואָלט זי זיכער געטיילט דעם זעלביקן טויט־לעכן גורל פון די מיליאָנען אומשולדיקע יידישע קינדערלעך. צוליב דעם טאַקע איז עס געווען נאַטירלעך, אַז בתיה זאָל האָבן דעם געפיל פון ליבע און דאַנקבאַרקייט צו אָט־דער קריסטין, ווען זי באַטראַכט עד היום ווי אַן אייגענער מאַמעשי...

הגם בתיה איז אויפגעצויגן געוואָרן אין גרויס אָרעמשאַפט, איז זי אָבער אויסגעוואַקסן אַ ביז גאָר שיין און באַחנט מיידל: הויך און פיין אַנטוויקלט; געדיכטע טונקל שאַטעניגע האָר האָבן באַקרוינט איר שיינעם קאָפּ; אַ פּאָר מילדע, ווייכע, שמייכלענדיקע אויגן, נאַטירלעכע קאַרמין זאַפטיקע ליפּן, אַ חן־גריבעלע אין דער רעכטער ראָוז־קאָלירטער באַק און, איר שלאַנק געשטאַלט האָט געקענט אַרויסרופן אַ באַגער און אַנטציקונג ביי יעדן מאַנצביל... זיינען טאַקע אַ צאָל פרייע פּוילישע שקצים אין איר עלטער, אַרומגעהאַנגען דאָס שטיבל, און איר „מאַמעשי“

קריסטינע האָט דעריבער אַ שטאַרק אויג געהאַלטן אויף די „כלאָפּצעס”. בתיהן האָט זי אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון איר אויג, אַכטונג געגעבן אַז קיין שלעכטס זאָל חלילה צו איר ניט געשען...

קריסטינע האָט געהאַט אפשר פאַר זיך איר אייגענע אויסרעכענונג: אַזאַ פיין, שיין און ערלעך מיידל וואָלט זי בעסער געוואָלט האָבן פאַר איר אייגענעם זון אַנטעק, אַנשטאָט, גאָט באַהיט, זי זאָל אַריינפאַלן צו איינעם פון די אויסוואורפן, שיכורים...

אַנטעק איז אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע ווערבירט געוואָרן צו אַרבעטן אין אַ מאַשין־שאָפּ ביי די נאַציס און נאָך זייער מפּלה איז ער ווערבירט געוואָרן אין דער פּוילישער באַפרייאונגס אַרמיי. אַוודאי האָט ער זיך געוגוג אַנגעליטן די גאַנצע צייט. די מאַמעשי האָט שוין אַרויסגעקוקט אויף אַנטעקס אַהיימקומען, וועט ער זיך איינאָרדענען, אַ ביי לעבן אָנהייבן, זאָל ער נאָר קומען אַ געזונטער, גאָט מיינער, הייליקער! — איז זי תמיד צוגעקומען צו דעם ווינקל וואו די לייכטנדיקע „איקאָנע” פון דער „שוועגטע מאַריע” איז געהאַנגען, און געקניט פאַר איר אין געבעט:—שוין צייט, גאָט מיינער, נאָך די אַלע מאַטערבישן און שווע־רע גרויזאַמע איבערלעבונגען, איך זאָל שוין אויך האָבן אַביסעלע נחת פון מיין זון! פאַרוואָס טאַקע ניט משדך זיין מיין אַנטעקן מיט באַשען?... זי איז דאָך אַזאַ לייטיש קינד, אַזוי אַנדערש פון די אַנדערע מיידלעך; קען איך זיך דען ווינטשן אַ בעסערע כלה פאַר מיין זון ווי אונדזער באַשען? פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט האָבן, ווי יעדע מאַמע, די פרייד פון אַן אייניקל ? ! . . .

ווען אַנטעק איז מיט מזל אַהיים געקומען אינגאַנצן אַ באַפרייטער פון דינסט, האָט ער וואָס אַמאָל אַלץ מער אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ באַ־זונדערן אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט צו בתיהן. די מאַמעשי האָט אין אירע ווייטערע מעדיטאַציעס נאָך מער באַפעסטיקט איר מחשבה, אַז איר געבעט און וואונטש איז ביי גאָט אויפגענומען געוואָרן און אַז די צייט איז רייף, אַז איר געבעט און מחשבה זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ממש — אַ רעאַליטעט...

איינמאָל האָט זי אויף אַן אומדירעקטן אופן אַרויסגעזאָגט אירע מחשבות פאַר בתיהן אין דער הויך:

— טאָכטערשע טייערע — האָט זי שטיל און פרום אַרויסגעפּליס־טערט — איצט, אַז די מלחמה איז גאָט צו דאַנקען פאַראיבער, אונדזער אַנטעק איז שוין אויך בשלום דאָ מיט אונדז, וועט זיך אָנהייבן פאַר

אונדז אַ גאַר ביי און ליכטיק קאַפּיטל אין אונדזער לעבן... מיר'ן דאַרפֿן, טאַכטערשע, ערנסט אָנהייבן טראַכטן וועגן אַ תכלית פֿאַר אונדז; וויפֿיל טאַקע איז דער שיעור אַז דו זאָלסט גיין אַרבעטן? ביזט שוין אַ מיידל ראוי חתונה צו האָבן, און אויך האָבן אַ קינדעלע, און אָנפֿירן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט. זעסט דאָך וואָס די מערדער, די נאַציס, די ערד זאָל זיי אַרויסוואַרפֿן, האָבן אונדזער לאַנד פֿאַרוויסטעט, אויסגעמאָרדעט און אומגעבראַכט דייניקע, אַז ס'איז פֿון זיי קיין זכר ניט געבליבן, און... פֿון די אַלע יונגען וואָס הענגען דאָ אַרום דיר איז קיין איינער פֿון זיי נישט ווערט דיין מינדסטן פֿינגערל: פּויליאַקעס, ווילן נישט אַרבעטן, יאָגן זיך נאָך פֿרויען און „וואָדקע". דו, טאַכטערשי, האָסט די ווערט אַן ערנסטן ערלעכן בחור, וואָס ווייסט וואָס צרות און לײדן זיינען... דאַרף איך דיר דערציילן, באַשאַ, וואָס אונדזער אַנטעק האָט איבערגעלעבט? און זינט ער איז געקומען פֿון דינסט איז ער נאָך מער ערנסטער און אויפֿריכטיקער. יאָ, קינד מיינס, צרות, נויט און לײדן לייטערן אויס די נשמה און די מידות פֿון דעם מענטשן, און אַנטעק האָט זיך געענוג אָנגעליטן!... שוין צייט אַז איר זאָלט ביידע שוין אַביסל הנאה האָבן פֿון אייער יונג לעבן... טראַכט זיך אַריין, טאַכטערשי, כ'וועל אויך איבעררעדן מיט אַנטעקן וועגן דעם וואָס איך האָב גערעדט מיט דיר. חוץ דעם זע איך, אַז זינט ער איז צוריקגעקומען איז ער גאָר אַן אַנדערער! איך זע אויך אַז ער איז צו דיר גאָרניט גלייכגילטיק... אַ מאַמע, מיין קינד, זעט, פֿילט און פֿאַר־שטייט אַלץ! כ'האָב אויך געזען, אַז ער האָט אפֿילו פֿאַרטריבן די „כלאָפּ־צעס" וואָס הענגען אַרום שטוב און גאָר באַזונדער האָט ער זיך אפֿילו צעווערטלט מיט וואַצעקן, אָט־דעם פֿרעכן יונג, וואָס זוכט דיר נאָר צו באַלעסטיקן... טראַכט זיך גוט איבער, טאַכטערשע, וואָס כ'האָב מיט דיר גערעדט...

בתיה איז פֿון דער מאַמעשיס רייד געבליבן אַביסל אין אַ פֿאַרלעגנ־הייט. זי האָט אויפֿן מאַמענס ניט געקאָנט צוזאַמענעמען אירע געדאַנקען און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן. אין דער אמתן האָט זי באַשטימט פֿאַר זיך ניט געקענט זאָגן, צי זי האָט ליב אַנטעקן צי ניט. ס'איז איר ביז איצט אַזאַ געדאַנק און געפֿיל, אין שייכות מיט אים ניט אַרויפֿגע־שוואומען גאָר איינגאַנצן.

ביידע זיינען דערצויגן געוואָרן אונטער איין דאַך, איין מאַמע האָט זיי געכאָוועט און באַשיצט... הגם זיי זיינען נישט קיין לייבלעכע ברודער און שוועסטער, זיינען זיי אָבער דאָך נאָענט און אייגן...

בתיה איז שוין צו יענער צייט אַלט געווען בערך אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק און, לויט די רייד פון דער מאַמעשי, האָט זי אויך איינגעזען, אַז שוין צייט אַ טראַכט צו טאָן מכוח אַ תכלית. די „כלאָפּצעס" וואָס דרייען זיך דאָ אַרום זעט זי אויך נישט קיין איינעם פון זיי וואָס זאָל איר געפעלן: אַזעלכע ווי וואַצעק און וואַלעק, וועלן זיין פּונקט ווי זייערע טאַטעס: שיכורן און שלאָגן זייערע ווייבער אָן אַ פּאַרוואָס... איז אפשר די מאַמעשי גערעכט, אַז אַנטעק איז דער שטילסטער, דער אנשטענדיק־סטער פון זיי אַלע. קיין שיכור איז ער ניט; כ'וואָלט עס זיכער באַמערקט ווען ער וואָלט עס געווען; און צו מיר איז ער אויך לייטיש, קיינמאָל נישט צוגעשטאַנען, ווי עס זיינען עס דער רוב פון די „כלאָפּצעס"...

אָט־די געדאַנקען האָבן באַשעפטיקט בתיהס מוח די לעצטע פּאָר וואָכן, זינט די מאַמעשי האָט מיט איר גערעט מכוח דעם ענין. בתיה האָט לסוף אונטערגעצויגן פאַר זיך אַ שטיקל חשבון און סך־הכל פון איר אייגענעם מצב:

— אַן עלנטע יתומה בין איך; קיין פריינט און משפחה האָב איך ניט; קיין יידן האָב איך נישט געזען זינט די מערדערישע דייטשן האָבן מיינע עלטערן פאַרשלעפּט און אומגעבראַכט; מיט דער קריסטלערכער משפחה האָב איך מיר פאַרפעדעמט און פאַראייגנט; די מאַמעשי איז תמיד געווען צו מיר גוט ווי אַן אייגענע מאַמע. איז טאַקע מיט וואָס קען איך זי אָפּדינען, אָט־דער גוטער קריסטין, וועלכע האָט מיך געהיט און באַשיצט ווי אַן אייגן קינד? איך פיל אַז איר איינציק גליקוואונטש איז מיך צו פאַרקנסן צו אַנטעקן און, זי וויל נאָך דערלעבן אין אירע עלטערע יאָרן אַביסל נחת און פרייד פאַר זיך און, אַז נאָך די אַלע קאַשמאַרנע יאָרן פון צרות און מאַטערנישן זאָל אויך פאַר אונדז דאָס לעבן אַביסל אַ לייכט טאָן...

ווען די מאַמעשי האָט שפּעטער נאָכאַמאָל באַרירט דעם ענין מיט בתיהן, האָט זי שטיל, כמעט הכנעהדיק, צוגעשטימט און, אין אַ גוטער מזלדיקער שעה האָט די מאַמעשי געגעבן איר ברכה צו אַנטעקס און בתיהס צוזאַמענבונד.

דאָס יונג פּאָר־פאָלק האָט לעת־עתה געוואוינט מיט דער מאַמעשי צוזאַמען, איצט שוין אין וואַרשע. די פאַרדינסטן פון אַנטעקן זיינען ניט געווען גרויס גענוג מפרנס צו זיין די משפחה, האָט בתיה געמוזט גיין אַרבעטן און, נאָכדעם ווען בתיה האָט געבוירן איר ערשטלינג, אַ יינגעלע, האָט זי אויך געמוזט גיין אַרבעטן און די מאַמעשי האָט גע־

האַלטן דאָס הויז, געהיט און דערצויגן דאָס קינד. צוליב אַנטעקס שוואַכן געזונט, זינט ער איז געקומען פון דער מלחמה, האָט ער צוביסלעך אונטערגעקרענקט, האָט זי צוליב דעם איר אַרבעט געמוזט אַנהאַלטן.

איינמאָל איז אַנטעק געקומען אַהיים פון דער גאַס עפּעס אַזאַ פּלאָנטערנדיקער, אַזאַ אומהיימלעכער און האָט זיך ווי קיין אָרט ניט געקענט געפינען. בתיה האָט געזען אַן אים, אַז עפּעס באַאומרואיקט אים; וויל עפּעס זאָגן, נאָר ישובט זיך שטאַרק צי זאָל ער איר דערציילן צי ניט. בתיה, אַביסל צעשראָקן פון דאָס אומדערוואַרטעטע, האָט זי כמעט ווי אין ציטער אַ פרעג געטאָן:

— אַנטעק, וואָס האָט געטראָפן?! דערצייל, איך בעט דיך; כ'זע אַז דו באַהאַלסט עפּעס פון מיר.

— דאָבזשע, באַשאַ (גוט, באַשע) — האָט אַנטעק שוין מיט אַביסל אַנטשלאָסנקייט אַ זאָג געטאָן — כ'וועל דיר דערציילן:

— כ'בין היינט אַדורכגעגאַנגען אויף דער „דזשיקאַ" גאַס, האָב איך געזען אין אַן אָפענער טיר פון דער אַמעריקאַנער עמבאַסי אַריינקומען און אַרויסקומען יידן. בין איך געוואָרן טשיקאַווע און בין אויך אַריין; ערשט איך זע די מענטשן קוקן אויף אַ גרויסער שוואַרצער בולעטין ברעט, מיט אָפּגעשריבענע נעמען כלערליי, אויף וועלכע מ'פרעגט זיך נאָך פון אַמעריקע אויף פּערזאָנען, צי מ'ווייסט עפּעס וועגן זיי, וואו זיי געפינען זיך, צי זיי לעבן אָדער גאָר אומגעקומען. אויפן מאָמענט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אפשר, אפשר פרעגט מען זיך אויך נאָך אויף דיין משפחה?... מיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן איבער די אַלע נעמען וואָס אויף דעם בולעטין־ברעט און... צו מיין גרויסער איבער־ראשונג האָב איך מיטאַמאָל דערזען דעם נאָמען פון פאַן נחום שוואַרצבארד, פאַני און פאַניעטשקע. איך האָב נישט געגלויבט מיינע אויגן וואָס זען עס... כ'בין געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן; כ'האָב נישט געוואָלט אָנפרעגן אין דער ביוראָ אָן דיין וויסן, באַשע... כ'בין זיכער, אַז דאָס מיינען זיי דיך, באַשע, און דיין טאַטע־מאַמע, גאָט בענטש זייערע נשמות!

ווען בתיה האָט דאָס דערהערט איז זי תחילת געבליבן דערשיטערט און זיך מוראדיק אַ צאַפּל געטאָן פון דער בלויזער דערמאָנונג אין דעם אומקום פון אירע ליבע טאַטע־מאַמע... זי איז דערנאָך אַריינגעפאַלן אין אַ זייער געדריקטער שטימונג און אַ פלוס פון טרערן האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער ספּאַזמישן געזיכט. אַ קנויל פון מחשבות און דערמאָנונגען

האָבן זיך פאַר איר פאַנאַנדערגעוויקלט און ווי די ווערטער פון איר מוטער פאַר זייער צעשייד, האָט צו איר גערופן:

— געדענק מיין קינד! וואָס עס זאָל מיט אונדז ניט טרעפן, האָב עס גוט אין זינען: ווען ס'וועט קומען די צייט און געלעגנהייט, נעם אַרויס דאָס צעטעלע אין דעם זוים פון דיין ברוין קלײדעלע וואָס כ'האָב אַריינ־געניייט; דאָרטן איז פאַרשריבן די נעמען פון דיין משפחה: די מומע חיהביילע און דיינע פעטערס, די זיסמאַנס; זאָלסט זיך תיכף צו זיי ווענדן, וועלן זיי דיך אַריבערנעמען קיין אַמעריקע...

ווען בתיה האָט זיך אַביסל באַרואיקט פון דער אומדערוואַרטעטער ידיעה, האָט זי דערנאָך נאָכגעזוכט דאָס שוין באַלד פאַרגעסן קעסטל מיט זאַכן פון איר קינדהייט, אין וועלכן צווישן אַנדערן האָט זי געפונען דאָס ברוינע קלײדעלע. מיט ציטער אין די הענט האָט זי אויפגעעפנט דעם זוים פון קלײדעלע און געפונען דאָרט דאָס צעטעלע, וואָס האָט געוואָרט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר אויף אַ דערלייזונג. זי האָט דאָס צעטעלע מיט פאַרזיכט און הייליקן ציטער צוגעדריקט צו איר האַרצן און עס באַהאַלטן אין איר האַנט־טאַש...

אין דעם זעלביקן אָוונט האָט בתיה זיך צוזאַמענגערעדט מיט אַנ־טעקן, איר מאַן, און מיט דער מאַמעשי, און זיי האָבן באַשלאָסן צו שיקן אַ בריוו צו בתיהס משפחה קיין ניו־יאָרק אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס אין דעם דערמאָנטן צעטעלע...

אין דעם בריוו האָט בתיה באַריכות מיטגעטיילט ווי אַזוי זי האָט זיך דערוואוסט וועגן דער משפחה; דערציילט וועגן דעם אומקום פון אירע טאַטע־מאַמע אין היטלערס גאַז־קאַמערן, און ווי די עלטערן, איידער די נאַציס האָבן זיי פאַרנומען, האָבן זי איבערגעלאָזט אין זיכערע הענט ביי אַ פרומער גוטער קריסטין, וועלכע האָט זי אָפּגעהיט די אַלע יאָרן, און איצט איז זי פאַרהייראַט צו איר זון אַנטעקן און האָבן שוין אַ יינגעלע, דאַנק דעם ליבן, פון פינף יאָר, זאָל לעבן און געזונט זיין — און מיין אייגן לעבן — האָט זי געשריבן — האָב איך טאַקע נאָר צו פאַרדאַנקען מיין צווייטער מאַמעשי, מיין ליבער גוטער שוויגער...

ווען דער בריוו איז אָנגעקומען צו בתיה'ס מומע, חיה ביילע אייזען, קיין ניו־יאָרק, איז זי פון דער גוטער ידיעה איבערגעפּילט געוועזן פון פרייד, וואָס איר באַמיאונג עפּעס אויסצוגעפינען פון איר משפחה־געביין איז נישט געווען לאיבוד; זי האָט געדאַנקט דעם רבונו־של־עולם פאַר דעם חסד, וואָס איר שוועסטערס קינד האָט אויסגעמידן די טויטלעכע האַנט פון דעם מערדער־נאַצי.

3.

חיהביילע האָט תיכף זיך צונויפֿגעשמועסט מיט דער משפּחה, די ברידער זיסמאַנס, אַגב אַלע פֿאַרמעגלעכע, און מען איז געקומען צו דער פֿאַרשטענדעניש, אַז מ׳מוז בתיהן אַריבערברענגען קיין אַמעריקע.

היות איינער פֿון די זיסמאַן ברידער, וועלכער וואוינט אין לאָס אַנדזשעלעס האָט פּלאַנירט שוין פֿון אַ לענגערע צייט צו פֿאָרן מיט אַ באַזוך קיין ישראל, האָט ער אין דעם שעת־הכושר תיכף זיך באַזאָרגט מיט אַ פּאַספּאָרט, פֿאַר זיך מיטן ווייב און, אויפֿן וועג צוריק פֿון ישראל וועלן זיי אַריינפֿאָרן אין פּוילן זען די פּלימעניצע און זייענדיק דאָרטן וועלן זיי תיכף אָנהייבן זיך מתעסק זיין מכוח די מעגלעכקייטן די פּלימעניצע מיטן קינד אַריבערברענגען קיין אַמעריקע.

ווען אַן אַמעריקאַנער ייד, וואָס באַזיצט אַלץ וואָס די ציוויליזאַציע האָט באַשאַפֿן פֿאַר זיין באַנוץ, קומט אין אַזאַ לאַנד ווי פּוילן, נאָך אַזאַ מחבלישער פֿאַרוויסטונג פֿון די נאַציס, קען מען זיך משער זיין וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט אויף די זיסמאַנס די אומגעהויערע אָרעמשאַפֿט, די ענגשאַפֿט, דער אומעט, שרעק און דערשלאָגנקייט וואָס איינער זעט אומעטום — שאַצט ער ערשט דאַן אָפּ די פֿרייהייט און גליק וואָס דער גורל האָט אים געבראַכט אין דער פֿרייהייטלעכער און שפּעדיקער אַמעריקע . . .

די זיסמאַנס האָבן אין פּוילן נישט פֿאַרלאָרן קיין צייט. זיי האָבן זיך תיכף געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע און זיי האָבן אויסגעווירקט אַ צוזאָג, אַז אַזאַ וויזע וועט מעגלעך געגעבן ווערן מיט דעם הסכם, פֿאַרשטייט זיך, פֿון אַמעריקעס אויטאָריטעט. ווען די זיסמאַנס זיינען אַהיים געקומען האָבן זיי ערשט דאָ זיך געדאַרפֿט משתדל זיין דורך זייער קאָנגרעסמאַן אין קאַליפֿאָרניע, אַז אַזאַ וויזע פֿאַר זייער פּלימעניצע מיטן קינד זאָל אויסגעווירקט ווערן...

נאָך עטלעכע חדשים וואַרטן האָבן די זיסמאַנס באַקומען אַ בריוו פֿון זייער קאָנגרעסמאַן, אַז די פּלימעניצע אין וואַרשע, מיט דער צו־שטימונג פֿון איר מאַן, וועט באַקומען אַ „וויזיטאָרס״ וויזע אַריינצוקומען אין לאַנד, בלויז אויף דריי חדשים.

אַ קורצע צייט נאָכדעם איז בתיה מיט איר יינגעלע ענדלעך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק צו דער מומע חיה ביילע. ביי דער מומען איז בתיה מיט דעם יינגעלע געווען אַ פּאָר וואָכן.

איבעריק צו זאָגן אַז די משפּחה אין ניויאָרק האָט זיך זייער גע־פרייט מיט בתיה און דעם קינד. פאַרשטאַנען געוואָרן איז לכתחילה צווישן דער משפּחה, אַז בתיה מיטן קינד וועלן איינשטיין, במשך די צייט פון זייער זיין דאָ אין לאַנד, ביי די זיסמאַנס אין לאָס אַנדזשעלעס: ראשית האָבן זיי דאָרטן אַ גרויסע רחבותדיקע היים; שנית, וועט דער אָנקל זיסמאַן, וועלכער איז געווען אין פּוילן און האָט אויסגעווירקט איר קומען אַהערצו, וועט זיך שוין אויך מתעסק זיין צו פאַרלענגערן דעם טערמין פון איר זיין דאָ, און אפשר אויך ענערגיש אָנהייבן זיך עסקן, צי בתיה מיטן קינד קענען דאָ בלייבן אין לאַנד גאָר אינגאַנצן. אַזוי, אַז נאָך צוויי וואָכן זיין אין ניו־יאָרק איז בתיה מיטן קינד אָפּגעפלויגן קיין לאָס אַנדזשעלעס צו די זיסמאַנס.

.4

אַ נייַ קאַפּיטל אין בתיהס לעבן האָט זיך דאָ אָנגעהויבן. אַזויפיל פריינדשאַפט צו איר אַרויסגעוויזן און אַזאַ רחבותדיקן לעבן וואָס זי האָט דאָ געטראָפן, האָט זי ניט נאָר ווען עס איז געזען, נייערט זיך אפילו נישט פאָרגעשטעלט אין איר פאַנטאַזיע. אויפגענומען האָט מען זי טאַקע נאָר ווי אַ פּרינצעסין. דאָס הויז פון די זיסמאַנס איז געווען גרויס, באַלע־באַטיש, איז באַשטאַנען פון אַ צאָל צימערן, שיין מעבלירט אין מאָדערנעם סטיל; אַ גאָרטן אַרום הויז, צוויי אויטאָמאָבילן אין „גאַראַדזש”. בתיה מיטן קינד האָט מען אָפּגעגעבן פאַר זיך אַליין אַ צימער מיט אַ באַזונדער באָד־צימער. בתיהן האָט מען אויסגעקליידט בגדה מלכה און געפרייט מיט איר האָבן זיך נישט נאָר די זיסמאַנס, נייערט אויך די גרויסע צאָל נאָענטע פריינט פון די זיסמאַנס האָבן בתיהן באַטראַכט ווי אַן אייגענע און גענומען אַ גרויסן אינטערעס אין איר מצב און זי טייער ליב באַ־קומען. די זעלביקע פריינט פלעגן ברענגען מתנות: כלערליי שפּילצייגן פאַרן ייִנגעלע, וואָס אין פּוילן האָט עס זיכער נישט געהאַט; אַן אינדי־אַנער אנצוגל, אַ הוט און לעדערנע הייזקעלעך מיט צוויי פּיסטאָלעטלעך ביים זייט — קינדערשער אַמעריקאַנער אויסשטאַט; אויך אַ בייסיקל און אַנדערע שפּילצייג.

די זיסמאַנס האָבן אַלץ געטאָן, אַז בתיהן און דעם ייִנגעלע זאָל דאָ זיין אַזוי גוט און אנגענעם, אַז דער ווילן און חשק דאָ צו בלייבן זאָל אויף אַ האָר נישט געמינערט ווערן. די פריינט פון די זיסמאַנס פלעגן אָפט איינלאַדן בתיהן צו זייערע שמחות, און אויך ביי די פריינט האָט בתיה

געזען אַ ניט ווייניקער רחבותדיקע רייכע באַלעבאַטישקייט. בתיהס זיין דאָ זיינען געווען וואָכן פון כולו יום־טוב און שמחה.

די זיסמאַנס האָבן דעם ייִנגעלע אַנגעהויבן פירן יעדן טאָג אין קינדער־גאָרטן פון דעם „דזשואיש סענטער" און דאָס „שייגעצל" האָט שוין אָנגעהויבן צו פּלאַפּלען צוביסלעך סיי ייִדיש און סיי ענגליש. אויך בתיה איז געגאַנגען אין די אָוונט־קלאַסן אויף ענגליש. די שטוב ביי די זיסמאַנס איז געווען אַ ייִדיש־ריידנדיקע און אויך די פריינט זייערע — ייִדיש־ריידנדיקע, אַזוי אַז די סביבה און די גאַנצע אַטמאָספערע איז דאָ געווען אַ ייִדיש קולטורעלע.

זַוודאי איז עס געווען אַן אומגעהויער אומבייט פון בתיהס גויִאישער היים און סביבה אין פּוילן! . . .

די זיסמאַנס האָבן במשך די צייט אויסגעווירקט, מ'זאָל דעם גאַסט פאַרלענגערן דעם טערמין אויף נאָך זעקס חדשים. די זיסמאַנס און אויך די פריינט זייערע האָבן אַלץ געטאָן כדי משפיע צו זיין אויף בתיהן, אַז זי זאָל פאַרגעסן אַן פּוילן, אין דעם לאַנד פון אַנטיסעמיטיזם, פון האַס און שנאה צו ייִדן, און זאָל בעסער בלייבן דאָ, צווישן אייגענע און נאָענטע פריינט. פון בתיהס רייד און האַלטונג האָט מען אַלץ ניט געוואוסט וואו מ'האַלט מיט איר מכוח בלייבן דאָ אין לאַנד. וואָלטן די זיסמאַנס דאָס באַשטימט געוואוסט, וואָלטן זיי באַצייטנס אָנגעהויבן זיך מתעסק זיין מכוח דעם ענין. אין קיין געלט וואָלט קיין מניעה נישט געווען, וואָלט זי נאָר געזאָגט אַז זי וויל בלייבן! און וואָלט עס נישט מעגלעך געווען צו בלייבן דאָ אין לאַנד, וואָלט מען שוין געזוכט וועגן ווי זי אַריבערצובערענגען קיין ישראל... אָבער, כדי דאָס אויסצופירן מוז מען קודם כל האָבן איר גוטן ווילן און הסכמה, און דאָס האָט מען לעת־עתה געווּי ניט געוואוסט...

דער סוף פון בתיהס טערמין צו בלייבן דאָ אין לאַנד האָט אָנגע־הויבן זיך צו דערנענטערן און זיסמאַנס מיט זייער שוועסטער אין ניו־יאָרק האָבן אָנגעהויבן קאָנפערירן צווישן זיך. איידער מען אונטער־נעמט עפּעס צו טאָן, מוז מען דאָך אויך באַשטימט וויסן צי בתיה וויל דאָ בלייבן. תחילת האָט מען זיך גאָר אַנדערש נישט משער געווען, אַז זי וועט זיך אָנכאַפּן אין אַזאַ געלעגנהייט ווי אין אַן אבן־טוב, אָבער אין די שמועסן מיט איר מכוח דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ גאָר היפּוכ־דיקע מיינונג און האַלטונג...

אין בתיהן איז לעצטנס אָנגעגאַנגען אַ גרויסער געראַנגל. זי האָט בשום אופן נישט געקענט שלום מאַכן ביי זיך מיט אַזאַ באַשלוס. בתיה האָט דאָ טאַקע געהאַט פון אַלדאָס גוטס, און וואָלט זי דאָ געבליבן וואָלט איר קיין זאַך דאָ ניט געפעלט אויך שפּעטער...

בתיה האָט זיך דאָ במשך די צייט צעבליט ווי אַ פולבלוטיקע רייפע בלום. איר שיין באַחנט פנים האָט באַקומען אַ נאַטירלעך געזונטן אויס־זען. איר סאַמעט־גלאַטע הויט פון לייב און פנים איז געווען ווי פון מילך און רויזן. אירע וואַרעם־שמייכלענדיקע אויגן האָבן געלויכטן ווי שיינע רובינען. אירע אויסגעפּילטע היפטן, איר שלאַנקע געשטאַלט און מיידלש־בערגלדיקע בריסטן, שפּאַרנדיק דורך דעם נעט־געפּאַסטן הימל־בלוי סוועדערל, ווי אויף אַן עכט־אַמעריקאַנער „סוועדער־גורל", האָט געטראָגן אויף זיך די פולע רייפקייט פון פרויענשאַפט און האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג פון מאַנצבילשע בליקן... די זיסמאַנס און די נאָענטע שטוב־פריינד האָבן נישט איינמאָל זי קאָמפּלימענטירט:

— בתיה, מיט אַזאַ שיין פּנים און געשטאַלט ווי דיינער, קענסטו דאָ טאָן דעם שענסטן און דעם רייכסטן שידוך און ס'וועט דיר דאָ זיין גוט ווי די וועלט!

און געזאָגט האָט מען דאָס אַלץ מיט דעם מיין, אפשר וועט דאָס צו איר אימפּאָנירן און זי וועט דאָך באַשליסן צו בלייבן דאָ, אַנשטאָט צו פאָרן צוריק קיין פּוילן. ס'איז זיי אַלעמען דאָ ממש געגאַנגען אין לעבן, אַז זי זאָל נישט פאָרן צוריק צו דער גוואַלדיקער משפּחה. זיי האָבן אַלע געפילט, אַז קוים פאָרט זי צוריק צו דער ניט־יידישער סביבה, מיינט עס, אַז סיי זי און סיי דאָס יינגל אירס זיינען פאַרלאָרן און וועלן אָפּגעריסן ווערן פון יידישן שטאַם גאָר אינגאַנצן...

בתיה האָט זיך דעריבער שטאַרק געראַנגלט מיט אָט־די אַלטער־נאַטיוון. דאָ האָט מען איר אַזויפיל פריינדשאַפט און איבערגעגעבנקייט אַרויסגעוויזן. זי האָט געזען, געפילט און מיטגעלעבט די פרייהייט וואָס איז דאָ, דאָס באַקוועם רחבותדיק לעבן; אַ לעבן אָן דאגות, אָן זאָרג און...

— איך האָב די זעלטענע געלעגנהייט דאָ צו בלייבן און אויך זיין פון די גליקלעכע דאָס צו האָבן — פלעגט זי אין דער שטיל מיט זיך מעדיטירן — איך דאַרף נאָר שלום מאַכן מיט זיך, מיט מיין געוויסן און שווער געפיל... און אַזוי יעדן מאָל ווען זי טראַכט וועגן דעם, ווערט זי באַהערשט מיט אַ מאָדנער אומרו...

ווען ס'איז קלא̇ר געווא̇רן פא̇ר די זיסמא̇נס און די נא̇ענטע שטוב־פריינד זייערע, א̇ז בתיה איז מער געניי̈גט צו פא̇רלא̇זן דא̇ס לא̇נד און פא̇רן צוריק קיין פוילן, הא̇ט זיך ערשט דא̇ן א̇נגעהויבן א̇ סדרה פון כלערליי פרואוון זי איבערצייגן אויף דעם פא̇לשן וועג אירן.

— בתיה — הא̇ט מען צו איר געטענה'ט — וועסט קומען קיין פוילן וועסטו בא̇לד חרטה הא̇בן אויף דיין הא̇נדלונג... א̇בער נא̇כדעם וועט שוין זיין א̇ סך שווערער צו טא̇ן דא̇ס וואָס מ'קען איצט טא̇ן...

ווען א̇ פא̇ר פון די יונגערע יידיש־פוילישע פליטים, וואָס פלעגן א̇ריינקומען אין שטוב במשך איר זיין דא̇, הא̇בן דערהערט וועגן בתיה'ס בא̇שלוס, זיינען זיי ווי נשתומם געווא̇רן:

— ביזט משוגע, בתיה! לא̇זט איבער א̇זא̇ רחבותדיק גוט לעבן מיט א̇זוי פיל נא̇ענטע און ליבע פריינט, און פא̇רסט צוריק צום לא̇נד פון א̇נטיסעמיטיזם, יידן־הא̇ס און מיזערנע א̇רעמשא̇פט! דו ווייסט וואָס דיר דערווא̇רטעט דא̇רטן? וועסט ווידער דא̇רפן גיין שווער א̇רבעטן, מפרנס זיין דיין קרא̇נקן מא̇ן, דער מא̇מעשי און קינד! . . .

— ווען איך בין אויף דיין א̇רט, בתיה, וואָלט איך גא̇ר מורא געהא̇ט פא̇רן צוריק צו דיין א̇נטעקן — הא̇ט א̇ נא̇ענטע פריינדין פון די זיסמא̇נס זי געווא̇רנט — ער מוז שוין זיין גוט אין כעס אויף דיר, בתיה! דערלויבט הא̇ט ער דיר א̇פצופא̇רן פון פוילן בלויז אויף דריי חדשים און דו ביזט שוין דא̇ בא̇לד צוויי. ווער ווייסט וואָס דער גוי, דער פא̇לא̇ק, וועט טא̇ן צו דיר דא̇רטן דערפא̇ר וואָס דו הא̇סט אים א̇פגענא̇רט; זעסט דא̇ך א̇ז ער שרייבט אפילו ניט צו דיר קיין בריוו! ס'איז די מא̇מעשי וואָס שרייבט און בעט זיך ביי דיר זא̇לסט שוין קומען...

בתיה ווייסט דא̇ס א̇לץ זייער גוט; זי טרא̇כט וועגן איר ביטערן גורל און מצב דורך די טעג און נעכט; זי רא̇נגלט זיך מיט א̇ט־דער דילעמע זינט זי איז דא̇ ביי אירע פריינט און משפחה און... זי זעט א̇לץ נישט פא̇ר זיך קיין אויסוועג. די א̇לע גוט־מיינענדיקע רייד פון אירע פריינט און נא̇ענטע בא̇גרייפן אפשר נישט דעם גרויסן נשמה־גערא̇נגל וואָס זי לעבט איצט איבער... א̇ט־די א̇לע גוטע עצות זיינען פא̇ר בתיה'ן ווי שיטן זא̇לץ אויף א̇ וואונד. . .

איינמא̇ל הא̇ט די שטילע צעווייטיקטע בתיה שוין מער אין זיך נישט געקענט טרא̇גן דעם צער, טרויער און אומרו, וואָס בא̇הערשט זי, טרא̇כטנדיק בלויז וואָס עס שטייט איר פא̇ר צו בא̇געגענען אין דעם נא̇ענטן מא̇רגן... און, הא̇ט ווי געווא̇לט א̇רא̇פריידן זיך פון הא̇רצן:

— גלויבט מיר, מיינע טייערע, איך שאַץ זייער אָפּ אייער געטריי־שאַפט צו מיר און איך ווייס אַז איר ווינטשט מיר דאָס בעסט.... איך קען אָבער אַנדערש ניט האַנדלען! איך וועל ממש צעריסן פון וואונטש און געפיל. דאָס וואָס איר מיט אייער קאַלטער לאָגיק און איבערפּלעכלעך דענקען, אַז איך האַנדל נישט פּראַקטיש און אומשכלדיק און אַז איך וועל דערנאָך חרטה האָבן וואָס איך פּאַר איצט צוריק קיין פּוילן, ווייס איך דאָס אויך. וויל איך אייך אָבער זאָגן, טייערע, אַז איך קען אַנדערש ניט! מיין געפיל און געוויסן איבערוועגט אַלע אייערע ראיות... איך וועל מיר קיינמאָל נישט נישט קאָנען פאַרגעבן אַזאַ רשעותדיקע האַנדלונג קעגן אָט־די גוטע מענטשן, וועלכע האָבן מיך געהיט און באַשיצט פון אַזויפיל חיות רעות אין מענטשלעך געשטאַלט. ווי קאָן איך זיין אַזוי שלעכט און אומדאַנקבאַר צו מיין אַדאָפּטירטער מאַמעשי, וועלכע האָט מיך אויסבאַהאַלטן און איינגעשטעלט איר אייגן לעבן צוליב מיר? האָבן דאָך אַנדערע פּרויען יאָ אַרויסגעגעבן יידישע קינדער, און דאָרט וואו מ׳האָט געפונען אַ יידיש קינד, האָט מען די באַהאַלטער דערשאָסן. איז ווי קאָן איך איר איצט אַזוי מיאוס און ביטער אָפּנאַרן?... די מאַמעשי אזי שוין איצט אַ זקנה און דאַרף האָבן מיין הילף; זי וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף מיין צוריקקער. זי בענקט אַזוי שטאַרק נאָך איר אייניקל, און אויך דאָס קינד בענקט נאָך דער באָבעשין און נאָך אַנטעקן, דעם פאָטער פון מיין קינד. ניין, איר קענט עס אפשר ניט פאַרשטיין; איר זייט צו שטאַרק פאַרליבט אין אייער פּערזענלעכן מאַטעריעלן גליק איר זאָלט קענען באַנעמען די ליידן פון איינעם וואָס האָט איבערגעלעבט אַזאַ גורל און סיטואַציע... מעגלעך, ווען איר וואָלט געווען אין דער זעלביקער לאַגע ווי איך, אפשר וואָלט איר אויך אַזוי געהאַנדלט ווי איך; ס׳איז ניט מער ווי מענטשלעך!...

* * *

צוליב אָט־די מאָטיוון, וואָס זי האָט סוף־כל־סוף אַרויסגעבראַכט פון איר צעווייטיקט האַרץ, האָבן די פריינט און משפחה שוין מער נישט געזען קיין זין צו איבערצייגן זי אַנדערש.

ניט געקוקט אויף דעם ווי ניט זיכער און פאַרבלאָז איר לעבן אין פּוילן זאָל פאַר איר ניט זיין, וועט זי שוין מוזן פאָרן, כדי איינצושטילן איר צעווייקט האַרץ און די אומרו פון איר געוויסן...



# אין שעה'ען פון אומרו

**דוד זעליגמאַן**, אַ ייד אין די אַנהייב פערציקער, איז געזעסן אין זיין קליינער קראָם פון שניטוואַרג און אַרויסגעקוקט אויף אַ קונה. נישט זייענדיק שטאַרק באַשעפטיקט, האָט ער צייט געהאַט נאָכצוטראַכטן וועגן זיין פערזענלעכן מצב, און בעיקר, וועגן זיין פאַרהייראַט לעבן. לעצטנס האָט אים באַאומרואיקט אַ מאָדנער געפיל, און אַ האַרבע מחשבה האָט געעגבערט זיין מוח. אַ חשד האָט אים אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן, אַז זיין פרוי בערטאַ, מיט וועלכער ער איז שוין פאַרבונדן אַ קנאַפּע אַכט יאָר, איז עפּעס צו אים לעצטנס ניט אַזוי ליבלעך אָדער אפילו פריינדלעך ווי אין די ערשטע פּאָר יאָר פון זייער הייראַט. זיצט ער איצט, זעליגמאַן, אין קראָם און גיט זיך אָפּ אַ מין חשבון הנפש; גלידערט פאַנאַנדער זיין לעבנס־גאַנג, און בעיקר, זיין איצטיק שווער געפיל אין שייכות מיט זיין פרוי, וואָס דריקט אויף אים ווי אַ קאַשמאַר אויף זיין האַרצן.

בערטאַ איז ביי זעליגמאַנען די ערשטע פרוי. געווען איז ער אַן אַלטער בחור ווען ער האָט חתונה געהאַט. זיין מאַטעריעלער מצב איז געווען ניט קיין שלעכטער. הגם ער האָט געהאַט כלערליי געלעגנהייטן חתונה צו האָבן אַ סך פריער, איז ער אָבער געווען שטאַרק סקעפּטיש בנוגע דעם ענין פון הייראַט: פאַרבינדן זיך און פאַרקניפּן זיך מיט אַ פרוי, האָט ער געהאַלטן, מיינט פשוט, אין אַ גרויסער מאָס, פאַרלירן די פרייהייט וואָס מ'האָט. האָט ער דעריבער אָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן אָנבאָט. חוץ מזה, האָט ער זיך אָנגעזען און אָנגעהערט פון זיינע נאָענטע פריינט און באַקאַנטע פאַרלעך געבנוג אומצופרידנהייטן און אפילו מחלוקות צווישן זיך, וואָס עווענטועל האָט געפירט צו אומטרייהייט און צושייד.

צוליב דעם טאַקע האָט זיך געשאַפן ביי אים אַ מאָדנער קאָמפּלעקס פון אומצוטרוי צו פרויען; און צוליב זיינע פערזענלעכע דערפאַרונגען וואָס אים איז אויסגעקומען צו האָבן מיט פאַרהייראַטע פרויען, צוליב די דערמאָנטע סיבות האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן צו פאַרבינדן זיך אין הייראַט.

דאָס מיינט אָבער נישט אַז ער האָט לגמרי פאַרטריבן פון זיך אַזאַ מחשבה. פון צייט צו צייט פלעגט ער פונדעסטוועגן יאָ אַ טראַכט טאָן און זיך אפילו אויסמוסרן: איז עס דען אַ תכלית צו בלייבן אַן אַלטער בחור? האָט עס דען אַ זין זיך תמיד צו יאָגן נאָך אַנדערע פרויען? „שפּרינגען אין פרעמדע גערטנער"? מיט ניט ווייניק מורא און האַרץ־צאַפּלעניש... און פאַרוואָס טאַקע נישט אַ טראַכט טאָן וועגן שאַפן אַ פאַמיליע, לאָזן נאָך זיך יורשים, ווי דער סדר העולם איז?...

אין אַזעלכע מאָמענטן פון מעדיטאַציעס פלעגט ער צו זיך אַ זאָג טאָן: פונדעסטוועגן, דודל, ווען ס'וועט זיך דיר מאַכן עפּעס אַ פּאַסיקע פרוי, וואָס וועט דיך באמת פאַראינטריגירן, וועסטו נישט אַפּוואַרפן די געלעגנהייט...

זיצט ער איצט אין קראָם, זעלגימאַן, און דמיונט וועגן זיין איצטיקן מצב און רופט אַרויס ביי זיך יענעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיט זיין פרוי בערטאַ; ווי מאַגנעטיש ער איז מיטאַמאָל צו איר צוגע־צויגן געוואָרן, און ווי אַלע זיינע ספקות און אויסזעצונגען קעגן פאַרבינדן זיך מיט אַ פרוי זיינען צעשוואומען געוואָרן ווי אַ האָגל אין אַ זומער־טאָג...

געווען איז עס טאַקע אין אָט־דער זעלביקער קראָם, מיט קנאַפּע אַכט יאָר צוריק, אין אַ מסחר'לאָזן טאָג, ווי היינט. האָט ער אויך דאַן אַרויסגעקוקט אויף אַ קונה, ווי אַן אָרעמאַן אַ ייד, אויף שבת. אין יענעם מאָמענט — ער געדענקט עס ווי איצט — האָט זיך מיטאַמאָל די טיר פון זיין קראָם געעפנט, און בערטאַ, זיין איצטיקע פרוי, מיט נאָך אַ ווייבל, זיינען אַריינגעקומען און האָבן זיך פאַרגעשטעלט פאַר אים: היות זיי פאַרטרעטן די יידישע קינדער־שול אין די „הייטס", זיינען זיי געקומען צו אים מיט אַ בקשה, ער זאָל זיין אַזוי פריינדלעך און מנדב זיין אַביסל „שניטוואַרג" פאַר דעם באַזאַר לטובת דער שול.

זעליגמאַן דערמאָנט זיך איצט ווי ער האָט לאַנגזאַם אָפּגענומען דעם „קרעדענשל" פון בערטאַס האַנט. קוקנדיק דורכדרינגענדיק אויף איר, האָט ער אַביסל מיושבדיק, לאַנגזאַם איבערגעלייענט די ווענדונג פון דער אידייע פון אַ ספּעציעלער יידישער שול; ער האָט גאָר געהאַלטן, אַז די אַמעריקאַנער „פּאָבליק סקול" איז גוט גענוג פאַר די יידישער קינדער, דאָך האָט ער דאָס מאָל תיכף ניט אָפּגעזאָגט זייער בקשה, ווי זיין טבע איז געווען, און ווי ס'איז שוין באַקאַנט געווען צווישן די שול־טוערינס, וואָס פלעגן קומען צו אים פאַר אַזעלכע צוועקן.

זעליגמאַן האָט פּאַמעלעך אַרויסגעהויבן די אויגן פון דעם איבער־געלייענטן בריוו און לאַנגזאַם האָט ער אים אָפּגעגעבן בערטאַן אין האַנט אַריין. אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט ער מיושבדיק און מיט אַ באַזונדערן נייגער ווי באַטראַכט. זיין בליק האָט אַרומגעוואָנדערט איבער איר, ווי ער וואָלט איר אָפּגעמאָסטן מיט זיין גענייט אַלט־בחוריש אויג... ס'איז געוועזן צו מערקן, אַז בערטאַ איז אים געפעלן געוואָרן פון ערשטן אויגנבליק. איר לויכטנדיק געשטאַלט, איר באַשיידענער אָנציִענענדער אויסזען האָט אים פאַרכאַפּט און שטאַרק אימפּאָנירט, ווי וועלכע אַנדערע פרוי ביז איצט. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען אַ יונגפרוי, כמעט אין זיין עלטער, מיט אַ שיין, ראַפינירט, סימפּאַטיש פנים; איידעלע געזיכט־שטריכן; ליכטיק בלויע אויגן, ווי דער קלאָר בלויער קאַליפאָרניער הימל; אויגן אַזעלכע פאַרחלומטע, בענקענדיקע, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט וועט ער אַרויסלייענען פון זיי אירע טראַכטענישן און מחשבות. אויך איר הויט פון פנים, אַזאַ גלאַט זויבערע, און איר גאַנץ געשטאַלט איז געווען אַזוי שלאַנק און בויגיק, ווי אַ יונג צעדער־ביימל...

הגם זעליגמאַן האָט יענעם טאָג טאַקע ווייניק געלייזט, און ביי געוויינלעכע „נאָרמאַלע" באַדינגונגען וואָלט ער זיכער די פרויען אַרויסגעלאָזט מיט ליידיקן, אָנגעבנדיק דעם באַקאַנטן תירוץ, ווי תמיד, אַז ער האָט נאָך היינט ניט געלייזט קיין פּרוטה אַפילו — דאָך האָט ער דאָס מאָל ניט פיל נאָכגעטראַכט און האָט כמעט ווי אימפּולסיוו אָנגעהויבן אַרונטערצונעמען פון אַ פּאָר פּאַליצעס כלערליי „רעמנענטן", ווייבערשע פאַרטעכער, קינדערשע אָנטועכצן, און שווייגנדיק צוזאַמענגעלייגט אין אַ היפּשן געפּעק.

די ווייבלעך, איבערראַשט פון זיין איצטיקער ברייטהאַרציקייט, האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פאַרחידושטע בליקן: וואָס מיינט דאָס? מה זאת!? וואָס עפּעס מיטאַמאָל איז דער אַלטער בחור אַזוי פרייגעביק געוואָרן?... ער איז דאָך לגמרי גאָר אַנדערש ווי מ'פלעגט וועגן אים און זיין קמצנות רעפּאַרטירן אין דעם שול־קרייז...

— דאָ האָט איר, מיינע ליבע פרויען, אַ היפּשן געפּעק מיט גוטער גאַנגבאַרער סחורה פאַר אייער באַזאַר. ס'דאַרף אייך אַריינברענגען אַ פיינע מטבע! זעט אָבער פאַרטאַכליִעוועט עס ניט! ווי איך האָב געהערט, גיט איר אַוועק די זאַכן בחצי חינם. אמת, ס'קאָסט אייך טאַקע גאָרנישט, אָבער, סתם אַוועקגעבן דאַרף מען אויך נישט...

בערטאַ האָט מיט אַ פריינדלעך שמייכלענדיקן בליק צו אים, באַ־רירט דעם פּאַק זאַכן, צי ס'איז נישט שווער זיי זאָלן עס מיט זיך מיט־נעמען. זעליגמאַן האָט עס באַמערקט און האָט פריינדלעך אַ זאָג געטאָן:

— ניין, ניין, ליבע פרוי, זייט אייך נישט מטריח, ס'איז אַ צו שווערע משא פאַר אייך צו טראָגן. כ'וועל עס נאָך היינט אָוונט אַליין מיטברענגען צו אייער באַזאַר.

— איר וועט דאָרטן זיין היינט אָוונט? — האָט ער כמעט ווי דירעקט געפרעגט בערטאַן.

ביי געזעגענען זיך האָבן די פרויען אים האַרציק באַדאַנקט, געבנדיק אים די הענט. בערטאַס האַנט האָט זעליגמאַן אינסטינקטיוו געהאַלטן אַביסעלע לענגער און אירע ליכטיק בלויע אויגן האָבן אים מיט אַ ליבע וואַרעמקייט אַדורכגענומען... ער האָט מטאַמאַל דערפילט אַז ער האָט עפּעס ווי זיך אַ צאַפּל געטאָן. ער איז געבליבן זיצן אַביסל פאַרחלומט און דערנאָך כמעט ווי אין דער הויך אויסגערופן: הייסט עס אַז „יבוא יומו", ס'איז ענדלעך אויך געקומען מיין טאָג... יאָ, זי געפעלט מיר! מ'דאַרף זיך דערנעענטערן. מיין געפיל נאַרט מיך נישט אָפּ. זי וואָלט געווען פאַר מיר אַ פּאַסיקער שידוך...

די ווייבלעך, אַרויסקומענדיק פון זיין קראָם, האָבן נישט געקאָנט זיך שוין מער איינהאַלטן אויביידע האָבן, ווי פאַרשייטע יונגע מיידלעך, אין גאַס אויסגעשאָסן אין אַ הילכיקן געלעכטער פאַר פרייד, וואָס איז געלונגען אַזוי אומגעריכט אַרויסצובאַקומען ביים אַלטן קאַרגן בחור אַזאַ היפשן פּאַק סחורה, וואָס וועט פאַרצוקערט ווערן ביים באַזאַר...

— ווייסט וואָס כ'וועל דיר זאָגן, בערטאַ, אַז ווען נישט דו, וואָלט קיינער נישט געקענט ברעכן זיין האַרט־האַרציקייט. האָסט געדאַרפט זען מיט וואָס פאַר אַ ראָמאַנטיש פאַרחלומטע אויגן ער האָט דיך אָפּגעמאָסטן און דורכגעדרונגען! כ'קאָן שווערן, אַז ער האָט זיך אין דיר איינגעליבט פון ערשטן אויגנבליק!...

— מאָלע וואָס דיר קען איינפאַלן — האָט בערטאַ געפּרואווט אָפּ־ווענדן דעם געשפּרעך — דו ווייסט זייער גוט, אַז וואָס שייך מיר, איז מיר נאָך אַלץ שווער אפילו אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם. ווי קען איך פאַרגעסן מיין ליבן, טייערן דנ'ען, וועמען דער טויט האָט אַזוי אומדערבאַרעמדיק פון מיר אָוועקגעריסן. מיר דוכט אַז מיר וועט זיין שווער זיך צוצופּאַסן צו אַן אַנדערן...

— נו, מ'קען דאָך אָבער נישט אויפגעבן דאָס לעבן כל זמן מ'לעבט!

ביסט נאָך יונג און שיין, בערטאַ, און האָסט נאָך פאַר זיך אַ ליכטיקן מאָרגן...

— לאָמיר וועגן דעם נישט ריידן, טייערע — האָט בערטאַ כמעט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אָפּגעשטעלט דעם געשפּרעך.

* * *

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געבושעוועט דאָ אין לאַנד אַ זייער שטאַרקע אינפלוענציע און צענדליקער טויזנטער מענטשן זיינען דאַן אומגעקומען פון דער האַרבער חלאת. בערטאָס מאַן, דן שאַפּירא, האָט עס ניט אויסגעלאָזן, און נאָך דער שווערער אויסמאַטערנדיקער קרענק איז ער געשטאָרבן. נאָך דעם גרויסן אומגליק האָט בערטאַ זיך איינגעשלאָסן מיט זיך אַליין אין גרויסן צער און בענקשאַפט נאָך איר ליבן דנ׳ען און האָט זיך נישט געוויזן אין געזעלשאַפט.

ווען דן שאַפּירא האָט געלעבט, האָט בערטאַ מיט אים אָנגעהערט צום דראַמאַטישן און געזאַנג פאַראיין, פון וועלכן ער איז געווען דער גרינדער. ענערגיש ביז גאָר, איז ער ניט נאָר געווען דער גרינדער פון פאַראיין, נייערט ער איז אויך געווען אַ געשמאַק באַטעמטער זינגער און רעציטאַטאָר, וואָס איז געווען אַ נחת־רוח אים צו הערן. בערטאַ און דן זיינען געווען אַן אידעאַל פּאָרל, וואָס ווייניקער גליקלעכע האָבן זיי שטאַרק מקנא געווען. חוץ מזה, איז דן שאַפּירא געווען אַ שיינער מאַנס־פּאַרשוין: אַ כוואַליענדיק געדיכטער שיינער קאָפּ שוואַרצע האָר האָט באַקרוינט זיין אַרטיסטיש שיין ראָמאַנטיש פּנים; און ווען דן פלעגט פון דער אימפּראָוויזירטער בינע אין זיין דראַם־קרייז אויסזינגען זישע לאַנדאַוס ראָמאַנטיש ליד: „אין דער פינצטער", אָדער אברהם רייזענס: „איך קוש דיר מיט אויגן פאַרמאַכטע", זיינען אַלע היגנעריסן געוואָרן מיט עקזאַלטירנדיקע פרייד און נאָסטאַלגישע בענקשאַפט...

ווען דאָס גרויס אומגליק האָט אים געטראָפן איז ער נאָך געווען אין בליענדיקן עלטער און צו בערטאָס צער און טרויער איז גאָר קיין שיעור נישט געווען.

ווען די שול־באַוועגונג האָט זיך דאָ צעבליט, איז דער גרעסטער טייל פון דעם דראַם־קרייז געוואָרן אַקטיוו אַרום דער שול און די נאָענטע פריינט פון בערטאַן האָבן סוף־כל־סוף משפיע געווען, אַז זי זאָל זיך שוין באַפרייען פון איר סטאָאישער נזירות; ווערן אַקטיוו מיט דער וויכטיקער אַרבעט פון יידישער דערציאונג.

* * *

אין דעם זעלביקן טאָג וואָס בערטאַ און איר פריינדין, די צוויי שול־טועריגס, זיינען געווען ביי זעליגמאַנען אין קראַם, און ער האָט זיך אַזוי שיין פאַרגעשטעלט פאַר זיי, האָט זעליגמאַן דעם זעלביקן אָוונט, ווי ער האָט זיי מבטיח געווען, געבראַכט דאָס געפּעק מיט „שניטוואַרג" צום באַזאַר און נאָך זאַכן וואָס ער האָט געהאַלטן פון אַ גאַנץ קליינעם שאָדן צו זיך... זעליגמאַן האָט זיך תיכף געמאַכט היימיש, ווי אַן אייגענער: געוויזן בערטאַן, ווי און וויאַזוי צו נומערירן די פּרייזן פון יעדער זאַך באַזונדער, און, אַלס פּראַקטישער קרעמער, האָט ער די שול־טוער געגעבן עצות, אָנגעוויזן די ווערט פון יעדער זאַך באַזונדער. מען האָט אים דאָרטן אויפגעכאַפּט ווי אַן אבן־טוב... צוליב בערטאַן האָט זעליגמאַן אָנגעהויבן קומען צו די שול־יום־טובים און אונטערנעמונגען און אויך ניט פאַרפעלט צו געבן אַ גרעסערן ביישטייער פון אַנדערע פאַר דער שול.

זעליגמאַן איז געוואָרן וואָס אַמאָל נאָענטער צו בערטאַן און ס'איז געוואָרן כמעט ווי פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, אַז בערטאַ און זעליגמאַן וועלן זיך משדך זיין. צום סוף האָט בערטאַ מסכים געווען צום שידוך, ראשית, צוליב דער גוטסקייט, וואָס זעליגמאַן האָט אַרויסגעוויזן צו איר, והשנית, צוליב זיין איבערגעגעבנקייט צו דער שול־אַרבעט וואָס ער האָט טאַקע צוליב איר אַזויפיל געטאָן און וואָס איז שטאַרק אָפּגעשאַצט געוואָרן פון דעם שול־קרייז און פון אירע פריינט...

במשך די 8 יאָר פון זייער צוזאַמענלעבן געדענקט ניט זעליגמאַן, אַז ער זאָל געווען האָבן מיט בערטאַן פאַרגעניגנדיקע מאָמענטן פון אמתער קעגנזייטיקער ליבע און איבערגעגעבנקייט.ער, מיט דעם פייער פון אַ געזונטן מאַנסביל, מיט שטאַרקע ליבע עמאָציעס צו דער פרוי, וועלכע ער האָט ליב, האָט נישט געפונען ביי איר דעם וואַרעמען אָפּרוף נאָך וועלכן ער האָט געבענקט און דערוואַרטעט. איר באַציאונג צו אים איז געווען אַן אַ פונק פון עקסטאַז און טעמפּעראַמענט. און כאָטש זיי האָבן צווישן זיך קיין מחלוקת ניט געהאַט (וואו ס'קומט געוויינלעך פאַר אין „אַזוינע פאַלן") האָט זיך אָבער ביי זעליגמאַנען אָנגעקליבן אַ קנויל פון ניט באַפרידיקטע וואונטשן און פאַרלאַנגען. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז איר אויפנעמען אים איז עפּעס אַזוי ווי אירס אַ פליכט, וואָס זי מוז און דאַרף איבערקומען... מערערע מאָל האָט ער געפילט ווי ער ווערט פאַרברענט און פאַרצערט פון זיין אייגן פייער...

זעליגמאַן האָט שטאַרק ליב געהאַט בערטאַן. צי זי האָט אים ליב געהאַט — אין דעם האָט ער אָנגעהויבן צו ספקן. אפילו אין די „האָניק־

חדשים" האָט זי נאָך אַלץ אָפּנים געהאַט פאַר איר אויג און אין אימאַזש דנ'ען... זעליגמאַן האָט אָבער געהאַפּט, אַז מיט דער צייט וועט איר פּריערדיקן מאַנס שאָטן צוביסלעך אַנטרונען ווערן און זי וועט אָן אים פאַרגעסן. ס'איז אָבער אויך שפּעטער נישט בעסער געוואָרן. האָט ער, פאַרשטייט זיך, דערפון געליטן. ניט אַזוי האָט ער געמאָלן זיך אין זיין פאַנטאַזיע וועט זי צו אים זיין... שיידן זיך מיט איר דערפאַר וועט ער ניט. ער האָט זי דאָך ליב. אָבער... אָנהייבן איר פאַרוואַרפן איצט וועגן דעם, האָט ער געפילט, וואָלט געווען נאַריש. פאַרקערט, אַמאָל טוט ער אַ טראַכט: אפשר איז ער אַביסל צו סענטימענטאַל און סענסועל און פאַר־לאַנגט בכלל צופיל פון איר... אין אַזעלכע מאָמענטן פון זעלבסט־קריטיק און אַנאַליז פלעגט ער איר באַציאונג צו אים מיט ראיות און מיינונגען וואָס ער האָט ערגעץ־וואו געלייענט אָדער געהערט, אַז די פרוי, פון נאַטור, איז מער צוריקגעהאַלטן און ניט אַזוי סענסועל ווי דער מאַן... אפשר איז בערטאַ געערבט? האָט ער מעדיטירט — ווען זי האָט גע־פּרוּווט אים באַרואיקן מיט דעם אַרגומענט, אַז דער רוב פרויען זיינען אַזוי ווי זי...

מיט אַזעלכע געדאַנקען פלעגט ער זיך טיילווייז באַרואיקן. לעצטנס אָבער איז ער שטאַרק באַאומרואיקט געוואָרן פון איר מאָדנער האַלטונג: די דריקנדיקע שטימונג אין שטוב, וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב איר תמיד פאַרטראַכטן זיך און מאָדנע שווייגעניש, ווי זי וואָלט וועלן אויס־מיידן צו ריידן. ווי אַ זינדיקע, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט פאַרבאָרגענע מחשבות, האָט מורא, אַז מיט איר וואָרט אָדער נאָענטער באַרירונג מיט די אַרומיקע וועט מען אפשר איר פאַרדעכטיקן און אויסגעפינען אירע זינד, אַזוי פלעגט זי, ווי בכיוון זיך פון אים דערווייטערן מיט איר גלייכגילטיקייט און שטילן שווייגן...

אַז ער איז מיט אַ געבעט צו איר צוגעשטאַנען, זי זאָל אים דערציילן דעם אמת, פאַרוואָס זי פאַרבאָרגט פון אים עפּעס וואָס ער איז באַרעכטיגט צו וויסן... זי האָט אים ענדלעך, צווינגענדיק זיך אין אַ פאַרזאָרגט האַלב־פאַרשעמטן טאָן, געענטפערט, אַז איר שרעקט עפּעס און זי האָט מורא, אַז זי וועט נאָך אפשר אַ מוטער ווערן...

ווי אַ לעבעדיק עלעקטריש דראָט, צוגעשטעלט צו זיין גוף, האָט מיטאַמאָל אין זעליגמאַנס בלוט און אברים זיך עפּעס אַ צאַפּל געטאָן; זיינע געדאַנקען האָבן פיבערהאַפטיק זיך אַוועקגעטראָגן. פאַר אייניקע מאָמענטן האָט ער צו זיך נישט געקענט קומען; אין מחשבה האָט גובר

געווען די צווייטע, איין ספק שטאַרקער פון צווייטן, האָט אים ווי מיט אַ נעץ אַרומגענומען...

אָט האָט פאַר אים אַ בליץ געטאָן אַ שיינבאַרע פרייד, אַ האָפענונג — אַ קינד! און אָט איז די האָפענונג פאַרטונקלט געוואָרן פון חשד און עגבערנדיקע ספקות...

וואָלט ער איצט אין בערטאָן ניט געספקט, וואָלט די בשורה פון אַ קינד אים האָפנונגספול געשטאַרקט און געמוטיקט; דער געדאַנק אַז ער וועט ווערן אַ פאָטער — נאָך וואָס ער האָט שטאַרק געבענקט — איז געווען פאַר אים אַ גליקלעכער און אַ דערפרייענדיקער... האָט אָבער איר פרעמדקייט צו אים און סודותדיקע האַלטונג פאַרשטאַרקט און דערפירט זיין חשד ביז משוגעת...

— איז עס מעגלעך?... — האָט ער ווייטער געטראַכט — אפשר בין איך אין דעם גאָר אינגאַנצן נישט שולדיק?.. האָט ער נישט אויפ־געהערט זיך צו גריבלען... באַמערקט האָט ער יאָ, אַז אין געזעלשאַפט פון יונגע לייט לעבט זי אויף, ווייזט אַרויס אַן אויפגעהייטערטע לעבעדי־קייט; בענקענדיקע ליבע־בליקן מיט אַ סענסועל פייערל אין אירע אויגן...

תחילת, ווען ער איז געווען אין איר באַגלויבט, האָט דאָס אים ניט אַזוי געאַרט; פאַרקערט, אין אַ געוויסן זין איז ער גאָר געווען צופרידן און שטאָלץ וואָס יונגעלייט גיבן איר אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט. ס'האָט אים געפרייט, אָבער אויך טיילוויז באַאומרואיקט... יעדן איבעריקן בליק אירן האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן; יעדע פרייע באַנעמונג אירע האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש און געדעגט זיין איפערזוכט... באַזונ־דערס האָט אים שטאַרק געערגערט איר שטאַרקע באַגייסטערונג פאַר דעם לערער פון דער שול. זי שלינגט יעדן וואָרט, וואָס קומט אַרויס פון זיין פערלדיק מויל... ער דערמאָנט איר אַזויפיל אָן דנ'ען — איר אומפאַרגעסלעכן יונג־פאַרשטאָרבענעם מאַן, סיי אין געשטאַלט, אין אויסזען און סיי אין זיין אַרט ריידן און רעציטיר...

זעליגמאַנס אומרואיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער. ער האָט אָנגעהויבן פאַרשן, זוכן און נאָכטראַכטן; דערמאָנט האָט ער זיך, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער אויך עפּעס ענלעכעס געפילט; אַרויסגעקומען איז דאָס דאָן איבער אַ קלייניקייט, אַ ניט־פאַרזיכטיק וואָרט פון איר זייט, וואָס האָט אים אַביסל צערודערט, האָט זי אים דאָן מיט אַ וואַרעם וואָרט באַרואיקט און ס'איז במעט ווי פאַר־געסן געוואָרן. איצט זוכט זי אים אפילו נישט צו באַרואיקן, שווייגט ווי

אַ ספינקס. דאָס האָט צוגעגעבן נאָך מער פייער צו זיין פלאַמענדיקער, פול מיט ספקות, סענטימענטאַלער נשמה...

דאָס לעבן זיינס איז לעת־עתּה זיך געגאַנגען מיט דעם געוויינ־לעכן רוטינעם וועג; זיין קראָם, צו וועלכער ער איז כסדר געווען צוגע־בונדן, איז אויך אָנגעגאַנגען מיט דער געוויינלעכער רעגלמעסיקייט. זיצנדיק אין קראָם האָט ער טיילמאָל געפילט, ווי צו גיין אַהיים אין מיטן טאָג; אפשר וועט ער עפּעס דערשפּירן, אויסגעפינען... ווען איבערלאָזן דאָס געשעפט האָט ער נישט געהאָט; פאַרמאַכן ווידער די קראָם אין מיטן העלן טאָג האָט אים עפּעס נישט געפּאַסט, איז ער טאָג טאָג אויס מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער מינוט צו שליסן די קראָם און לויפן אַהיים, אין דער דערוואַרטונג צו הערן פון איר עטוואָס אַ באַרואיקנדיק וואָרט; אפשר וועט זי אים מיט פרייד באַגעגענען און מיט אַ גוטער בשורה פון דערלייזונג; זי וועט אים באַפרייען פון דעם חשד, ספקות און דריקנדיקן קאָשמאַר וואָס פאַרפאָלגט אים...

צום סוף, היינט ווי נעכטן און אַנדערע טעג במשך אַ לענגערע צייט: אַן איינגע'עקשנ'טער שוויגן און אַ מרה שחורהדיקער בלאָנדזשען פון צווי לעעבדיקע שאָטנס אין איין הויז. וואָלט כאָטש אַ קינד געווען, וואָלט דאָס מיט געוויין אָדער געלעכטער איבערגעריסן די דריקנדיקע שטילקייט . . .

מיט יעדן טאָג און שעה איז ער אומרואיקער און באָדנלאָזער גע־וואָרן. געצויגן זיינע טעג און נעכט אין אַ פאַרלאָזלעכן מצב; איז ער אַרומגעגאַנגען ווי פאַרחלומט, פאַרנאַכלעסיקט זיין אַזוי אויך אָרעם געשעפטל און זיך געפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון אומרו און ספקות... געווען מאָמענטן, ווען ער פלעגט שוין ביי זיך אָפּמאַכן און פעסט באַשליסן, אַז היינט מוז ער בלי שום תירוץ, מיט איר דורכשמועסן זיך; ס'מוז דאָך נעמען אַ סוף! ער מוז פאַר איר זיין חשד אַרויסזאָגן. אפשר וועט זי אים דאָך באַרואיקן און איבערצייגן אַז ס'איז טאַקע נישט מער ווי אַ חשד! אַז ס'איז נאָר אַ קראַנקע פאַנטאַזיע זיינע, וואָס עגבערט אים זיין מוח! דער געדאַנק אַליין, אַז ער וועט נאָך היינט אָוונט מיט איר וועגן דעם רעדן, האָט זיין זיין געמיט אַביסל גרינגער געמאַכט.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער רק געטראַכט: וואָס און ווי אַזוי זאָל ער עס איר פרעגן, פונוואַנען זאָל ער עס אָנהייבן? ווי אַזוי וועלן עס זיינע רייד אויף איר ווירקן און וויאַזוי זאָל ער האַנדלען, אויב זיין חשד איז

טאַקע אַ באַרעכטיקטער?... און — פלעגט זיינע מחשבות פון אַן אַריינ־קומענדיקן קונה איבערגעריסן ווערן, פלעגט ער דערנאָך אויפסניי זיך בעמען צו זיין פאַרטראַכטן באַשלוס.

אַז זי וועט נישט לייקענען פון אים קיין זאַך, אין דעם האָט ער ניש געספּקט; זי איז תמיד געווען אַ שטאָלצע און אַ מוטיקע: — גאָט, וואו נעמט מען נאָר דעם כוח און מוט דאָס אַרויסברענגען פאַר איר? — האָט ער געטראַכט.

היינט האָט ער געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם געפיל, אַז אַלץ וועט פאַר אים קלאָר ווערן... ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיין כוח און דרייסט וועט אים מער, ווי ביז איצט, נישט פאַרלאָזן...

ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט ער פריער ווי תמיד די קראָם צוגעמאַכט און איז אינטינקטיוו געלאָפן אַהיים, ווי פון עמיצן געטריבן; גלייך ווי עמיצער וואָלט אים אַן אומגליקלעכע בשורה אָנגעזאָגט אַז ס׳האָט געטראָפן.

מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט ער זיך צום הויז דערנעענטערט, און ווען זיין בליק איז אויף די ניט־באַלויכטענע פענצטער פון זיינע צימערן געפאַלן, האָט ער קאָנוואולסיוו זיך אַ צאַפּל געטאָן און איז מיט אַ ציטער און אימפּעט אַריין אין הויז ...

פינצטער, קיין שאָרך פון עמיצן, שטיל ווי אויף אַ בית־עולם; ער האָט בלויז געהערט דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ, און אויך דאָס חוצפּהדיקע קלאַפּן פון וואַנט־זייגער: טיק־טאַק, טיק־טאַק. ער האָט הויך גערופן: בערטאַ! ב ע ר ט אַ! געלאָפן פאַרלאָרן פון צימער צו צימער... ניטאָ!

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַז עפּעס פאַרלאָזט אים. זיין שטענ־דיקן טראַכטן פון חשד און צווייפל, זיין מידע אָנשטרענגונג האָט אים לעצטנס זייער דענערווירט. ער איז קאָנוואולסיוו צוגעפאַלן צום וויג־שטול, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַהינטער און מיט צוגעשלאָסענע אויגן זיבלאָז און אָן אַ ציל געטראַכט...

ווען זעליגמאַן איז אַביסל צו זיך געקומען, האָט ער ליכטיק אין שטוב געמאַכט און אָנגעהויבן אַרומזוכן, צי ס׳איז עפּעס אַ זכר פון איר געבליבן; זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ בריוו, ליגנדיק אויף ־ן טישל. פויל און אַפּאַטיש האָט ער דעם בריוו אין האַנט גענומען, ווי איינער, וואָס ווייסט שוין אין פאָראויס וואָס אים דערוואַרט, האָט ער געעפנט דעם בריוו און שטיל געלייענט:

טייערער זעליגמא̇ן!

כ׳בין א̇וועקגעפא̇רן. איך בעט דיך, זוך מיר נישט א̇רום. איך הא̇ב צו דיר גא̇רנישט און פא̇רלא̇נג פון דיר גא̇רנישט. כ׳הא̇ב געפילט, א̇ז דו קלייבסט זיך מיט מיר ריידן וועגן דעם אין וואס דו ביסט מיר חושד די גא̇נצע צייט... איך הא̇ב א̇בער אויך געפילט, א̇ז כ׳וועל באין אופן נישט קענען א̇פן וועגן דעם ריידן א̇ן ניט צוזא̇מענברעכן; וואס דא̇ס וואלט אפשר געווען קא̇טא̇סטרא̇פא̇ל פא̇רביידן...

איך דא̇נק דיר פא̇ר דיין גוטסקייט און ווינטש דיר מער גליק אין דיין ווייטערן לעבן, און איך הא̇ף א̇ז די צייט וועט דיין וואונד היילן...

ב ע ר ט א̇

פא̇ר זעליגמא̇נען איז א̇לץ מיטא̇מא̇ל קלא̇ר געווא̇רן. ער הא̇ט זיך א̇ליין פא̇רגעווא̇רפן זיין נא̇איוון גלויבן און, ווי וויניק ער הא̇ט זיין פרוי בערטא̇ן פא̇רשטא̇נען... אין שטוב לענגער צו פא̇רבלייבן איז אים נא̇ך שווערער און דריקנדער געווא̇רן. אין זיין עלנטער איינזא̇מקייט הא̇ט ער זיך קיין א̇רט נישט געפונען.

טרייסנדיק זיך מיט דעם געדא̇נק, א̇ז ס׳הא̇ט דא̇ך געקענט נא̇ך ערגער זיין!... איז ער א̇רויס די „גא̇ס" בא̇געגענען, זיין פא̇רדרוס און אומרו שטילן... זיין אומעט און בענקשא̇פט פא̇רטרייבן...



# סאַנדראַ

איידער די באַן שלענגלט זיך אַריין צווישן די בערג וואָס רינגלען אַרום די ישובים, וועלכע ליגן נעענטער צו דער מעטראָפּאָליע סאַן פראַנ־ציסקאָ, שטייט אַ קליינע סטאַנציע. ביי אָט־דער סטאַנציע שטעלט זיך די באַן אָפּ אויף געציילטע מינוטן, כאָטש זעלטן גייט דאָרט אַרויף אַ פּאַסאַזשיר אויף דער באַן.

דער אויפזעער פון אָט־דער קליינער סטאַנציע איז געווען אַ שפּאַניער, ביים נאָמען גאָנזאַלעס, וועלכער האָט געלעבט דאָרטן אַ צאָל יאָרן, מיט זיין פרוי, פּערסעלאַ, און זיין בילד־שיינע יונגע טאָכטער, סאַנדראַ.

אַרום דעם שטיבל אין וועלכן די גאָנזאַלעסעס האָבן געוואוינט, איז געווען אַ פּרעכטיק־שיינער גאָרטן, וועלכן פרוי גאָנזאַלעס און די טאָכטער סאַנדראַ האָבן זאָרגפעלטיק באַאַרבעט און געפלעגט. דער גאָרטן און דער האַלב טוצן באַבלעטערטע עקאַליפּטן ביימער זיינען באמת געווען ווי אַן אָאַזיס אין דעם גאַנצן מדברדיקן אַרום. יעדן מאָל, ווען די באַן האָט זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט פלעגט סאַנדראַ, זינט זי איז אַ קליין מיידל געווען, אַרויפכאַפּן זיך אויף דער באַן, דורכלויפן די וואַגאָנעס, מיט נייגער „אָנזעטיקן" זיך אין די פאַרשיידענע מענטשן וואָס זי זעט דאָ אַזוי זעלטן. אין הייסע טעג פלעגט זי אַרויפטראָגן לעמאָנאַדע, פאַר וועלכע די פּאַסאַזשירן האָבן איר גערן באַצאָלט. אויף צוריקוועגס פלעגט זי אויך צוזאַמענבעטן ציטונגען און כלערליי זשורנאַלן און זיי מיט־נעמען מיט זיך. זי פלעגט זיך אין זיי אַזוי פאַרטיפן, אַז מ'האָט זי שוין נישט געקענט אָפּרייסן פון זיי... דאָס איז געווען איר נאָענטסטער קאָנ־טאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט, וואָס איז באַקאַנט געווען צו איר נאָר דורך די בילדער פון די צייטשריפטן און אילוסטרירטע בלעטער. דורך דאָס געלייענטע און געזעענע בילדער אין די כלערליי אילוסטרירטע בלעטער האָט סאַנדראַ אויסגעחלומט פאַר זיך אַ שיינע אימאַגענירטע וואונדערלעכע וועלט. אָט־די שיינע קאָלירפולע וועלט איז דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, און זי וואָלט וועלן זיי אַ טייל פון איר...

וואָס עלטער סאַנדראַ איז געוואָרן, אַלץ שטאַרקער איז איר באַגער געוואָרן צו זיין אין דער גרויסער וועלט־שטאָט, מיט אירע פילצאָליקע מענטשן. . .

צו איר זיבעצענטן פרילינג איז סאַנדראַ שוין געווען אַ גוט־אַנט־וויקלט שיין מיידל, פון מיטעלן וואוקס; געדיכט־שיינע שוואַרצע האָר האָבן באַקרוינט איר שיינעם קאָפּ, פאַרפּיקסירט לויט דער מאָדע פון דער צייט; טונקעלע, טיפע, שמייכלענדיקע אויגן; אַ מילד־שיין פּנים און אינגאַנצן — אַ לויטער געשטאַלט.

אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג האָט סאַנדראַ זיך אַריינגעכאַפּט אין דער באַן, אויפן וועג קיין סאַן פראַנציסקאָ — די שטאָט פון איר חלום. זי האָט געטראָגן אַ נעט געפּאַסטן אנצוג מיט אַ בלוי „סיילאָר" היטעלע; דער הילוך האָט געפּאַסט צו איר שיין פּנים און שלאַנקער פיגור.

אַריינפאָרנדיק אין דער גרויסער סאַן פראַנציסקאָ, האָט זי דערזען דעם פּראַכט און גלאַנץ פון דער שטאָט אין ממש רעאַל. דער פּאַסיפיק האָט געגלאַנצט און שעמערירט אַנטקעגן דער פרילינג זון; די בריקן און די גרויסע בנינים זיינען געווען גראַנדיעזער און אויסטערלישער ווי זי האָט זיך געמאָלן אין דער פאַנטאַזיע. זי האָט געדונגען פאַר זיך אַ צוגענגלעכן צימער און תיכף זיך אַרויסגעלאָזן זוכן אַרבעט, וואָס וועט זיך מאַכן. טאָג איין, טאָג אויס, איז זי געגאַנגען פון איין אַרבעטס ביוראָ צו אַ צווייטער, האָט אָבער צו קיין זאַך ניט געקענט זיך דערשלאָגן. נאָך אַ פּאָר וואָכן פון אַרבעט זוכניש און ניט געפינען זיינען די עטלעכע דאָלער, וואָס זי האָט מיטגענומען פון דער היים, צערונען געוואָרן. ניט האָבנדיק דאָ קיין פריינט און באַקאַנטע, האָט זי מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז דאָ היימלאָז און אַ פאַרוואורלאָזטע. דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט איר איצט געמאַטערט די האַרבע פראַגע: וואָס זאָל איך טאָן? צו וועמען זאָל איך גיין? און צו וועמען קאָן איך זיך ווענדן פאַר הילף?...

במשך די אַכצן יאָר פון איר יונג לעבן האָט זי קיינמאָל ניט געוואוסט פון אַזאַ פּראָבלעם ווי, נישט האָבן אויף קיין עסן אָדער וואו איבערצו־נעכטיקן. אין דעם ווייטן, פאַרוואָרפענעם, כמעט איינזאַמען ווינקל ביי אירע עלטערן, האָט איר קיין זאַך ניט געפעלט. זי האָט געהאַט עסן צו זאַט, אַ דאַך איבערן קאָפּ; און דאָ, אין אָט־דער אויסגעחלומטער פאַר איר גרויס־שטאָט, צו וועלכער זי האָט זיך ממש געריסן און זיך געוואונטשן צו ווערן אַ טייל פון איר, האָט זי איצט נישט קיין ווינקל וואו איבער־צונעכטיקן... אין צימער, וואו זי איז ביז איצט איינגעשטאַנען, האָט זי זיך נישט געקענט צוריקקערן, מחמת ניט האָבנדיק מיט וואָס אָפּצוצאָלן דעם חוב וואָס זי איז שולדיק. צו די עלטערן שרייבן האָט זי זיך געשעמט, מחמת זיי האָבן לכתחילה זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל זיך

אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די פאַנטאַזיע וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן און געלעגנהייטן פאַר זיך אין דער גרויסער שטאָט.

וואַנדערט זי איצט אַרום גאַס־איין, גאַס־אויס, מיט אַ שווער געמיט און נאָך אַ שווערערן קאָפּ־ווייטאָג, טראַכטנדיק וואָס דאָך צו טאָן?

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן איז זי נאָכמער אומרואיקער געוואָרן: דער געדאַנק, אַז איר וועט אפשר אויסקומען אַזוי אַרומצוּוואַנדערן אַ גאַנצע נאַכט, האָט איר מוראדיק געשראָקן און דענערווירט. זי האָט אָנגעהויבן גיין מיט גיכע טריט, ווי פון עמיצן געטריבן, ביז זי איז צוגעקומען צו אַ העל־באַליוכטענער גאַס. פון דאָרט איז זי דערגאַנגען ביז די גאַסן פון דעם אָרעמען קוואַרטאַל, וואו ס'האָבן זיך געפונען ביליקע ביר־סאַלאָנען און טאַנץ־זאַלן. אין איר גאַנצער דאָרפישער אומשולד האָט זי אָבער תיכף דערפילט, כאָטש געווי ניט ווִיסנדיק וואָס פאַר אַ זינדיקער געגנט דאָס מוז אַוודאי זיין, און איז מיט אימפעט פון דאָרטן אַוועק.

אַרויסקומענדיק פון יענע גאַסן, איז זי אַריין אין אַ ווייניק באַלויכטענער גאַס מיט ביליקע האָטעל־הייזער. דאָ האָט זי באַמערקט אויף איין אַלטן בנין אַ שוואַך באַלויכטן שילדל מיט אַן אויפשריפט: „פּופציק סענט פאַר אַ נאַכטלעגער.‟ זי האָט זיך דערפרייט, אַזויפיל האָט זי נאָך געהאַט אין איר באַזיץ. ווען זי איז צוגעקומען נאָענטער צום פלאַץ האָט זי אָבער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויפצוגיין די טרעפּ; עפּעס האָט דער פלאַץ אָנגעוואָרפן אויף איר אַ מרה־שחורה: עס איז געווען אַלט און שמוציק; אַ פלאַץ וואָס האָט סוגעסטירט זינד און פאַרברעכן. זי איז אַרומגעגאַנגען די געביידע אומאַנטשלאָסן. זי מוז דאָך אָבער פאָרט האָבן אַ פלאַץ וואו איבערצונעכטיקן! זי וועט דאָך נישט אַרומגיין אַזוי די גאַנצע נאַכט און וואַנדערן...

ענדלעך האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַריין אין דער פּאָדערטיר פון דעם האָטעל. ברודיקע סקריפּנדיקע טרעפּ האָבן זי אַרויפגעפירט צום ערשטן שטאָק. ביי אַ טונקל־קאָלירטן טיש איז געזעסן אַ מיטליאָריקער מאַן אין אַ ווייס־און־שוואַרץ קעסטלדיק העמד, ווי אַ שאַך־ברעט, מיט אַ פּיפּקע אין זייט פון מויל. זיינע שווערע גרויסע פיס האָט ער געהאַלטן אויסגעצויגן אויפן טיש און פויל אַריינגעקוקט אין אַן אילוסטרירטן זשורנאַל. דער פאַרשוין, ניט בייטנדיק זיין פּאָזיציע, האָט דער צעשראָקענער און שוויגנדיקער סאַנדראַ פויל און אַפּאַטיש אַ פרעג געטאָן וואָס זי וויל. סאַנדראַ האָט שטיל, שעמעוודיק, מיט אַ ציטער אין קול געפרעגט, צי ער האָט אַ בעט איבערצונעכטיקן. דער

פֿאַרשוין מיט דער קעסטלדיקער העמד, ניט אַרויסלאָזנדיק די פּיפּקע פֿון מויל, האָט שמייכלענדיק און וואוילינגעריש זי אָפּגעמאָסטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און כמעט ווי מיט רוגזה אַ זאָג געטאָן:

— ווייסטו דען נישט, אַז דאָס פּלאַץ איז בלויז פֿאַר מענער?

— אָ, אַנטשולדיקט מיין טעות — האָט סאַנדראַ צעשראָקן און פֿאַרוואונדערט זיך פֿאַרענטפֿערט. אין איר צערודערטן געמיט האָט זי אַפּנים פֿאַרזען אויף דעם שילד: „נאָר פֿאַר מענער.“

דער פֿאַרשוין האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן פֿון זיין פּלאַץ, פֿאַרכאַפּט פֿון עפּעס אַ געפֿיל, און אָנגעהויבן זי נאָכרופֿן:

יאָ, יאָ, מיידעלע, קום אַרויף! פֿאַר דיר, מיין זיסקייט, וועל איך שוין געפֿינען אַ פּלאַץ!

די צעשראָקענע סאַנדראַ האָט שוין די לעצטע ווערטער זיינע נישט געהערט, אַרויסלויפֿנדיק פֿון דאָרטן ווי פֿון אַ פֿייער...

סאַנדראַ האָט זיך ווידער געפֿונען אין דעם פֿרעמדן דרויסן, און די האַרבע פֿראַגע וואָס צו טאָן איז פֿאַר איר געשטאַנען ווי אַ גרויליק שרעקלעכער שד, וואָס וויל זי פֿאַרצערן... אַ מידע האָט זי זיך ווידער דערשלעפּט צו דער העל־באַלויכטענער מאַרקעט גאַס. דאָ האָט זי דערזען אַזויפֿיל שיין־דעקאָרירטע שויפֿענצטער מיט כלערליי שיינע הויז־זאַכן, רייכע קליידער, אַפּעטיטנע עסנוואַרגן, אַז ס'האָט ממש פֿאַרכאַפּט איר אויג און „געוואַסערט“ דאָס מויל... אַ סך פּאָרלעך, מענער און פֿרויען, האָבן געמיטלעך שפּאַצירט געאָרעמט; זאַטע, זאָרגלאָזע, פֿריילעכע און לאַכנדיקע. נאָר זי, איינע אַליין, אין דער גרויסער פֿאַרהאַרטעוועטער שטאָט פֿון שטיין און אייזן, איז דאָ עלנט, הונגעריק און פֿאַרוואָרלאָזט... אין אירע אויגן האָט זי דערפֿילט אַ פּייכטקייט און אין האַרצן האָט געקלעמט אַ ווייטיק...

סאַנדראַ האָט געטראָגן אויף זיך דאָס בעסטע וואָס זי האָט געהאַט: אַ שיין נעט קליידל מיט אַ קורץ, בלוי, געפּאַסט מאַנטעלע; אַ בלוי „סיילאָר“ היטעלע און גאַנץ אנשטענדיקע שיך. זי איז געווען שיין און גראַציעז. אפֿילו איר איצטיק מאָמענטאַנער מצב פֿון צרות און דאגות האָט פֿונדעסטוועגן ניט פֿיל באַווירקט אירע טיפֿע, טונקל־ברוינע אויגן און אויך ניט פֿאַרבלאַסט אירע קאַרמין־רויטע ליפּן. זי איז געגאַנגען מיט איר גראַציעז געשטאַלט, שטאָלץ און ווירדיק, און האָט אויך נישט פֿאַרפֿעלט צו באַמערקן, אַז די פֿאַרבייגייענדיקע מענער קוקן אויף איר מיט אַזעלכע גייציק הונגעריקע אויגן... די מער געשייטערע האָבן אפֿילו זי נאָכגעקוקט נאָכדעם ווי זי איז שוין פֿאַרבייגעגאַנגען... אַ לייכטער

שמוכל האָט עס ביי איר אַרויסגערופן, אָבער טאַקע נאָר אויפן מאָמענט. ווידער האָט די שרעק און מורא פאַר דער מאַנסטער־שטאָט זי באַהערשט און דאָס ביט האָבן וואו איבערצונעכטיקן איז געהאַנגען איבער איר ווי די שאַרף פון דאַמאָקלעס שווערד...

סאַנדראַ איז פאַרבייגעגאַנגען אַ 20־סענטיקע קינאָ; אַן עלעקטריש שילד איז געהאָנגען איבערן אַריינגאַנג און געלאָזט וויסן די פאַרבייגייער, אַז די „מוּאַווי"־הויז איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט. מיד און צעבראָכן פון אַרומוואַנדערן איבער די גאַסן איז זי געווען; וואו צו נעכטיקן האָט זי נישט; וועט זי גאָר אַריינגיין אין אָט־דעם קינאָ־טעאַטער. דאָרטן וועט זי איינגעסטלען זיך אין אַ זיץ־פּלאַץ; זי וועט אַזוי אַרום אָפּרוען זיך, כאַפּן אפשר אַ דרימל און אין הונגער, וואָס האָט איר זייער געמאַטערט... פאַרגעסן. זי האָט באַצאָלט צוויי דיימס און איז אַריין אין טעאַטער.

אויפן לייוונט האָט זיך געוויזן איצט אַ בילד, וואָס ווי שטאַרק מיד זי איז געווען, האָט עס איר שטאַרק פאַרכאַפּט...

אַ באַנדע גאַלאָפּירנדיקע מענער אויף פערד האָבן זיך געיאָגט דורך טאָלן און משופּעדיקע בערג, כדי צו מאַכן אַן איבערפאַל אויף אַ גרויסן און רייכן גוטבאַזיצערס „ריינדזש". דער „ריינדזש" איז געלעגן אַרומגערינגלט פון קלענערע און גרעסערע פוס־בערגלעך. אַ גרויסער שטח לאַנד פון טויזנטער אַקער, ווייט און ברייט, וואָס גרעניצט זיך מיטן האָריזאָנט, צו צפון, צו דרום, צו מזרח און מערב, איז אַלץ געווען דאָס אייגנטום פון דעם רייכן לאַנד־באַזיצער, דזשאָזעפאָ מענדאָזאַ. אויף די גרינע פעלדער זיינע האָבן זיך געפּאַשעט זיינע פעטע קי, שאָף און פערד. פון ווייטנס האָט זיך געזען אַ גרויסער שלאָס, אַ פּאַלאַץ, אין וועלכן ס'האָט געוואוינט דער רייכער סעניאָר מענדאָזאַ און זיין איין־און־איינציקע שיינע טאָכטער, אַנדזשעלינאַ. אַ ביטער געפעכט איז אָנגעגאַנגען צווישן די איבערפאַלער און מענדאָזאָס אָנגעשטעלטע און אַרבעטער. פּעדראָ, מענדאָזאָס געטרייער דינער, האָט מיט אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט אָפּגעשלאָגן די אַטאַקירער און אַרויסגעראַטעוועט די שיינע אַנדזשלינאַ פון דער באַנדעס הענט...

פאַר זיין גרויס העלדישקייט און איינשטעלן זיין לעבן פאַר דעם באַלעבאָס' טאָכטער, ווערט דער געטרייער דינער, פּעדראָ, דערהויבן פון סעניאָר מענדאָזאַ אַלס דער הויפּט אויפזעער פון זיין גאַנצן רייכן גוט.

אַנדזשעלינאַ איז באַזונדערס דאַנקבאַר געווען צו פּעדראָן און אים זייער שטאַרק ליב באַקומען. צווישןביידן אַנטוויקלט זיך אַ שטילער

און זייער שיינער ראָמאַן — אַזוי שיין און אידיליש, ווי די גאַנצע נאַטור און לאַנדשאַפט אַרום... ביז וואַנען דער אַלטער מענדאָזאַ געפינט אויס, וואָס ס'קומט פאָר צווישן דעם יונגן פאָר, איז שוין אַנדזשעלינאַ גאָר היפש אין דער ליבע מיט איר פאַרגעטערטן פעדראָן... און דאָ פאַסירט דאָס געוויינלעכע, ווי מ'קען דערוואַרטן: דער רייכער מענדאָזאַ איז שטאַרק אומצופרידן, איז אין כּעס און בייזערט זיך; איז גרייט דעם אָרעמען טייוול, פעדראָן, צו שיסן. ער וויל בשום אופן נישט זיך מתחתן זיין מיט זיינעם אַן אָרעמען פועל. ס'טייטש: זיין איין־און־איינציקע טאָכטער, אַנדזשעלינאַ, אין וועמעס אָדערן ס'פליסט דאָס נאָבעלע אַריסטאָקראַטישע בלוט, זאָל זיך גאָר צוזאַמענפאָרן מיט אַזאַ נידריקן פּראָסטאַק, מיט זיינעם אַ דינער, זיין שקלאַף! ער האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט איבערטראָגן. פעדראָ, ווידער, איז געווען גרייט מיט פייער און שווערד צו קעמפן פאַר זיין געליבטער אַנדזשעלינאַ... און זי ווידער איז אויך גרייט געווען אויף אַלץ ווען נויטיק: זי וועט מיט אים אפילו אַנטלויפן אין די טיפענישן פון די בערג אָדער אין די ווייטע טאָליקע פלאַכן; פאַסטוכער וועלן זיי ווערן, אַן אָרעמען לעבן וועלן זיי פירן, אַבי נאָר מיט איר געליבטן און העלדישן פעדראָן צוזאַמען זיין...

די ליבע צווישן פעדראָן און אַנדזשעלינאַ, די נאַטור־שיינקייט אַרום דעם בילד און בכלל די גאַנצע סיפור המעשה האָט אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט דער סענסיטיווער, דאָרפיש־נאַאיווער סאַנדראַן, אַז זי האָט כמעט ווי פאַרגעסן אָן איר הונגער און איר איצטיקער לאַגע, און אפילו אויף אַ מאָמענט ניט דערפילט אויף זיך די האַנט־באַריר פון דעם נעבן־איר זיצנדיקן שכן... סאַנדראַ איז גלייך צו זיך געקומען, האָט מיט שרעק זיך אַ חאַפּ געטאָן און מיט שטילן פּראָטעסט אַוועקגעשאַרט דעם פרעמדנס האַנט פון זיך און אָפּגערוקט זיך פון אים. איר ערשטער אימפּולס איז געווען אַרויסלויפן פון טעאַטער, האָט זי זיך אָבער גלייך געכאַפּט: וואו וועל איך לויפן? האָב איך דען אַ היים, אַ פריינט ביי וועמען צו זוכן באַשיצונג ?

ווען דאָס ערשטע בילד איז פאַרענדיקט געוואָרן און ס'איז ליכטיק געוואָרן אין טעאַטער, האָבן זיי זיך ביידע איינע די אַנדערע איבערגעקוקט. ווי איבערראַשט סאַנדראַ איז געוואָרן, ווען זי האָט דערזען, אַז דער נעבן איר זיצנדיקער פאַרשוין, פון וועמען זי האָט זיך נאָר־וואָס אָפּגערוקט, איז גראַד געווען אַ גאַנץ אנגענעמער, שיינער, עלעגאַנטגעקליידעטער יונגערמאַן, מיט אַ פיין סימפּאַטיש פּנים, וואָס רופט אַרויס

צו זיך צוטרויען... איר געפיל צו אים האָט זיך מיטאַמאָל געביטן. אין דעם מאָמענט האָט זי זיך געוואונטשן, אַז ער, דער נעבן־איר זיצנדיקער, זאָל כאָטש זיין איצט אירער אַ ברודער, אַ באַשיצער... ער איז איר דווקא געפעלן געוואָרן... עפּעס האָט זי דערפילט צו אים כמעט ווי אַ נאָענטקייט אין איר איצטיקן עלנטן מאָמענט, האָט זי זיכער געמוזט האָבן אַ נאָענטן אַ פריינט. געדענקט האָט זי, אפשר וועט זי ביי אים געפינען פריינד־שאַפט און הילף. זי האָט אים צוגעוואָרפן אַן אומשולדיק שמייכל, וואָס ס'האָט כמעט ווי געמיינט, אַז זי האָט מיט אים שלום געמאַכט..

ווען אַ צווייט בילד האָט זיך אויפן לייוונט באַוויזן, האָט דער אומ־באַקאַנטער שכן אירער שוין אַ דרייסטער און נעענטער זיך צו איר צוגערוקט; און ווען זיין האַנט האָט ווידעראַמאָל באַרירט אירע, האָט זי שוין דאָס מאָל נישט אָפּגערוקט זיך פון אים, נייערט זיין נאָענטקייט אויף זיך געלאָזט פילן...

סאַנדראַ איז שפּעטער אַרויס פון טעאַטער און, דער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, וועלכער איז געזעסן נעבן איר, האָט זי תיכף נאָכגעפאָלגט, אויסגעגלייכט זיינע טריט מיט אירע, האָבן זיי דערנאָך צוזאַמען שטיל און באַשיידן, אין דער העל־באַלויכטענער מאַרקעט־גאַס שפּאַצירט, ווי אַ סך אַנדערע נאַכטיקע פּאָרלעך.

אין איינעם פון די נאַכט־רעסטאָראַנען איז סאַנדראַ ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן מיט איר אומבאַקאַנטן פריינט, ביי אַן אָפּגעזונדערט טישל מיט כלערליי מאכלים און געטראַנקען און מיט גרויס אַפּעטיט פון אַ שטאַרק הונגעריקער, האָט זי געשמאַק פאַרצערט די שפּייז. בעת סאַנדראַ איז געווען פאַרנומען מיטן עסן, האָט דער אומבאַקאַנטער באַ־גלייטער אירער, זי אויסגעפרעגט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט וויסן: ווער זי איז, פון וואַנען זי קומט, מיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך, צי האָט זי דאָ פריינט, ווי לאַנג שוין איז זי דאָ אין „פריסקאָ" און וואו זי וואוינט?.

סאַנדראַ האָט אין איר דאָפּישער נאַאיוויטעט אויף אַלע פראַגן זיינע אים געגעבן די ריכטיקע ענטפערס. צו זיין צופרידנקייט האָט ער שוין געזען פאַר זיך זיין קרבן געפאַנגען... אַ סך, אַ סך גרינגער ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

דער אומבאַקאַנטער „פריינט" האָט דערקלערט סאַנדראַן, אַז ער וועט זי אַנשטעלן צו אַרבעטן אין אַ „ביוטי פּאַרלאָר", אַזאַ מין שיינהייט־סאַלאָן פאַר פרויען. ס'הייסט, זי וועט דאָרטן דאַרפן אַרבעטן און לערנען זיך די מלאכה פון „מאַסאַזשירן"— שיין און יונג מאַכן די, וועלכע

קומען אַרויף אַהינצו פאַר דעם צוועק. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט וועט זי קריגן גוט באַצאָלט און מיט אַלעם פאַרטיקן...

סאַנדראַ, אין איר גרויסער פאַרצווייפלונג, האָט זיך אָן דעם אָנבאָט אָנגעכאַפּט ווי אין אַן אבן־טוב! אויף אַזאַ אומדערוואַרטעט „גליק" האָט זי זיך גאָרניט געריכט! איר וועט שוין מער נישט אויסקומען צו הונגערן און וועט אויך האָבן אַ דאַך איבער איר קאָפּ. האָט זי זיך טאַקע אויף דעם מאָמענט געפילט זייער גליקלעך פון דער געלעגנהייט, וואָס האָט זיך אַזוי אומדערוואַרטעט און אין דער צייט אונטערגערוקט צום האַנט...

סאַנדראַ איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שיינע און ליבלעכע רייד פון איר עלעגאַנטן אומבאַקאַנטן „פריינט", אַז זי האָט אָנגענומען אַלץ וואָס ער האָט איר צוגעזאָגט פאַר „גוט געלט." אין אָנהייב האָט זי ניט געוואוסט און זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט־די דאָזיקע אַזוי־גערופענע „ביוטי־פּאַרלאָר" איז גאָר אַ נעסט פון זינד און פּראָסטיטוציע. ווען זי האָט שוין אָנגעהויבן באַגרייפן ווי אַזוי קונציק זי איז דאַ פאַרנאַרט געוואָרן און וואָס מ'פאָדערט פון איר, איז זי שוין געווען אין אַן אייזערנעם קלעם, אין די נעגל פון אַ מאַכט, וואָס איז שוין נישט אַזוי גרינג געווען פון דאָרט זיך אַרויסצודרייען...

סאַנדראַ האָט צוביסלעך שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, מיט איר ביטערן מזל און פאַטאַלן גורל, פון דער אומגליקלעכער לאַגע אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. אָן ווידערשטאַנד, אָן פּראָטעסט, אויסערלעך שטיל און באַשיידן, האָט זי זיך אונטערטעניק נאָגעבעריש אונטערוואָרפן; כאָטש אינערלעך איז דאָס האַרץ איר, פון פאַרדרוס און ווייטיק, שטאַרק צוריסן געוואָרן. איר שטילע, נאָכגיביקע, האַלב־שקלאַפישע נאַטור, איר מורא אַרויסצעווייזן פּראָטעסט און ווידערשטאַנד, מען זאָל זי נישט פאַרשפּאַרן און מערדערלעך צעשלאָגן, ווי די די אַנדערע מיידלעך אין דער זעלביקער לאַגע, האָט זי אָנגעהויבן צוביסלעך מאַכן דעם איינדרוק אויף איר „מאַדאַם", אַז סאַנדראַ זעט אויס צו זיין צופרידן מיט איר „שטעלע"... מ'האָט אָנגעהויבן צוביסלעך אַ ווייניקער וואַכזאַם אויג אויף איר צו האַלטן; מ'האָט אפילו אָנגעהויבן צו געבן איר אַביסעלע מער פרייהייט, ווי די אַנדערע, די מער פּראָטעסטירנדיקע מיידלעך...

איינמאָל, נאָך אַ צען־וואָכיקן אָפּזיין אין דעם אַזוי־גערופענעם „שיינהייט־סאַלאָן", האָט זי, אומבאַמערקט פון קיינעם, אַרויסגעשפּאַצירט אין גאַס, ניט האָבנדיק אפילו אַ טראַכט געטאָן פון צו אַנטלויפן. מורא האָבנדיק פאַר אַזאַ מעגלעכקייט, איז זי לאַנגזאַם געגאַנגען, גאַס איין,

גאַס אויס, ביז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ לאַבירינט פון געסלעך, ניט ווייסנדיק דעם וועג אויף צוריק. ס'איז געווען אַ פאַרנאַכט, אַ שטאַרק וואָלקנדיקער, אַ נאַסער און אַ טונקעלער. דער אָוונט איז ווי מיטאַמאָל צוגעפאַלן און אַ שווער־געדיכטער, נאַסער טוי האָט זיך פון ים־ברעג געטראָגן, אַרומגענומען די גאַסן מיט אַ שווערן טומאַן און געדיכט געלייגט זיך אויף די הייזער און פאַרבייגייער...

סאַנדראַ האָט מיטאַמאָל דערפילט אַז זי איז פריי, קיינער יאָגט זי נישט נאָך. וואָלט זי אפילו וועלן איצט גיין צוריק, איז אויך דער וועג איר פרעמד אין אָט־דער פינצטערניש. אַ בליציקער געדאַנק איז אין דעם מאָמענט איר אַרויפגעקומען: אפשר גאָר אַנטלויפן פון דאַנען?... אָט־דער אויסטערלישער געדאַנק האָט פיבעריש אָנגעהויבן אויף איר צו אַרבעטן: — יאָ, איך מוז זיך ראַטעווען; איצט אָדער קיינמאָל! כ'וועל בעטן מענטשן, כ'וועל זיי דערציילן דעם אמת; מ'וועט מיר מוזן העלפן אָפּשיקן מיך אַהיים צו מיינע עלטערן.

דער דאָזיקער געדאַנק און באַשלוס האָט געשטאַרקט און געמוטיקט סאַנדראַס ווילן. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און כוח און, מיט דער הילף פון אַ פריינדלעכער פאַמיליע, וועלכער זי האָט גענוי דערציילט, ווי אַזוי זי איז פאַרנאַרט געוואָרן פון אַ רשעותדיקן מענטשן אין אַ פאַסטקע און זי וויל אַנטלויפן פון אָט־דעם מוראדיקן פלאַץ — זיך אַרויסראַטעווען פון אָט־דעם גיהנם...

די גוטע עדלעכע מענטשן האָבן סאַנדראַן געגעבן פלאַץ צו איבער־נעכטיקן און, מיטן באַגינען איז זי מיט זיכערקייט אָפּגעפירט געוואָרן צו דער סטאַציע, אין דאָרף פון אירע עלטערן.

סאַנדראַ האָט באַין אופן נישט געקענט פאַרגעסן אָט־יענע קאָש־מאַרנע איבערלעבונג וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין דער גרויסער שטאָט. אַ צייט לאַנג איז זי נאָכדעם, שוין ביי די עלטערן, אַרומגעגאַנגען, שוויי־גנדיק, מעלאַנכאָליש און פאַר'מרה־שחורה'ט. זי איז ס'רוב געזעסן אין שטוב. האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סטאַציע, האָט זי מער קיין אינטערעס נישט געהאַט אַרויסצוקומען, ווי פריער, זען די מענטשן דורך די פענצטערלעך פון די וואַגאָנען אַרויסקוקנדיק, אָדער גאָר דורכגייענ־דיק די וואַגאָנען, ווי זי פלעגט עס אַ צייט לאַנג טאָן מיט אייפערדיקן אינטערעס.

די עלטערן האָבן נישט געקענט משיג זיין וואָס עס איז געוואָרן פון זייער פריילעכער, תמיד זינגעוודיקער סאַנדראַ, זינט זי איז צוריק־

געקומען פון „פריסקאַ"?!... פון איר טראַגישער איבערלעבונג אין דער גרויסער שטאָט האָבן זיי נישט געוואוסט; סאַנדראַ האָט זיך געשעמט זיי עס צו דערציילן.

ווען די עלטערן האָבן פאַרגעשלאָגן, זי זאָל אפשר צופאָרן אין דער גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטאָר, אָדער גאָר פאַר צושטרייאונג, האָט זי נישט געוואָלט הערן אָדערריידן וועגן דעם; האָבן זיי איר צורו געלאָזט און געהאָפט, אַז די צייט וועט בייטן איר שטימונג און הויבן איר געמיט.

דער האַרבסט און אומעטיקער ווינטער איז אַוועק און דער פרילינג איז געקומען און מיט דעם איז אויך סאַנדראַס מעלאַנכאָליע צוביסלעך פאַרשוואונדן. מיט נייעם אינטערעס און אויפלעב האָט זי זיך פאַרטיפט אין דער אַרבעט פון גאָרטן ביי די בלומען. זי האָט אויך אָנגעהויבן לייענען זשורנאַלן, ערנסטע ביכער, וואָס דער פאָטער האָט דורך אַ יונגן באַן־אָנגעשטעלטן — וועלכער פלעגט זיך אָפט נאָכפרעגן אויף סאַנדראַן — פאַר איר באַשטעלט. די באַקאַנטשאַפט מיט דעם יונגן, שיינעם באַן־אָנגעשטעלטן האָט אַ סך גורם געווען, אַז סאַנדראַ זאָל זיך וואָס מער באַ־פרייען פון איר מעלאַנכאָלישער שטימונג און געמיט און האָט אָנגעהויבן צוריק געווינען איר פריערדיקן לעבהאַפטן שמייכל און גלייכגעוויכט.

דער יונגער באַן־אָנגעשטעלטער, ביים נאָמען סטיוו, האָט ערנסט זיך פאַראינטערעסירט אין סאַנדראַן. ער פלעגט אָפטער אין זיין פרייער צייט אַראָפקומען פאַרברענגען מיט איר און, ווען סטיוו האָט אין אַ שיינעם טאָג פאָרגעשלאָגן סאַנדראַן, אַז זיי זאָלן זיך משדך זיין און חתונה האָבן, האָט זי מיט אַנטשלאָסנקייט אים געענטפערט, אַז נאָר מיט איין תנאי קען זי צו דעם מסכים זיין: אַז זייער צוקונפטיקע היים און פאַמיליע וואָס זיי וועלן בויען, זאָל דורכאויס זיין אין אַ שיינעם גרינעם טאָל, ביים ראַנד פון די פוס־בערג, צווישן שטילע, ערלעך, רואיקע מענטשן, און ניט אין דער גרויסער שטאָט פון האַרבע רשעות און פאַרדאָרבענע זינד...



# אין גערַאנגל

(רעטראָספּעקט)

די מאַמע איז געשטאַנען אין אַ קרעמל,
געהאַנדלט מיט טעפּלעך און טעלער;
דער טאַטע איז געזעסן איבער אַ ספר
ביים עס־טיש, אין שטיבל פון קעלער.

געווען איז דער קעלער אַ קליינער,
מיט טרעפּלעך פיר, שמאָלע און לאַמע;
אַ קיך, אַ צימער, אַן אַלמער
און פענצטער, צוויי קליינע און קרומע.

פרנסה פון קרעמל אַ קליינע,
קוים אויפן „שפּיץ פון אַ מעסער,"
אויך דעם טאַטנס פאַרדינסטן געווען איז,
פיל נישט גרעסער און בעסער.

חוץ אַריינקוקן אין אַ ספר,
האָט ער אויך געוועבט תליתים;
פוןביידע פרנסות געפייפט האָט
דער דלות, ווי אין אַ שטיבל פון מתים.

כ׳געדענק:

דער טאַטע האָט ליב געהאַט זינגען,
פלעגט אונטערברומען אַ ניגון אין אומעט.
אַט זע איך אים ביי שחרית און מוסף;
אים האָט תמיד געצויגן צום עמוד.

געדאַוונט האָט ער מיט בגינה,
אויך ניט זעלטן געווען אַ בעל־קורא;
הגם ניט געווען קיין גרויסער למדן,
האָט אָבער מתעסק געווען זיך מיט תורה.

מיר זיינען צוויי זין און אַ טאָכטער,
געבליבן פון קינדער אַ טוצן;
האָט מען געלעבט און געהאַוועט ווי אַלע
קבצנים, פאַר עפּעס אַ נוצן.

מיין עלטערער ברודער, צבי פּינחס,
האָט'ן אָפּגעגעבן אויף אַרבעט צו אַ סטאָליער;
מיך האָט געצויגן צו אותיות, צו בילדער,
ווערן אַ דרוקער אַ מאלער.

בין איך געווען אין אַ דרוקאַרניע אויף דער לער,
די גרעסטע אין זשיטאָמיר, וואָלין;
געדרוקט האָט'ן דאָרטן פיל ספרים,
פלעג איך אָפּטער אַריינקוקן דערין.

איז עס געוואָרן ביי מיר אַ רגילות,
ניט פאַרבייגיין אַ געדרוקט שטיקל פּאַפּיר;
ווי אַ ייד אַ פרומער, אַ שיימע,
ס'אויפהייבן, מיט אויגן און ליפּן באַריר.

כ'בין מקנא געווען דאָרט די זעצער
ביי די קאַסטנס מיט אותיות פון בליי;
פלינק האָבן זיי זאַצן געפורעמט,
פאַר מיינע אויגן זיינען ביכער פאַרביי.

כ'האָב אָבער געמוזט די דרוקאַרניע פאַרלאָזן,
געווען אַ צו טייערער ביסן פאַר מיר!
בין איך געוואָרן אַ פאַרבער, גענומען פאַדרינען
און געקאָנט זיך טאַקע געבן אַ ריר!

געמאָלן אין שטיבער, אויך אין דרויסן אויף דעכער —
פריי ווי אַ פויגל געווען!
גענומען אויך מאָלן פּאָרטרעטלעך און בילדער,
געוואָלט זען וואָס פון דעם וועט געשען.

ביים באַלעבאָס מיינעם האָט געאַרבעט אַ קינסטלער,
אַ מאָלער פון פּאָרטרעטן אין אויל;
געווען איז ער אַ מיינסטער אַ גאָט געבענשטער;
אָפט געשיכורט און אויך געווען פויל.

געוואָרן בין איך זיין געהילפס־יינגל;
אים געהאָלפן די לייוונטן באַציען,
צווישן צוויי שטיינער, פאַרשיידענע פאַרבן
צעריבן, צום פיינסטן, צום דינסטן פון דין.

מיין באַלעבאָסטע געווען איז אַ פּראַכט פון אַ שיינהייט!
האָט ער געמאָלן זי כמעט ווי אין „ניוד";
איר הויט איז געווען ווי פון מילך און רויזן
און אויגן אַ פּאָר — אַ זוניקע ראָד!

אין הויף האָט געוואוינט אַ יידישער שכן,
אַ יונגער, אַ שטאַרקער, אַ שיינער ביז גאָר.
פלעגן זיי אָפטע ראַנדעוואוס מאַכן;
געווען וואָלטן זיי ביידע אַ פּאַסיקע פּאָר.

בין איך געוואָרן זייער פּאַרטרויטער שליח:
איבערגעגעבן צעטעלעך, פון אים צו איר;
געגאַנגען אַ שליחות, אָפט קויפן „פּאַטראַוועס",
מתנות געבראַכט איר, אפילו אַ שיר!

כ'האָב צוגעזען אַלץ, געהערט און געשוויגן;
מקנא געווען דעם שכן פון הויף.
זי איז געוואָרן מיין וואונטש און מיין חלום,
ווען כ'וועל ווערן אַ גרויסער, זיין ראוי דערויף!

ייִנגלשער חלום, יוגנטלעכער בענקען —
יעדע שיין־פרוי ווערט דיין האַרצנס־באַגערן,
אָבער זי איז געווען די פרוי פון פּאָלקאָמען —
קיין איינער בכוח האָט געקאָנט זיך איר ווערן!

וואָס זאָל איך אייך ברייען, כ'בין קיין קינסטלער געוואָרן:
כ'האָב פּשוט פאַרדינען געדאַרפט אויף ברויט.
האָב איך גענומען דעם פּינזל, די שפּאַכליע און לייטער,
אויף בנינים געקלעטערט, אין סכנה פון טויט.

מיין ברודער געוואָרן איז איינער פון די „דאָזיקע",
פון אַ סאָציאַליסטישן קרייזל אין דער היים.
אַלץ אַרום אים איז געווען ווי אַ מיסטעריע;
געהיט זיך, געהאַלטן זיך שטאַרק אין געהיים.

האָב איך איינמאָל גענומען פון ברודער דעם ביישפּיל,
אויך אַריין אין דעם רעוואָלוציאָנערן פאַראיין;
געגאַנגען אויף קרייזלעך, אויף „סכאָדקעס" געהיימע,
געלערנט סאָציאַליזם און קאַמף צו פאַרשטיין.

און . . .

פּאַסירט האָט עס איינמאָל, אַ פרייטיק־צונאַכט
נאָכן פראַווען דעם שבת מיטן טאַטן ביים טיש,
בין איך אַוועק אין אַ קרייזל אַזאַ געהיימען;
פון דאָרטן זשאַנדאַרמען האָבן געבראַכט מיט מיט רעש.

דער טאַטע דערשראָקן, די מאַמע פאַרצווייפלט;
מ'האָט איבערגעקערט אינגאַנצן דאָס שטיבל, דעם קעלער.
אַ נס וואָס מ'האָט דאָרטן גאָרנישט געפונען.
מיד צוגענומען סייווי פון הויז האָט מען שנעלער.

צומאָרגנס אין בית־מדרש איז געווען אַ גערודער;
דעם גבאים אַ טאָכטער, אַ געלערנטע, באַרימטע,

האָט אין זעלביקן קרייזל געלערנט „פּאָליטאַ“,
איז אויכעט געווען צווישן די אַרעסטירטע.

דער טאַטע האָט נאָכדעם אַביסל גרינגער געפילט שוין,
וואָס ער איז נישט אַליין מיט אַזאַ שטראָף פון גאָט:
„צרות רבים חצי נחמה“
האָט ער דערנאָך דער מאַמען, באַרואיקט, געזאָגט.

אַגב, דערמאָנען וויל איך אויכעט מיין שוועסטער,
נעבעך אַן עקרה געווען איז זי גאָר;
קיינמאָל קיין נחת און טעם פון קינדער
ניט געהאַט, ניט געוואוסט אויף דער וואָר.

נאָר וואָס איז דער חילוק אַצינדערט?
יאָ קינדער, ניט קינדער, ווייניק צי וויפיל:
אומגעקומען זיינען דאָרט אַלע ביז איינעם,
סיי מאַמע, סיי טאַטע, ווי אויך אַ בעל־מטופל.

געמוזט האָב איך נאָכדעם „שוואַרצן“ די גרעניץ —
פון פּאָגראָמען לאַנד אַנטלאָפן;
האָב געוואַנדערט איבער שטעט און לענדער,
ביז כ'האָב געפונען אַ זיכערן האַפן.

איז גוט אַכטש וואָס מיך האָט דער גורל פאַרוואָרפן
אין דעם לאַנד פון די „פרייע און בראַווע“,
געאַרבעט דאָ שווער, געביטן פּרנסות;
געווען רירעוודיק און ניט ווייניק זשוואַווע.

איבערגעטאָן כלערליי מלאכות:
אַ פּאַרבער, אַ בויער, אפילו אַ פּאַרמער;
אַ קאָלאָניע געשאַפן, אַ יידישע „קלאַריאָן“,
געווען דאָרט אַ לעבן אַ שווערער, אַ האַרבער!

געווען בין איך איינער פון צוועלף פיאָנערן,
פון די ערשטע דעם ווירגיניש באָדן באַטראָטן:
דאָס „בראַש־לאַנד", דאָס ווילדע, צוערשט אויפגעבראָכן
און אויך זיך אַליין איבערגעקנאָטן.

געווען זיינען מיר דאָרטן שוין זעכציק משפחות,
און געפילט האָבן מיר היימישער, אייגענער, יידישער;
גע'יום־טוב'ט, געפייערט אויך שרייבערישע אָוונטן,
אָפטער געפילט דאָרטן פריידיקער, קינדערשער.

איינגעלעבט זיך אין דער דאָרטיקער ווילדערניש,
צום וועטער, צו סביבה און אַרומיקן קאַנט;
אויף „בראַנקעס" געריטן ווי הי־געבוירענע,
געווען גרייט צו צעברעכן די שטיינערנע וואַנט!

געוואָלט האָבן יידן לעבן צוזאַמען;
פון פראַצע פון שווערער, פון אַרבעט ביי ערד;
אַ ישוב אַ נייעם, מיט יידיש בעיקר —
האָט ווילדע נאַטור אונדז ניט ווייניק געשטערט:

שטורעמס און ווינטן, שנייען און פרעסט,
האַרט ביים מדבר פון גרויס יוטאַ־טאָל;
צומאָל נישט קיין וואַסער פאַר קינדער צום טרינקען,
דאָך, גייסט נישט צעבראָכן — אייזן און שטאָל!

אַזוי האָט מען זיך געראַנגלט, צווישן צווייפל און האָפנונג,
נישט געוואָלט האָט מען אַוודאי ס'זאָל אַלץ גיין פאַרלאָרן!
האָט'ן געפּרואווט און געפּלייסט זיך, אפשר און טאָמער
וועט מען דאָך זיך צו עפּעס דערשלאָגן.

אָבער, ס'האָט ניט געהאָלפן זיך קליגן און דרייען —
אַ טרוקענעם באָדן געקראָגן.
אונדזער פראַצע, עקשנות און יוגנט־חלומות
האָבן מיר אויף די פּריריס און מדבר פאַרלאָרן.

געוואָרן איז . . .

אויס מיטן ישוב — אַ טעות אין חשבון ;
נישט געבליבן קיין מוט מער פאַר פראָבן !
אַוועק קריק יעדער איז, אויף אייגענע אַחריות
צו שטאָטישע פרנסות און רייכטום דערווערבן.

אָט זע איך איז איינער אַ קרעמער געוואָרן ;
אַ צווייטער גענומען זיך העמדער צום נייען ;
אַ דריטער מיט עופות גענומען צו האַנדלען ;
אַ פערטער, גענומען געשעפטן צו דרייען. . .

דאָס איז דער גורל פון אונדזערן אַ יידן,
וואָס קאָן נישט און וויל נישט ביי יענעם צו שקלאַפן,
און זוכט צו פאַרבעסערן זיין היינט און דעם מאָרגן,
טאָ זאָל אים גאָט דערפאַר קיינמאָל נישט שטראָפן.

„לא על הלחם לבדו יחיה האדם“—
נישט מיט ברויט אַליין לעבט דער מענטש !
פאַרנעמט מען זיך אויך מיט קולטור און קהל,
טאָ זאָל אַזאַ איינער נאָר זיין געבענטש !

— — — — — — — — — — — — —

דערציילט אַ קאַפּיטל פון קאַמף און פון שטרעבן,
האָט אַ יידישער־ייד איך, אין שפּאַן פון זיין לעבן. . .



# מיין דאַנק:

צום י. פרידלאַנד בוך־קאָמיטעט, מיט דעם חשובֿן קולטור־עסקן, יצחק סאַפּיאַן, בראש, אַלס פֿאָרזיצער; מײַן גוטע חבֿרה, מיני שוואַרץ, סעקרעטאַרין; די טײַערע חבֿרים, יוסף ווײַנמאַן און שלמה צוקערמאַן; די דיכטער: פּינטשע בערמאַן, ז. בונין, מאָטעס דײַטש, יצחק נײַמאַן, און אַלע חבֿרים און חבֿרות, וועלכע האָבן מיט זייער געטרײַשאַפֿט דערמעגלעכט די דער־שײַנונג פֿון דעם בוך „אין טעג פֿון געראַנגל."

אַ באַזונדערן דאַנק פֿרײַנט שמחה גילדער, פֿון דער „אַטלאַס טײַפּסעטינג"; דעם קינסטלער בצלאל מלחי, פֿאַר דער צייכענונג פֿון שער־בלאַט, און יעקבֿ סינדעלמאַן, פֿאַר דעם פּאָרטרעט. אײַך אַלעמען מײַנע וואַרעמסטע ברכות און האַרציקן דאַנק.

י. פרידלאַנד